# אינהאַלט:

## עטלעכע ווערטער אַלס הקדמה!

זייט

זייט

זייט

# דער יידישער וועג אויף דער מעקסיקאַנער פּראָווינץ

## 30 יאָר יידישער געזעלשאַפטלעכע אַרבעט
## אין מאָנטעריי, נ. ל. — מעקסיקע

היסטאָרישע פאַקטן איבערגעגעבן און אַ ליטעראַריש הומאָריסטישן סטיל



מאיר ראַפּאָפּאָרט

שיין ביסטו יוגנט; דיך שרעקט ניט אַוואַנטיורעס;
שטאָלץ שפּאַנסטו מוטיק צום אַלמענטשלעכן פּראָגרעס,
געוואָרצלט. אין קולטור, פון הונדערטער דורות,
נעמסטו אַריין נייעס מיט אידישן פאַרמעסט!!!

## עטלעכע ווערטער אַלס הקדמה.

מיר אידן האָבן שטענדיק געהאַט אונדזערע שומרים לבקר, וואָס אונטער אַלע אומשטענדן האָבן זיי פעסט געגלויבט: אַז אונדזער ליכטיקער פרימאָרגן וועט צוריק אָנהייבן צו שיינען אין אונדזער אייגן לאַנד.

און קומענדיק אין פאַרשידענע ערטער האָט דער איד ענער־גיש געאַרבעט פאַרן וואוילזיין פון דעם לאַנד וואָס האָט אים אַריינ־גענומען.

און ביי זיך אַ אידיש ווינקל געשאַפן!, כדי נשמהדיק גייסטיק זיך אידיש אויסצולעבן.

ער האָט באַוויזן: אויסדויער און געדולד, שפּאָרזאַמקייט און מאָראַלישקייט, און טריט ביי טריט זיך דערהויבן.

געגרינדעט פאַבריקן געשאַפן קאָמערציע, געבויט שיינע הייזער צום נוצן פון לאַנד.

און אַז מען בויט אַ בנין צעשטעכט מען זיך אויך די הענט פון די שפּיציקע שטיינער וואָס מען טראָגט צום בנין.

ביי יעדן אויפבוי האָט דעמאָלט געמוזט זיין קרבנות און אָנ־שטרענגונג.

די עפּאָכע איז דעמאָלט געווען פאַרסמט מיט אידנהאַס. און שנאה איז שטאַרקער פון ליבע!, ווייל עס איז גרינגער זי דורכצו־

פירן, און צו אין שטייט איז דער ערשטער אידישער טויט פאל גע־
ווען אויף א אומנאטירלעכן אופן, האט דאס אלעמען שמערצלעך
ווייגעטון.

אבער דער איד האט נישט פארצווייפעלט און זיין יידיש לעבן
ווידער געבויט.

די נייע ערד האט פארשלינגען מענער יונגע, פול מיט לעבן און
אידישן באוואוסטזיין, יונגע אידישע מוטערס וואס האבן צו איינ־
ציקע אידישע קליינע יתומימלעך איבערגעלאזט, און אויך קליינע
קינדער פון שול עלטער, האט די נייע ערד פארשלינגען.

און די איבערגעבליבענע האבן אלע געקריינקט מיט ווייב און
קינדער און געליטן פון שנאת ישראל. דאס אלץ איז געווען ביים אנ־
הויב פון שטעלן זיך אויף די פיס אינם נייעם לאנד.

האט דער איד אין זיך אויפגעוועקט זיינע מדות טובות: הכנסת
אורחים אהבת ישראל, אפילו ביז מסירת נפש פאר אידישקייט, וואס
קומט אפילו נישט צוזאמען מיט גרויס לומדות, נאר מיט א פעסטן
ווילן צו המשך.

און אויב די צייט צערייבט צעמאלט געוויסע טיילן פונם אידן,
איז פונם שטארקן ווילן צו המשך, ווערט עס פארוואנדלט: ווי דער
קערנזוימען אין דער מוטער ערד, וואס זי צעווייקט אים און צעשפאלט
אים, און א יונג שיין בוימעלע רוקט זיך ארויס אויף דער אויבער־
פלאך, מיט דעם זעלביקן קאליר און געשמאק ווי דער בוים פון וועלכן
דער קערן איז גענומען געווארן.

און דאס איז דער לעבעדיקער אינהאלט פון דעם שאפן דאס אי־
דישע שטעטל אין מעקסיקע, ווי עטלעכע און דרייסיק בחורים, האבן
א שיינעם קולטורעלן בנין אויפגעבויט, רעליגיעז נאציאנאל, מיט א
אידישער שולע, די ערשטע אויף דער פראווינץ אין מדינת מעקסיקע.
איך האב געהאט דעם כבוד צו ארבעטן פאר דעם אויפבוי פון

די אַלע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, און צו זיין סעקרעטאַר אין אַלע פאַרוואַלטונגען.

און אַלע זייטיקע שטריכן פון אַלע פּאַסירונגען זענען ביי מיר — פאַרצייכנט געוואָרן.

און אַזוי וועל איך זיי אין אַ ליטעראַרישער פאָרמע, איבערגעבן, מיט דער האָפנונג: אַז עס וועט פאַראינטערעסירן יעדן אידישן לע־זער.

און דאָס וועט זיין מיין גרעסטע באַלוינונג.

מ. ר.

# איך פאָר קיין מעקסיקע

— זייט געזונט!

— פאָרט געזונט!

איך זעגן זיך אין גאַס מיט מיינעם אַ פריינט, אַן עלטערן אידן, מיט וועמען איך פלעג זיך צוויי מאָל אין טאָג באַגעגענען.

— וואוהין פאָרט עס אַ איד — פרעגט ער מיך.

— קיין מאַסקווע — ענטפער איך אים.

— קיין מאָסקווע? — זאָגט ער — צו די „סאַראַק סאָראָקאָוו", פערציק מאָל פערציק קלויסטערס וואָס איז מיט אייך? עס האָט זיך אייך פאַרבענקט צו הערן דעם אומגעלומפערטן רעש פון זייערע גלעקער?

— ניין, נישט צוליב דעם פאָר איך — זאָג איך אים. מען האָט מיר געגעבן אַ דערלויבעניש צו אַרויספאָרן קיין אויסלאַנד און מען האָט מיר געעצהט צו פאָרן קיין מעקסיקע. פאָר איך איצט קיין מאָסקווע צו נעמען די וויזע אין מעקסיקאַנער קאָנסולאַט און אויך כדי דעפיניטיוו צו מעלדן דער רעגירונג וועגן מיין אַרויספאָרן פון לאַנד.

— פלאַי פלאָים — זאָגט דער פריינט מיינער. צו וואָס פאַראַ ציַיטן מיר האָבן דערלעבט. אַמאָל האָט אין מאָסקווע אַ איד דעם נאָז נישט געטאָרט אַריינשטעקן, סיידן ער איז געווען אַ „פערווי געל-

דיע קופּיעץ" וואָס האָט צענטליקער יאָרן געצאָלט הויכע שטייערן און היינט — אַ איד געבוירן אין באַרדיטשעוו וואָס האָט גאָר קיינמאָל נישט געחלומט וועגן מאָסקווע, פאָרט אַהין פראַנק און פריי.

—וואָס מיינט איר — ענטפער איך אים — דאָס לעבן שטייט אויף איין אָרט? היינט איז שוין דאָס יאָר 1924, נאָך אַ בלוטיקער וועלט-מלחמה און נאָך דעם ווי טיראַנען מיט זייערע טראָנען זיינען אַראָפּ אין פינצטערן אָפּגרונט, האָט איצט אַ איד די מעגלעכקייט צו פאָרן קיין מאָסקווע. און איך וועל זיך טאַקע דאָרטן זען מיט מיינע פעטערס, די פוטער-סוחרים, די פערוווי גילדיע קופּצעס, וואָס האָבן נאָך ביים צאַרישן רעזשים געמעגט וואוינען אין מאָסקווע, אָבער מיר קומט אָן דאָס זיין אין מאָסקווע פיל ביליקער.

— איך זעגן זיך מיט מיין אידישן פריינט און ער זאָגט מיר:

—נו, מילאַ, טאָ פאָרט געזונטערהייד, נאָר נעמט מיט אייער טלית און תפילן.

צומאָרגנס, אויפן וואָקזאַל, געזעגן איך זיך מיט מיינע טייערסטע און ליבסטע פון מיין משפחה. פון קליינעם פענצטערל פון וואַגאָן קוק איך זיך איין אין זייערע טרערן און מיין האַרץ ווערט שיעור נישט צעשפּרונגען. עס שניידן זיך מיר איין אין מוח זייערע פאַרטרערטע אויגן, ביז דער פייף פון לאָקאָמאָטיוו מיט אַ טייוולשער קראַפט רייסט מיך אַוועק פון זיי און טראָגט מיר אַוועק קיין מאָסקווע.

# איבער דער ברייטער וועלט

פון מאָסקווע בין איך געפאָרן ביז סעבעזש, האָלאַנד, וואו איך האָב גענומען די שיף צו פאָרן קיין מעקסיקע.

דאָס טומלעניש פון די באַנען און די באַגעגענישן מיט נייע מענטשן האָבן דאָך נישט געקענט שטילן אין מיר דעם צער פון דער לעצטער טרויעריקער סצענע פון צעשיידונג מיט מיינע איי־גענע.

אַ טרייסט־געדאַנק קומט מיר אין קאָפּ: איך וועל זיי דאָך אַלע־מען איינגיכן צו זיך אַריבערנעמען...

---

אויף דער שיף האָב איך זיך באַגעגנט מיט נאָך רוסישע אידן, וואָס זיינען געפאָרן קיין מעקסיקע און קיין קובאַ. עס איז געוואָרן אַ אידישער קרייז, וואָס האָט זיך געהאַלטן צוזאַמען נאָנט, גע־באָרגט זיך ביכער, געזונגען אידישע לידער א. א. וו. איין עלטערער ציוניסט האָט מיט אַ באַזונדער שטאַרקן געפיל אויסגעזונגען דאָס ליד „אין דער סאָכע ליגט די מזל ברכה". אידישע קינדערלעך האָבן געזונגען „גרויסער גאָט, מיר זינגען לידער". און אַזוי דורכמאַכנ־דיק לאַנגע וואָכן מיט שלאָפלאָזע נעכט זיינען מיר אָנגעקומען קיין וועראַקרוז, מעקסיקע.

גאַנץ העפלעך האָט מען אונדז אין שטאָט אַראָפּגעלאָזט און מיר האָבן באַלד גענומען דעם צוג קיין מעקסיקע, צו דער הויפּט־שטאָט.

דער וועג פון ווערא־קרוז קיין מעקסיקע איז זייער אַן אינטע־רעסאַנטער און שיינער, איך בין אָבער געפאָרן ביינאַכט און דער־פאַר דעם וועג נישט געזען. איך בין געזעסן ווי אַ שטומער און מיט קיינעם קיין וואָרט נישט אויסגערעדט צוהערנדיק זיך בלויז צו דעם מאָנאָטאָנעם קלאַפּן פון די רעדער. און אינדערפרי האָב איך זיך דערפרייט, ווען אויף דער באַן־סטאַציע האָבן אונדז דערוואַרט פאָר־שטייער פון אַמעריקאַנער „בני ברית" מיטן הער גמזו ע"ה בראש. מען האָט מיך זייער פיין און פריינטלעך אויפגענומען און אָפּגע־פירט אויף דער גאָס מינא, אין גאַסטהויז פאַר די נייע אימיגראַנטן. מיך דאַנקבאַר בין איך געווען נישט נאָר פאַר דער ריינער בעט און צייטווייליקן עסן, נאָר אויך פאַר דער אמתער ברידערלעכער באַ־ציאונג, וואָס מען האָט מיר אַרויסגעוויזן. איך האָב זיך איבערצייגט, אַז איך בין נישט עלנט, נאָר צווישן ברידער, מיט וואַרעמע הער־צער, וואָס ווילן מיך מיט אַרבעט און מיט אַ בכבודיקן לעבן באַ־זאָרגן. דערווייל האָב איך דאָרט געטראָפן נאָך יונגעלייט וואָס האָבן געלערנט אין ישיבות, וואָס האָבן געקענט העברעאיש און באַזונ־דערס — אויך פיל באַגייסטערטע אידישיסטן. און עס איז געוואָרן היימישער פון אונדזערע שמועסן. יעדער האָט פאַרטיידיקט זיין איי־גענע אידעאָלאָגיע. מיר זיינען אַלע געווען יוגנטלעך־פרייליך און מען האָט גאָר פאַרגעסן צו טראַכטן עפּעס וועגן אַ תכלית.

גראַדע ביים עסן צערעדט מען זיך, אַז מען דאַרף דאָך פאַר־דינען אויפן עסן. און שמועסנדיק איינמאָל מיטן הער גמזו, האָט ער מיך געראָטן צו פאָרן אַרבעטן אַלס אידישער לערער אין אַ מעק־

סיקאַנער פּראָווינץ־שטאָט. קיין פולע פּרנסה וועל איך טאַקע פון דעם נישט האָבן — האָט ער מיר געזאָגט — אָבער דערפאַר וועל איך זיך באַקענען מיט דער שפּאַנישער שפּראַך. און אויב אפילו צו ווערן אַ פּעדלער, לוינט זיך דאָס בעסער אויף דער פּראָווינץ.

איך האָב דעם פאָרשלאַג אָנגענומען און איך בין געפאָרן אַר־בעטן אַלס לערער אין דער גרויסער פּראָווינץ־שטאָט מאָנטעריי. קיין באַדינגונגען צו שטעלן האָב איך נישט געוואוסט. איך האָב זיך באַגנוגנט, אַז מען האָט מיר נאָר צוגעזאָגט, אַז מען וועט מיר מיט יושר באַהאַנדלען. אַלס אַ איד מיט בטחון האָב איך דאָרט אַ פּאַסטן אָנגענומען.

טראָגט מיר שוין ווידער די באַן מיט איר רעשיקן קלאַפּן און שלענגלט זיך אַרום הויכע בערג און קאָרטשעט זיך איין אַזוי רונד, אַז קוקנדיק פון וואַגאָן־פענצטערל זעט מען דעם ערשטן און גלייכ־צייטיק דעם לעצטן וואַגאָן. און אָט ציט זיך דער צוג אויס ווי אַ גלייכע סטרונע און קלעטערט אַלץ העכער און העכער אויף די הויכע בערג. און אַזוי אַראָפּקוקנדיק פון דער הויך אין דער טיפענישׁ פון דעם טאָל, טראַכט איך זיך, אַז אין אַזאַ טיפעניש קענען נאָר שלאַנגען און אַנדערע רעפּטילן לעבן. איך קוק זיך בעסער איין און זע שוואַרצע שאָטנס ווי פלעקן באַוועגן זיך דאָרטן צווישן הויכן גראָז. דערווייל לאָזט זיך אַראָפּ דער צוג נידעריקער און איך זע, אַז פון די שוואַרצע פלעקן ווערט אַ פּאַסטוך מיט ציגן וואָס שפּאַ־צירן זיך אַרום אין די טיפענישן פון דעם הויכן גראָז. ווען דער צוג קומט צו צום פלאַכלאַנד, זעט מען קליינע שטרעקעס מיט פּאַלמעס אויסגעצויגענע גלייך ווי מענטשלעכע גופים. און די אַראָפּגעלאָזע־נע קורצע בלעטער וואָס הענגען שטייף איבער זייערע שטאַמען זעען אויס ווי אָנגעטוענע כאַלאַטן אויף די גלייכע שטאַמען. און נאָר אויבן, אויף דעם שפּיץ בוים איז דאָ אַ קיילעכדיקער קנויל

פון שמאָלע קורצע פּאַלמען־בלעטער וואָס זעען אויס ווי אַ קאָפּ אָנ־געטאָן אין אַ ברייטן מעקסיקאַנער הוט. מאָדנע זעען אויס די פּאַל־מעס פון דער ווייטנס: צוויי פּאַלמעס, וואָס שטייען נאָנט איינע פון דער אַנדערער, זעען אויס ווי צוויי מענטשן וואָס רעדן זיך דורך. און אָט שטייט אַ פּאַלמע, שוין העכער געוואָקסן און ביי אירע זייטן דריי קליינע פּאַלמעלעך מיט רונדע קנוילן־קעפּעלעך און עס זעט אויס ווי אַ מוטער וואָס האַלט אויף אירע הענט אירע קליינע קינ־דערלעך און זיי טוליען זיך צום קערפּער פון דער מוטער. אויף אַ צווייטן פּלאַץ זעט מען אַזאַ פּאַלמע מיט אַ קליינעם צווייגעלע ביי דער זייט און עס זעט אויס ווי דאָס רונדע קעפּעלע פון אַ קינד וואָס זויגט פון דער מוטערס ברוסט.

די באַן פּאָרט ווייטער און דער טאָג גייט אַוועק ווי דער רויך. די נאַכט ציט זיך זייער לאַנג ביז די גרויע טאָגליכט־שטראַלן זיך העלער, איבער די קליינע וואַגאָן־פּענצטערלעך. אַ באַוועגונג פון פּעקלעך גיט צו וויסן, אַז מיר זיינען שוין אָנגעקומען.



מאיר ראַפּאָפּאָרט

קומענדיק קיין מאָנטעריי 4־טן דעצעמבער — 1924.

# אין מאָנטערײ

זײער פרי בין איך געקומען אין שטאָט. עס איז נאָך געווען בלויִלעך טונקל אויפן האָריזאָנט. קוקנדיק אויף אַלע דרײ זײטן פון שטאָט. טראַכט איך זיך: זאָל עס דער הימל דאָרטן זײן אַזוי שטאַרק פאַרוואָלקנט? אָבער איך זע, אַז די פלעקן ווי די שוואַרצע וואָלקנס זײנען עפּעס צו פּלאַנמעסיק אײנגעטײלט און שטאַרקער אײנקוקנ־דיק דערזע איך, אַז דאָס זײנען ריזיקע בערג וואָס גרײכן מיט זײע־רע קעפּ אין די וואָלקנס און אַזוי ווי ווענט נעמען זײ אַרום דרײ זײטן פון דער שטאָט.

פאַרגאַפט פון דעם אויסערגעוויינלעכן בילד פון נאַטור־שײנ־קײט נעם איך מײן קלײן פּעקעלע אונטערן אָרעם און גײ אַוועק ווײט פון דעם רווישנדיקן וואָקזאַל־פּלאַץ אין דער ריכטונג פון די שײנע ריזיקע בערג. איך הויב זיך אָן אײנצוקוקן באַזונדערס אין דעם מזרח־בארג, וואָס הײבט זיך אַרויס מיט צוויי האַלב לבנהדי־קע שפּיצן צו די וואָלקנס.פון אײן זײט, קוקנדיק אויף אים, זעט ער אויס ווי אַ ריזיקער קעמל מיט צוויי האָרבן, אָדער ווי אַ ריזי־קער אָנגעזאָטעלטער פערד אויף וועלכן עס פעלט אַ רײטער. דער־ווײל טו איך זיך אַ טראַכט, אַז מיר פעלט איצט אויך אַ פירער, אַ וועג־ווײזער אָבער אויף דעם באַרג פאַרן איצט רײטנדיק קלײנע




דער גרויסער באַרג לאַ סיאַ — אָדער זאָטל באַרג אין

מאָנטעריי, נ. ל. מעקסיקע.

ווייסע וואָלקנדלעך וואָס האָבן זיין קאָפּ ווי מיט אַ ווייס היטעלע צוגעדעקט.

איך לאָז זיך גיין נענטער צום באַרג און גרעסער דערשיינט פאַר מיר זיין ריזיקער בויך, וואָס האָט זיך מעשה ברייטער באַלע־באָס צעלייגט אין דעם רחבותדיקן רוים עס הויבן זיך אַרויס קליינע בערגלעך וואָס ציען זיך אין דער לענג ווי אַ שלאַנג, אַלץ דינער און דינער. דאָס פּעקל מיינס ליגט לעבן מיר אויף דער ערד. איך פיהל ווי די זון וואַרעמט. עס בלאָזט אַ מילד ווינטל. קליינע ווייסע וואָלקנדלעך פון שפּיץ באַרג באַוועגן זיך דורכן ווינט ווי צעדריבלטע וואטע. צעריסן און צעקראָכן ווערן זיי אין דעם הימל־רוים, מאַכנ־דיק שאָטנס אויף די מיט זון־באַלויכטענע טיפע באַרג־פאַלדן, פאַר־מירנדיק פאַרשידענע פיגורן, אַן אמתער צל ההרים.

אָבער מיטאַמאָל זע איך זיך אַרום, אַז איך בין שוין צו ווייט אַוועק אויסער דער שטאָט. איך האָב מיט קיינעם נישט געקענט זיך צענויפרעדן און רעדן אויפן וואונק איז אַ גרויסע אַפּקומעניש. נאָר זעענדיק די פריינטלעכקייט פון די מענטשן, ווי זיי באַמיען זיך מיר צו אַרויסהעלפן און זייער באַדויערן וואָס איך פאַרשטיי זיי נישט — איז מיר ליב געוואָרן דאָס לאַנד און די מענטשן. איך האָב גע־האָפט, אַז איך וועל קענען אין זיי געפינען גוטע פריינט. נאָר דאָ, נאָנט פון די בערג, זעט מען נישט קיין מענטשן. לאָז איך זיך גיין צוריק אין שטאָט.

אויף די גאַסן איז געווען אַ רואיקע באַוועגונג. ריינקייט און פרישקייט ווי פון נאָר וואָס באַגאָסענעם וואַסער און די אָנגענעמע באַרג־לופט האָבן דאָס גיין פאַרוואַנדלט אין אַ שפּאַציר. איך וויל אָבער דאָך געפינען אַ אידן. דערזע איך אויף דער צווייטער זייט גאַס אַ הויכן יונגערמאַן מיט אַ גרויסן פּאַק פאַרשידענע סחורות.

ער לאָזט זיך גיין גלייך צן מיר. איך דערפיל באַלד אַ וואַרעמע האַנט אין מיינער און די העברעאישע ווערטער:

— שלום עליכם, אדון נכבד.

ווי די שענסטע מוזיק האָבן פאַר מיר געקלונגען די פּאָר ווער־טער. איך האָב זיך דערפרייט מיט דעם בחור ווי אַ דורשטיקער מיט וואַסער אין אַ ברענענדיקן מדבר. ער האָט באַמערקט מיין פּעקל און געזאָגט צו מיר:

— איר האָט נאָך דערווייל אַ קליין היימיש פּעקעלע. איך אָבער טראָג שוין פּעקלעך מיט מער „היזיקע" צרות און אינגיכן וועט איר אויך אַזאַ פּעקל טראָגן.

איך דאַנק אים פאַר זיין גוטן וואונטש און ווייז אים דעם אַדרעס וואָס מען האָט מיר געגעבן אין מעקסיקע. באַלד שטעלט ער אָפּ אַ בריטשקע מיט אַ פערדל און זאָגט מיר:

פאָרט טאַקע צו דעם אידן. ביי אים וועט איר טרעפן כמעט אונדזער גאַנצן אידישן ישוב. ער איז דאָ דער עלטסטער תושב און יעדער נייער אימיגראַנט גייט דורך זיין הויז.

איך דאַנק אים און זעגן זיך מיט אים. פאָרנדיק באַטראַכט איך די גאַסן. זיי זיינען ריין און אויפגערוימט. די באַוועגונג איז אַ גע־מיטלעכע, אָן טומל און אָן אימפּעט, ווי איך האָב דאָס געזען אין די גרויסע שטעט וואו איך האָב געוואַנדערט. מיין וועג־פירער שטעלט אָפּ דאָס פערדל און מיינע פּעקלעך ליגן שוין ביי דער טיר.

# די ערשטע באַקאַנטשאַפֿטן

אַ אידיש אינגעלע עפֿנט מיר די טיר און שרייט אוים פֿריילעך.

— מאַמע, דער לערער איז געקומען.

עס באַווייזט זיך אַ פֿרוי מיט זייער אַ פֿריינטלעכן שמייכל און עס זעט זיך גלייך, אַז זי איז פֿון די רחמנים בני רחמנים. דריי אינגעלעך און צוויי מיידעלעך, מיינע צוקונפֿטיקע תלמידים רינגלען מיך אַרום. אָבער אויף מיין שלום עליכם ענטפֿערן זיי מיר אין שפּאַניש. אָבער איך האָב דאָס פֿאַרשטאַנען.

מען קלינגט אין טיר. אַלע קינדערלעך לויפֿן עפֿענען און דערזעענדיק, אַז זייער פֿאָטער קומט אָן, שרייען זיי איינער העכער פֿון דעם צווייטן:

— פּאַפּאַ, פּאַפּאַ! דער לערער איז געקומען.

מיט אַ ברייטהאַרציקן שמייכל און „שלום עליכם" ווער איך באַגעגנט פֿון הער דוד שאַפּיר, אַ איד אַ הויכער, אַ ברייט־פּלייציקער, מיט אַן ערנסטן פֿאַרהאַרטעוועטן פּנים. נאָר ווי ער הייבט אָן צו רעדן, גייט דער שמייכל פֿון זיין פּנים נישט אַראָפּ. און אַזוי שמייכלענדיק שטעלט ער מיר פֿאָר זיין פֿרוי בערטאַ (ברכה) לויבנדיק איר, אַז זי איז טאַקע אַ ברכה פֿאַר יעדן, פֿאַר די קינדער און פֿאַר אַלעמען.

— אַמשטאַרקסטן צופרידן בין איך אָבער אַליין — זאָגט ער מיר — אַז עס קומט צו מיר אַ גאַסט, דערמאָן איך זיך אין די מאַטערנישן וואָס איך האָב זיך אָנגעליטן בעת מיין וואַגלעניש, ביז איך האָב מיין אייגענע היים זיך אויפגעשטעלט. איר בלייבט איצט ביי אונדז אויף מיטאָג, ווייל דערויף האָבן מיר שוין אַ חזקה. אַלע אידן וואָס זיינען דאָ איצט פאַראַן זיינען דורך מיין הויז דורכגעגאַנגען און מיט אייך האָף איך נאָך צו האָבן מער באַציאונג, נאָנטקייט און פריינטלעכקייט ווי צו סתם אַ אידן.

איך דאַנק אים פאַר זיין גאַסטפריינטשאַפט, זאָגנדיק:

— איינע פון די שענסטע אידישע מדות האָט איר זיך אויסגעקליבן. אַ ניי־אָנגעקומענער וועט עס האָבן אויף יאָרן צו געדענקען. איר פאַרפלאַנצט דאָ די מדה אויפן שענסטן אופן.

— אָ, אָ, איר דאַנקט שוין? — האָט שאַפיר געזאָגט מיט אַ שמייכל. איידער איר האָט נאָך עפּעס פאַרזוכט ביי אונדז דאַנקט איר שוין. טאָ פונוואַנען איז אַזאַ דאַנקבאַרער איד.

— פון מדינת רוסלאַנד, פון דער שטאָט באַרדיטשעוו.

— כאַ, כאַ, כאַ! — האָט שאַפיר זיך צעלאַכט — אָט האָב איך שוין מיט אייך גאָר גוט געטראָפן. ניט נאָר וואָס איר זיינט מיינער אַ „זעמליאַק", נאָר מיר זיינען טאַקע אויך נאָנטע שכנים. איך בין פון קאַלינאָווקע. אַלזאָ, איר זיינט אַן אורח אַ נאַש בראַט, ווייל אַ סקאָרינקע פון שוואַרצן ברויט, באַריבן מיט קנאָבל, מיט זויערן באָרשטש האָט איר דאָך אין רוסלאַנד געוויס געגעסן. דאָ איז עס איינע פון די טייערע מציאות וואָס דאָ איז שווער צו באַקומען. נאָכמאַכן קען מען עס דאָ אויך, אָבער עס טויג נישט. עס איז נישט די מעל און ס'איז נישט דער טעם, נישט דער נאַטירלעכער געשמאַק וואָס איך האָב געפילט עסנדיק עס דאָרטן. איך האָב ליב, אַז אַלץ זאָל זיין נאַטירלעך־עכט: אַביסעלע בראָנפן און טאַקע רו־

סישער, ווייל רוסישער איז פאַרט דער בעסטער. דאָ איז אויך פאַ־ראַן געגוג בראָנפן און וויינען, אָבער ווי קומט עס צו אַ גלעזעלע בעסאַראַבער טייערן ווין איך זאָג אייך, אַז עס איז מיר שוין פריי־לעך ווי יענע חסידים וואָס כאַפּן שוין אַ טענצל, ווען זיי רעדן גאָר וועגן אַביסעלע בראָנפן.

— אַזוי רעדנדיק מיט אייך — האָט ער ווייטער פאָרגעזעצט — דערמאָן איך מיר יענע פריילעכע צייטן וואָס עס פלעגט זיך דאָן ביי אונדז אָפּשפּילן ביי אַ גלעזעלע משקה! יונגע ווילדע ציגן זיינען מיר געווען. נישט איבערקלייבעריש אין זאַכן, אבי צו זיין פריי־לעך. וואָרום וואָס האָט איר דען דורכגעלעבט אין פאַרגלייך מיט מיין יוגנט? פון קליינערהייד אָן האָב איך געהאַט אַ חבר, זעליק דער צוקלאַפּער. ער איז געווען אַ קאַוואַל, אַ יונג מיט ביינער. אַז ער האָט געאַרבעט פלעגט ביי אים פון קאַלטן אייזן פייער שפּריצן. מירביידע זיינען געווען די אמתע צוויי יאַטן. אַלע האָבן געהאַט פאַר אונדז דרך ארץ, סיי אידן און סיי גויים. אַז עס פלעגט זיך עפּעס מאַכן אויפן מאַרק־טאָג און גויים האָבן געוואָלט אַ הוליע טאָן אויפן אידישן חשבון, פלעגט מען אונדז אַ רוף טאָן און אַז אַך און ווי איז געווען צו דעם גוי אויף וועמען מיר האָבן אַראָפּגע־לאָזט אַ האַנט. איך אַליין האָב געקענט אַ קלאַפּ טאָן אַ גוי איבערן קאָפּ און ער איז, לעבן מיר, שטייענדיק איינגעזונקען געוואָרן אין דער ערד, איבער די אויערן, אַזוי גרינג ווי מען קלאַפּט אריין אַ טשוואָק אין אַ פּאָדקאָווע. דערפאַר האָבן אַלע געהאַט דרך ארץ פאַר מיר. אָבער פאַרן רב פון אונדזער שטעטל האָב איך אַליין גע־האַט דרך ארץ און איך האָב אויך געלערנט אַנדערע צו האָבן דרך ארץ פאַרן רב. האָט אַמאָל איינער זיך אויסגעדריקט נישט פּאַסיק וועגן רבנים, פלעג איך צו אים אַ מאַך טאָן מיטן פינגער און זיין גליק איז געווען וואָס ער איז געשטאַנען נישט נאָענט פון מיר און

איז אַרוים גלייך דורך דער טיר. נאָכדעם פלעגט מען פון אַזאַ איי־נעם מער קיין פראָסט וואָרט נישט הערן. אָבער מיט דעם גבאי פון אונדזער שול האָב איך איינמאָל געלערנט בלק...

— געווען איז דאָס — האָט שאַפּיר מיר ווייטער דערציילט — שמחה תורה אויף דער נאַכט צו די הקפות. איך קום אַריין מיט מיינע גוטע ברידער אין שול אַריין אינמיטן די הקפות און קען נישט צוזען ווי זיי טאַנצן מיט די תורות און מיטן רב, אַזוי שוואַך, קוים זיי הייבן די פיס. זאָג איך צו מיינע גוטע ברידער: אָט וועלן מיר באַלד נעמען די תורות און ווייזן ווי אַזוי מען דאַרף גיין אַ טענצל. באַקומענדיק די ספרים האָב איך געוואָלט ווייזן אַביישפּיל פאַר אַלעמען ווי אַזוי מען דאַרף טאַנצן מיט דער תורה די ערד האָט אַזש געציטערט אונטער מיינע פיס. איך טו אַ קלאַפּ מיט דער האַנט אין אַ שטענדער און ער איז צעבראָכן געוואָרן אויף שטיקלעך. איך גיב אַ טראַסק אַ צווייטן שטענדער, נאָכדעם אַ דריטן און אַן אויפ־הער, ביז דער גבאי הייבט אָן שרייען: איר מאַכט דאָך חרוב די שול. וואָס דען — ענטפער איך, עס איז דאָך עפּעס היינט שמחת תורה און איך טו אַ וואונק צו מיינע גוטע ברידער און „היידא״ מיר גייען אַרוים מיט דער כאַליאַסטרע פון דער שול. ערשט אין דער פרי ווען איך ליג נאָך און שלאָף קומט צו מיר אַריין מיין חבר זעליק דער צוקלאַפּער און זאָגט מיר: דו ווייסט, דער גבאי האָט געזאָגט, אַז פאַר דער נעכטיקער געשיכטע וועט ער דיר שוין היינט נישט אויפרופן צו דער תורה. מיר גייען ביידע גלייך אַוועק אין שול. איך גיי צו צום גבאי און זאָג צו אים. פאַרוואָס שטייט בהע־לותך מיט אַ חית און תכנת שבת מיט אַ טית? זאָגט צו מיר דער גבאי: ניין, בהעלותך איז מיט אַ כף און תכנת שבת מיט אַ תיו. אַזוי — זאָג איך — און איך וויל, אַז עס זאָל זיין נאָר מיט אַ חית און מיט אַ טית. דערווייל האָט דער רב דערהערט, אַז איך אמפּער

זיך איבער עפּעס מיטן גבאי, איז ער צוגעקומען אין צו מיר געזאָגט: וואָס ווילסטו, דוד? דערציייל איך אים, אַז איך וויל מען זאָל מיר געבן אַ ספר תורה אין שטוב כדי צו מאַכן אַ מנין מיט מיינע גוטע ברי־דער. און טאַטעלע מיינער, מען טראָגט מיר צו אַ טלית און דער גבאי פירט מיך צו צום ארון קודש און הייסט מיר אויסקלויבן וואָס פאַראַ ספר תורה איך וויל. איך קלייב אוים אַ ספר מיט דעם שענסטן מענטעלע און איך גיי צו צו אַן ערלעכן אידן און זאָג צו אים: אַט האָט איר ביי מיר אַ גאַנצן דריי רובלדיקן און קומט צו אונדז דאַוו־נען און לייענען די תורה. איז וואָס זאָל איך אייך זאָגן? אוי, איז דאָס געווען אַ שמחת תורה! ווייַן און בראָנפן האָט זיך געגאָסן אויף דער פּאָדלאָגע. פון אַלע הייזער פון מיינע חברים האָט מען גענו־מען טראָגן פּראקעס, געפילטע העלדזלעך, קוגלען און פלאָדן, גע־פילטע מיט עפּל און ראָזשינקעס. עס איז געווען צום עסן און צום טרינקען. טאַקע אמת יום טובדיק ווי עס פּאַסט פאַר שמחת תורה. מיר האָבן אויך אַריינגענומען ווייבער און קינדער אין אונדזער קאָמפּאַניע. טענץ זיינען געפלויגן, אַז קיין גאַנצע פענצטער און קיין גאַנצע שויב איז נישט געבליבן אין שטוב. רב ברוך גלעזער האָט געהאַט אַ גוטן טאָג נאָך יום טוב. איך האָב ליב געהאַט צו געבן יעדן איינעם צו פאַרדינען. אַליין אַן אַרבעטער, האָב איך גע־וואוסט ווי צו באַהאַנדלען אָרנטלעך יעדן אַרבעטער. אָבער דאָס האָט געהייסן געלערנט דרך ארץ. איך וואָלט איצט באַדאַרפט זיין אין רוסלאַנד. איך האָב געהערט, אַז מען רעכנט זיך איצט דאָרט אָפּ מיט די פּאָגראָמשטשיקעס און איך וואָלט מיט זיי געמאַכט קורץ און שאַרף: איך וואָלט זיי אָנגעריבן די פּיאַטעס מיט קנאָבל און געשיקט כאַפּן פיש אין שוואַרצן ים...

— ניין, רייס איך אים איבער אין מיטן — מען ווייסט שוין דאָרטן מיט זיי וואָס צו טאָן. וואָס זשע, איר ווילט דאָרט אויך איצט לערנען מיט זיי דרך ארץ?

— אוודאי און אוודאי, איך בין דאָך עפּעס אַ געוועזענער קאַוואַלעריסט און איך וואָלט איינגעפּירט די אמתע דיסציפּלין. די שלעכטע גויים וואָלטן ביי מיר צעזעצט געוואָרן. יאָ, איך בין געווען אַ קאַוואַלעריסט, אַ יונג, אַ דעמב, דערצו מיט אַ קנאַקעדיקן אוניפאָרם: דאָס היטעלע אויף דער זייט, די שטיוועלעך אָפּגעפּוצט, די מעשענע בידקעס פון מיין שיניעל אויסגעגלאַנצט נאָר זיך צו שפּיגלען אין זיי. מיין פערד ריין און צוגעשוירן. דער קאָמאַנדיר פלעגט דורכפאָרן אַלע טאָג אויף זיין סמאָטר אונדזער עסקאַדראָן און ער פלעגט צו מיר אַ זאָג טאָן „זדאָראָוו מאָלאָדיעץ", אַז מיין שכן מיטקא לאַפּטעשעוו פלעגט צעזעצט און צעשפּרונגען ווערן, קוקנדיק אויף דעם. די גויים פלעגן כסדר זוכן מיר צו אָפּטאָן אַ שפּיצל. איין מאָל האָט מען מיר באַשטימט ביינאַכט צו אָפּהיטן אַ געווער-סקלאַד, וואָס איז געשטאַנען נאָנט פון אַ קלויסטער. און זיי האָבן מיר אָנגעשראָקן, אַז רוחות און שדים לויפן דאָרט אַרום אין דער נאַכט. איך זאָג זיי, אַז איך בין אַ איד און איך האָב פאַר דעם קיין מוראָ נישט. עס איז גראַד געווען אַ פינצטערע נאַכט און פּלוצלונג דערזע איך אינמיטן נאַכט ווי צוויי הויכע פיגורן, אָנגעטאָן אין ווייסן דערנענטערן זיך צו מיר איך גיב אַ געשריי!
שמע ישראל!
שטיי! וואָרום איך שיס!
און זיי זענען אַנטלאָפן.

— יאָ, — זאָג איך צו אים, איר זענט ר' דוד פון דער אַלטער דיסציפּלינירטער גוואַרדיע פון אידישן פאָלק, שטאַרק גלויביק און מונטער.

און ער זאָגט ווידער צו מיר:

— איר וועט זיך נאָך מיט מיר נענטער באַקאַנען. איר וועט זען, אַז איך בין שטענדיק גרייט מיין לעבן צו איינשטעלן אבי טאָן אַ טובה אַ אידן. און די געפילן וואָלט איך אויך געוואָלט איינ־פלאַנצן אין מיינע קינדער, וואָרום נישט וויכטיק איז, צי ווייניקער געלערנט צי מערער געלערנט. דער עיקר איז צו האָבן אַ אידיש האַרץ און זיין אַ געטרייער און איבערגעגעבענער איד. און ליב האָבן אידן.

— יאָ, זאָג איך אים, איך וועל מיך באַמיען די געפילן צו איינ־פלאַנצן אין אייערע קינדערלעך און צו דערציען אייערע „רעקרוטן" אין אידישן גייסט, כדי זיי זאָלן זייער טאַטן נישט פאַרשעמען און אפשר נאָך איבערשטייגן.

— הלוואי — זאָגט ער. מיר מיט אַ זיפץ. זאָלן זיי כאָטש זיין אידן און האָבן אַ אידיש האַרץ, ליב האָבן אידן אונטער אַלע אומ־שטענדן. וואָרום אין מיין לעבן האָט פיל מאָל פּאַסירט, אַז אידן פלעגן מיר מיט שטיינער באַצאָלן פאַר אַ טובה. אָבער איך טראָג נישט אויף זיי קיין שום שנאה, ווייל דאָס זיינען געווען מענטשן אָן אַ היים און איך געדענק זייער גוט, וואָס איך בין זיך אויסגע־שטאַנען, ביז איך בין געקומען צו אַ סטאַבילער היים. איר דאַרפט וויסן, אַז איך האָב זיך אויך גוט אָנגעוואַרעמט אויף דער אַרגענ־טינער זון. איך האָב דאָרטן אין אַרגענטינע אויך שווער געאַרבעט ביי די אידישע קאָלאָניסטן און נאָך אַ וואָך שווערע אַרבעט איז מיר גאָרנישט געבליבן קיין געלט, נישט פאַר זיך און נישט צו שיקן אַהיים צו דער ווייב, ווייל איך האָב מיט מיין שווערער אַרבעט דאָך נישט געקענט קאָנקורירן מיט דער ביליקייט פון דעם אַרגענ־טינער פּראָסטן אַרבעטער. איך האָב צו די אידישע קאָלאָניסטן קיין טענות נישט געהאַט. איך האָב געזען אין זיי גוטע און האַרע־פּאַשנע מענטשן. נישט נאָר סמנים פון תפלין פלעגט איר געפינען

אויף זייערע הענט, נאָר די גאַנצע תורה איז, דוכט מיר, געווען אָנגעשריבן אויף זייערע דלאָניעס. ווען זיי האָבן זיך דערוואוסט, אַז איך פּלאַן צו אַוועקפאָרן אין אַן אַנדער לאַנד, האָבן זיי מיר ברידערלעך באַהאַנדלט און אַרויסבאַגלייט. פאַר אַ גוט אידיש האַרץ וואָלט איך מיין נשמה אַוועקגעגעבן. הלוואי זאָלן מיינע קינדער זיין אַזעלכע טייערע אידן, ווי יענע קאָלאָניסטן זיינען געווען. און ווייסט איר פאַרוואָס איך בין געקומען אַזש קיין מעקסיקע און זיך באַזעצט דאָ אין מאָנטעריי? געוואַנדערט האָב איך פון אַרגענטינע איבער פיל לענדער פון דרום־אַמעריקע. איך בין געווען אין טשילע, עקוואַדאָר, קאָלאָמביאַ, ביז איך בין געקומען קיין מעקסיקע. און ווען איך בין אָנגעקומען קיין מעקסיקע האָב איך זיך געטראָפן מיט אַ גרופּע פון אַראַבישע אידן, וואָס האָבן מיר דערציילט וועגן מאָנטעריי און וועגן דעם שטאַט נועווא לעאָן. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז אַ ספרדישער איד פון די אנוסים פון שפּאַניע, קאַרבאַכאַל, האָט איינגענומען די געגנט און דערנאָך געמאַכט שלום מיט די מעקסיקאַנער אינדיאַנישע שבטים, פאַרבלייבנדיק דער הערשער איבער דער פּראָווינץ. די זאַך איז מיר זייער געפעלן געוואָרן און איך האָב באַשלאָסן פאָרן קיין מאָנטעריי, כדי דאָ זיך צו באַזעצן. קומענדיק אַהערצו איז מיר גלייך די גאַנצע סמעטענע אויסגערונען געוואָרן. עס איז מיר אפילו נישט געבליבן די זויער־מילך. איך האָב זיך באַגעגענט מיט אַן אַראַבישן אידן און ער האָט מיר געוויזן די גאַנצע שטאָט מיט די בערג, דעם זאָטל־באַרג, די לאַנגע קייט פון די אַנדערע הויכע בערג. קאָלעמוטנע איז מיר געוואָרן אויפן האַרצן, ווען ער האָט מיר אָנגעוויזן אויף דעם באַרג אָביספּאַדאָ און געזאָגט: „דאָרט איז געווען די שפּאַנישע אינקוויזיציע פון מאָנטעריי. די פינצטערע גלחים האָבן אפילו נישט מוחל געווען קאַרבאַכאַלן זיין אידישע אָפּשטאַמונג און עס האָט אים נישט געהאָלפן אפילו

דאָס וואָס ער האָט דערצייבערט אַזאַ רייכע פּראָווינץ ווי נועוואָ לעאָן פאַר דער שפּאַנישער קרוין. דער סוף איז געווען, אַז די אינקוויזי־ציע האָט זיין אַלטע מוטער און זיין גאַנצע משפּחה פאַרפּייניקט צום טויט און ער אַליין — קאַרבאַכאַ ל— איז ערגעץ נעלם געוואָרן.
עס איז מיר געוואָרן שלעכט אויפן הארצן, ווי איך וואָלט דער־פילט אויף מיין אייגענעם קערפּער די ברענענדיקע אייזנס פון דער אינקוויזיציע און ווי איך וואָלט געהערט לעבן מיר די קרעכצן פון די קרבנות. איך האָב זיך נאָכדעם נאָכגעפרעגט ביי דעם אַראַבישן אידן אויף נאָך אידן און ער האָט מיר דערציילט, אַז נאָך צען אַראַ־בישע אידן זיינען פאַראַן אין מאָנטערריי. איך האָב גלייך פאַרשטאַ־נען, אַז איך בין דאַן געווען דער איינציקער רוסישער איד. געווען אויך עטלעכע דייטשע אידן, נאָר זיי האָבן אינגאַנצן זיך אַסימי־לירט. אַ קליין גליק, טראַכט איך מיך. איינער פון די דייטשע אידן, אַ געוויסער ראָזענבליט, האָט די גאַנצע יאָרן געלעבט מיט אַ קריסט־לעכער דייטשער פרוי. ערשט נאָך זיין טויט איז זי געקומען צו די אידן און געזאָגט: נעמט אים. ער איז אייערער אַ איד. זי אַליין האָט מער וועגן אים נישט געוואָלט וויסן און מען האָט אים באַערדיקט אויפן קריסטלעכן פּאַנטעאָן.
— אַזוי איז געווען דער אידישער צושטאַנד אין מאָנטערריי — האָט מיר שאַפּיר ווייטער דערציילט — ווען איך בין געקומען אַהער אין יאָר 1911. איך האָב אָבער פאָרט געפונען אייניקע אידן וואָס זיי־נען יאָ געווען פאַראינטערעסירט אין אידישקייט און וואָס זיינען געווען צופרידן, וואָס עס איז צוגעקומען אַן אייראָפּעאישער איד, דאָס איז געווען יצחק ווייל, מיט זיינע ברידער.
די אַראַבישע אידן האָבן מיר געוויזן דעם וועג צו פּעדלען. קיין געלט האָב איך נישט געהאַט, דערפאַר פלעג איך אָבער קריגן סחורה אויף קרעדיט. איך האָב זייער שווער געאַרבעט, ביז איך האָב זיך

אַרויפגעאַרבעט צוביסלעך. נאָכדעם האָב איך שוין אָפּגענומען מיין פרוי און די קינדער, אויך מיינע ברידער. אויף די לעצטע ימים נוראים בין איך געפאָרן מיט מיין פאַמיליע אין די שטאָטן און זיך אָנגעזאַפּט מיט אַביסל אידישקייט און זיך אָפּגעפרישט.

דוד שאַפּיר האָט אויפגעהערט דערציילן מיר זיין געשיכטע, ווייל אינמיטן איז אַריינגעקומען אַ מעקסיקאַנער סוחר און האָט אָנגעהייבן רעדן מיט אים וועגן מסחר. איך בין געבליבן זיצן אַליין און געטראַכט וועגן דער ביאָגראַפיע פון דעם דאָזיקן אידן. זיין פשוטע און געוויינלעך לעבן אָן שום חקירות און אַזוי שטאַרק פאַרוואָרצלט אין אידישן באָדן. פשוט, מען דאַרף זיין אַ איד, מען דאַרף העלפן אידן מען דאַרף ליב האָבן אידן. און נישט זיין ברוגז אויף קיין אידן.

און זיין שטאַרקער פאַרלאַנג די דאָזיקע געפילן צו איבערגעבן צו זיינע קינדער. און דאָס אַלעם איז ביי אים געקומען צום אויסדרוק אַדאַנק דער אידישער סביבה אין וועלכער ער איז אויפגעוואָקסן. אַ פאַרבאָרגענער געפיל זאָגט מיר אונטער דערביי, ווען איך האָב וועגן דעם געטראַכט: „דו מוזט דאָ אויך שאַפן אַ אידישע סביבה”...

דערווייל רינגלען מיר אַרום די קינדערלעך און איך נעם זיך פאַרברענגען מיט זיי.

# מיין ערשטע לעקציע

די קינדערלעך פון שטוב, וואָס האָבן נאָך אפילו נישט געהאַט קיין געלעגנהייט זיך צו דורכשמועסן מיט מיר, האָבן דאָך מיט גרויס נייגעריקייט דערוואַרט די ערשטע לעקציע. הער שאַפּיר האָט זיי געמאַכט נאָך נייגעריקער און ער האָט זיי אָנגעהויבן צו דערקלערן אין שפּאַניש די ווערטער פון אידישן לידעלע, וואָס מיר וועלן באַלד זונגען איך הייב אָן גלייך מיט זיי צו זינגען:

**„אויפן פּריפּעטשאָק ברענט אַ פייערל**

**און אין שטוב איז הייס"...**

אַלע קינדער זינגען עס נאָך גאַנץ געשמאַק און זאָגן: אידיש איז טאַקע פריילעך און גוט צו לערנען. זיי בעטן מיר, אַז איך זאָל זינגען מיט זיי נאָך אַ לידעלע, איך זינג מיט זיי „האָפּ, האָפּ, האָפּ, פערדל אויף גאַלאָפּ" און דער קלענסטער קאַראַפּוזיק וואָס האָט נישט געקענט אַרויסרעדן קיין „גימל", נישט קיין „ריש" און נישט קיין „קוף" זינגט „פעדל אויף דאַלאָפּ". שאַפּיר כאַפּט אַרויף דעם קליינעם קאַראַפּוזיק אויף די הענט און זינגט מיט אים: דאַלאָפּ, דאַלאָפּ, דאַלאָפּן דאי־לאפּא, דאי־לאפּא! זאָלסט האָבן אַזאַ לאַפּע ווי דער טאַטע דיינער, אַז נאָר דורכפירנדיק זי פאַרביי דעם נאָז, זאָלן זיך שטעלן טרערן אין די אויגן.

די קינדערלעך לויפן אַוועק צופרידן און פרעגן ווען מען וועט ווייטער לערנען. דאָס לערנען מיט די קינדער אידיש איז געווען אויף אויסנווייניק. איין אײנציקן סידור האָט מען מיר נאָכדעם גע־בראַכט. אָפּלערנענדיק אייניקע לעקציעס האָבן שוין אייניקע קינ־דער געלייענט אין סידור. איינמאָל נעמט זיי שאַפער אויף אַ פאַרהער און מישט זיי גלייך אויף אין סידור „יתגדל ויתקדש" און די על־טערע צוויי קינדער לייענען גאַנץ גוט די ווערטער.

— אָט דאָס געפעלט מיר — האָט שאַפיר אויסגעשריען צו־פרידן — איך זע, אַז איר וועט מיר שוין פירן גלייך אין גן עדן אריין. אָבער נישט איין שיסל קרעפּלעך וועלן מיר נאָך צוזאַמען אויפעסן. שטאַרבן וועט מען קיינמאָל נישט פאַרשפּעטיקן און די נשמה אין שענק קען איך אויך נישט פאַרזעצן. איז וואָס זשע איז די איילעניש ווי זאָגט דאָס ווערטל „לעב, בז עס לעבט זיך"?

די קינדער בלייבן זייער צופרידן פון דעם טאַטנס מיינונגען וועגן זייער לערנען און זיי לויפן אַרויס זיך שפּילן...



דוד שאַפּיר

איינער פון די עלטסטע אידישע תושבים פון מאָנטעריי.

# איך באַקען זיך מיט דעם ישוב

איינמאָל, ווען איך האָב געגעסן מיטאָג ביים הער שאַפּיר אין הויז, איז אַריינגעקומען אַ יונגערמאַן, שאַפּיר האָט אים באַלד מיר פאָרגעשטעלט:

— דאָס איז ה׳ משה טישמאַן. ער דאַוונט שיין פאַרן עמוד און איז אַ „געפינטלטער״, דאָס הייסט ער קען אין די קליינע פּינטעלעך . . .

איך באַקען זיך נענטער מיט דעם יונגערמאַן. ער איז געווען אַנגעלייענט אין דער אידישער ליטעראַטור און אויך געקענט העברעאיש. מיר האָבן געשמועסט וועגן צושטאַנד פון אידישקייט אין ישוב.

— אידיש, זאָגט מיר גלייך טישמאַן — איז דאָ פאַראַן מער אין געדאַנק ווי אין דער ווירקלעכקייט. איך, קומענדיק אַהערצו פון פּוילן אין יאָר 1921, האָב דאָ געטראָפן עטלעכע אידישע יונגעלייט פון ליטע, פון פּוילן און אַ פּאָר פון רוסלאַנד. מיר אַלע האָבן זיך גרופּירט אַרום שאַפּירס שטוב. יעדער פון אונדז האָט אויסגעשריבן אַ אידישע צייטונג, איבערהויפּט דעם „טאָג״ פון ניו יאָרק און מיר האָבן זיך געקליבן צו אָרגאַניזירן אויך אַ קלוב, מיר האָבן זיך מתקנא געווען אין וועראַקרוז וואו עס האָט זיך געהאַט געגרינדעט אַ אידישער קלוב. קיין געלט האָט אונדז נישט געפעלט. האָבן מיר

דערווייל געקויפט אין די שטאָטן אַ פּופּציק אידישע ביכער און צוויי יונגעליים, שניידערס, האָבן אונדז אָפּגעגעבן זייערן אַ פרייען ציי־מער. דאָרט איז טאַקע ביי אונדז געעפנט געוואָרן די ערשטע אי־דישע ביבליאָטעק... זי האָט עקזיסטירט נישט מער ווי אייניקע חד־שים בלויז, ווייל די שניידערס האָבן זיך אַריבערגעצויגן אין אַן אַנדער דירה און זיי האָבן שוין מער נישט געהאַט קיין פרייען ציי־מער פאַר אונדז... די ביבליאָטעק האָט זיך פאַרמאַכט און די ביכער זיינען געבליבן ביי די שניידערס, אפשר וועט איר טאַקע זיין אונד־זער גואל ומושיע און קענען די ביבליאָטעק צוריק אויפלעבן.

דערווייל קומען אַריין נאָך אידישע יונגעליים צו שאַפּירן. דער באַלעבאָס קיבעצט אַריין יעדן באַזונדער מיט אַ ווערטל. מען לאַכט גוטמוטיק. אייניקע לאַכן פון די ווערטלעך און זיי רופן זיך אָפּ ערנסט:

— ר' דוד, דער לערער איז טאַקע געקומען צו אייערע קינדער, ער וועט אָבער אויך דאַרפן עפּעס טאָן פאַר אונדזערע קינדער, מיר מיינען, פאַר אונדז גרויסע „קינדער".

— יאָ, יאָ, — ענטפערט שאַפּיר, זיי קענען נאָך פאַרבלאָנדזשען פון דער טשערעדע און חתונה האָבן מיט שיקסעס און דאַן וועט שוין ביי אונדז אפילו קיין מנין נישט בלייבן צו זאָגן קדיש. עס וועט אַלעם זיין, זאָג איך. אבי עס איז נאָר דאָ דער גוטער ווילן, וועלן אויך קומען אַלע אַנדערע זאַכן. מיט פריילעכקייט און צופרידנ־קייט גייט מען זיך פאַנאַנדער, נאָכן הערן די אָפּטימיסטישע ווער־טער.

# אַ ספּעציעלע באַקאַנטשאַפט

איין טאָג איז צו שאַפּירן אַריינגעקומען אַ בחור. שאַפּיר הייבט זיך אויף פון אָרט און פירט אים צו צו מיר.

— זייט באַקאַנט — זאָגט ער, און זאָלן אַלע וויסן זיין, אַז דאָס איז שכנאַ פויגלמאַן, פון פוילן. ער איז אַ געוואַלטיקער חקרן און פילאָזאָף וואָס מיט זיין שטערן שפּאַרט ער אונטער אַלע הימלען און ער קען אייך אויך באַקאַנען מיט די פּרייזן אויפן הימלשן יריד. איר וועט וויסן וואָס צאָלט זיך דאָרטן טייערער: אַ שיינער אתרוג אָדער דער סכך פון דער סוכה. און ער קען אייך אויך אפשר אויפווייזן, אַז דער סכך פון דער סוכה איז טייערער. איר שפּילט זיך מיט אַזאַ קאָפּ! מיין באַק־דייזשע פון ברויט איז שוין גאָר אַ קליין פּינטעלע אין פאַרגלייך מיט זיין קאָפּ, און פונדעסטוועגן וועל איך זיך מיט אים נישט בייטן.

— עך, סעניאָר שאַפּיר — רופט זיך אָפּ פויגלמאַן — עס איז שוין טאַקע צייט, אַז איר זאָלט זיך „סעטלען”, ווערן געזעצטער.

— מילאַ, צעטל היינט, צעטל מאָרגן — זאָגט שאַפּיר— איר בלייבט דאָ מיט דעם לערער, וועט איר שוין אויסלייגן פאַר אים אייער גאָר לאַנגן צעטל און איך וועל דערווייל גיין אין גאַס.

שאַפּיר איז אַרוים פון שטוב. פאַרשטייענדיק, אַז דער בחור איז פון אַ פרומער פאַמיליע און וועלנדיק אָפּשוואַכן דעם איינדרוק פון שאַפּירס שפּאַסיקע רייד, זאָג איך צו אים:

— רוסלאַנד און פּוילן זיינען היינט צוויי באַזונדערע מדינות. זיינען די מענטשן פון דאָרט אויך פאַרשידענע...

—עך — זאָגט פויגלמאַן — איך האָב דאָ בכלל ווייניק מענטשן מיט וועמען צו קענען דעבאַטירן.

וועלנדיק באַשטעטיקן זיינע רייד, זאָג איך צו אים אַ פאַר־דרייטן פּסוק „בטנך ערמת חטים” — ווילסטו נישט קיין בויך־ווייטאָג, טאָ האַלט דיין צונג אויף אַ שטריקלע...

— טאַקע אַזוי — זאָגט פויגלמאַן, מיין טאַטע איז געווען אַ מלמד און איך האָב דעם פּסוק געזאָגט אין שיר השירים אַלע פרייטיק ביינאַכט און פּרק האָב איך אויך געלערנט אַלע שבת, איך ווייס שוין ווי אַזוי זיך צו פירן מיט מענטשן. און אחוץ דעם האָב איך געלייענט אַ היפּש ביסל גוטע ביכער „דער משוגענער פילאָזאָף”, „דער אפּיקורס”, פּרצן, שלום עליכמען און אַנדערע.

איך זע, אַז פויגלמאַן וויל הערן מיין מיינונג.

— געוויס זיינען דאָס גוטע ביכער — באַשטעטיק איך אים.

— עס איז נאָר שלעכט — זאָגט מיר ווייטער פויגלמאַן, וואָס דאָ קען איך ווייטער נישט קריכן, איר דאַרפט וויסן, אַז אין דער היים בין איך געוואָרן גאָר פרי אַן אַרומשלעפּער. די מלחמה האָט מיר געגעבן גאָר אַ בייזע לעקציע. ביי מיין טאַטן שטוב איז קיין ברויט נישט געווען. מיין מוטער, מיין שוועסטער, אַלע האָבן מיר געהונגערט. בין איך געוואָרן דער אַרומלויפער, דער אַרומשלעפּער, אַ ספּעקוליאַנט, הייסט עס. אַנגעלאָדן ווי אַ פערד מיט זעק צוקער און מעל פלעג איך שפּאַנען פון איין וואַגאָן אין אַ צווייטן און מיט מיינע פאַרדינסטן געשפּייזט מיינע עלטערן און מיין שוועס־

טער. מיין לעבן איז פיל מאָל געווען אין געפאַר און נישט איינמאָל בין איך שוין געשטאַנען „צום ווענטל" דערשאָסן צו ווערן. די באָל־שעוויקעס האָבן אויף מיר געשריען „פאַרשאָלטענער ספּעקוליאַנט" ווי אַ הונט ווילן מיר דיר דערשיסן. יאָ, אמת — האָב איך געהאַנדלט. איך בין אַ ספּעקוליאַנט, אָבער מיינע עלטערן און מיין שוועסטער קען איך נישט לאָזן אויסגיין פון הונגער. איך האָב באַקומען פון די באָלשעוויקעס דערפאַר אַ פּראַסק אין צורה, אַז איך האָב געזען דער באָבען פון יענער וועלט און מיט אַ זעץ פון שטיוול האָבן זיי מיר אַוועקגעשיקט צו אלדי רוחות.

— האָט איר, הייסט עס, נאָך גוט אָפּגעשניטן ביי זיי — האָב איך זיך אָפּגערופן, זיי האָבן נאָר אייך אָנגעשראָקן און נישט מער.

— יאָ, אָבער ביי די פּאָליאַקן האָב איך שוין פיל ערגער געהאַט.

— הייסט עס, אַז איר זיינט געווען אַן אינטערנאַציאָנאַלער ספּעקוליאַנט. איר האָט ספּעקולירט צווישן פאַרשידענע פעלקער, ווי איך זע.

— ניין — האָט פויגלמאַן זיך אָפּגערופן — איך בין נישט געפאָרן צו די פעלקער ספּעקולירן. זיי זיינען געקומען צו מיר. וואָרום, אַז עס זיינען אַרויס די באָלשעוויקעס זיינען געקומען די פּאָליאַקן און ביי זיי איז שוין געווען דאָס ערגסטע. זיי האָבן מיר אַ פּאַק געטאָן און צוגענומען ביי מיר אַלעס און איך האָב שוין געזען באַשיינפּערלעך, אַז דאָ וועל איך שוין די פיס אויסציען. עס האָט מיט מיר געהאַלטן גאָר שמאָל. זיי האָבן מיר געפירט אין זייער וואַגאָן און איך האָב שוין געציילט די לעצטע מינוטן וואָס זיינען מיר נאָך פאַרבליבן צום לעבן. איז אָבער געט אַ פּאַטער און אינמיטן דער נאַכט איז מיר געלונגען צו אַנטלויפן און ראַטעווען זיך מיטן לעבן. און דאָס וואָס איך האָב אָפּגעשפּאָרט מיט מסירת

נפש איז פאַרלוירן געגאַנגען. שפּאַר, שפּאַר, דערנאָך קומט דער רוח און נעמט אַלץ צו און דערצו נאָך מיט אַ באַק־צאָן. איך בין אַוועק פון פוילן מיט מיין שוועסטער און אַלץ וואָס איך האָב געהאַט האָב איך איר אַוועקגעגעבן. זי איז אַוועקגעפאָרן קיין אַרגענטינע און איך ווייס נישט וואָס מיט איר איז געשען: צי זי איז אַריינגעפאַלן צו פּרויען־הענדלער אין די הענט, אָדער אַן אַנדער אומגליק האָט מיט איר פּאַסירט. איך הער שוין פון איר גאָרנישט. אָט אַזוי, מיין פריינט, באַקומט מען אַ שטאָך אין דער זייט און אַלם צולאָג דערצו נאָך אַ מכה... און פון מיין פּראַקטיק בין איך פאָרט קליגער פון די אַנדערע וואָס זיינען דאָ פאַראַן, אמת?

— ווירקלעך — באַשטעטיק איך, ווי שטייט דאָרטן אין פּסוק „אל תען כסיל „באולתו". עס לוינט זיך נישט צו קריגן מיט נישט דיין גלייכן.

— יאָ, יאָ, — זאָגט פויגלמאַן מיט צופרידנקייט.

פון זיין אופן פון קוקן אויף מיר מיט דאַנקבאַרקייט, זע איך, אַז ער וואָלט פאַר מיר געטאָן דאָס בעסטע וואָס ער וואָלט געקענט. זייער פריינטלעך געזעגנט ער זיך מיט מיר זאָגנדיק, אַז ער איז זייער צופרידן וואָס ער האָט געהאַט די געלעגנהייט זיך צו אַראָפּרעדן פון האַרצן.

# ביי די שטעטלדיקע אָבות

איך ווער שוין אַ היימישער מענטש אין מאָנטעריי. נישט שטענ־דיק קען מען דאָך זיין אַ גאַסט, און אויב היימיש, מוז מען דאָך האָבן אַן אייגענעם צימער אויך. איך האָב דאָס געזאָגט שאַפירן. זאָגט ער צו מיר:

— יאָ, גוט. איך האָב שוין אַ פּאַרטיקן פּלאַן. איך וועל אייך פירן זיך צו באַקאָנען מיט אונדזערע אָבות.

— ווי אין דער מערת המכפּלה? — פרעג איך.

— ניין — לאַכט שאַפּיר דאָס זיינען דריי ברידער: אברהם ברוך און יעקב גרינפעלד. איך ווייס, אַז ברוך הייסט ברוך־יצחק. נו, זיינען זיי דאָך טאַקע ווי אונדזערע דריי אָבות. און אַזוי ווי זיי האָבן פיל צימערן וועט איר קענען ביי זיי דינגען אַ צימער.

אבי נישט צו גיין אין מערת המכפּלה וועל איך דאָך אוודאי איינ־שטימען. און מיר לאָזן זיך גיין צו די „אָבות".

— אַ גוטן אָוונט „באַיעס" — פּאַלט אַריין שאַפּיר צו זיי מיט זיין אייביק־שפּאַסיקן שמייכל.

— אַ גוטן אָוונט, סעניאָר שאַפּיר — ענטפערן די ברידער גרינפעלד. אַז מיר האָבן שוין די ערע אייך צו האָבן אין אונדזער שטוב, האָט איר מסתמא אונדז געבראַכט אַ גוטע זאַך.

— איר האָט טאַקע געטראָפן. איר ווייסט „באָיעס״, איר זיינט דאָך ביי אונדז די גליקלעכסטע מענטשן. איר האָט שטענדיק אַ מזומן צו בענטשן. נאָר טאָמער זיינט איר שטומפּיק אויף דער עברי, טאָ זייט באַקאַנט מיט אונדזער לערער. אַ מענטש וואָס קען סיי גרויסע און סיי קליינע אויסלערנען מער אידישקייט.

— אָט טאַקע דאָס פעלט אונדז — רופט זיך אָפּ ברוך גרינפעלד.

— און וואָס פאַראַ פּראַקטישע נוצן וועסטו האָבן דערפון? פרעגט אברהם.

— דו זוכסט נאָר באַלד די פּראַקטישע זאַך — זאָגט יעקב, דער קלענערער ברודער. מען מאַכט דיר אַ פאָרשלאַג, דאַרף מען אים באַטראַכטן. נאָר לאָמיר פריער הערן פון דעם חשובן גאַסט, אַז ער וויל ביי אונדז בלייבן. אויב ער וויל נעמען מיר אים אַריין מיט גרוים כבוד.

איך דאַנק זיי פאַר זייער פריינטלעכקייט און אברהם באַווייזט מיר באַלד די צימערן. גרויסע און ליכטיקע צימערן, זייער לופטי־קע, באַשאָטנטע פון ביימער. אין דער גרעסטער זומערדיקער היץ איז דאָ לופטיק, ווען מען עפנט אַ פענצטער.

— און אַ מזומן צום בענטשן וועט איר אויך האָבן — רופט זיך ווידער אָפּ שאַפּיר. און שותפים צום עסן אויך. דערפאַר אָבער, אַז איר וועט וועלן מאַכן קידוש, זאָלט איר מיר רופן און איך וועל שוין מאַכן פאַר אייך קידוש און איך וועל שוין מוציא זיין אַלעמען. דער עיקר עס זאָל נאָר זיין אַ גוט „ביסעלע״.

— איך מיין — זאָג איך, אַז עס וועט מיר שוין באַלד נישט לוינען דאָ צו בלייבן, ווייל אויף עסן מיט קידוש זיינען שוין דאָ בעלנים. קען פאַר מיר נאָר בלייבן דער כוס של ברכה, איז מילא. זאָל זיין אין אַ גוטער שעה מיר זאָלן אַלע זיין געזונט און גע־בענטשט.

אזוי רעדנדיק קומט אריין אַן עלעגאַנט-געקליידעטער יונגער־מאַן, אַ נאָר וואָס אָפּגעראַזירטער און זיינע שווארצע וואָנסעלעך מאָדערן צוגעשוירן. די „אָבות״ ווערן מיטאַמאָל זייער ערנסט און זיי שטעלן אים פאָר.

— זייט באַקאַנט מיט אונדזער שוואָגער, זבולון קויפמאַן.

— עס פרייט מיך אייך צו קענען — זאָגט מיר קויפמאַן און איך פאַרהאָף צו זיין אייער קאָלעגע. איך וויל האָפן, אַז איר וועט אין אונדזער ישוב איינפלאַנצן אידישקייט מיט דער מיטהילף פון אַלעמען.

איך זאָג אים, אַז איך בין זייער צופרידן אים צו קענען און צו הערן פון אים, אַז עס איז דאָ אַ שטרעבונג צו בויען אידיש לעבן אין מאָנטעריי.

— איך אַליין — זאָגט ווייטער קויפמאַן — האָב געפּראָבירט עפּעס טאָן פאַרן ישוב, ווען איך בין געקומען אַהערצו. אַליין בין איך פון דער היים אַ שוחט. עס האָט זיך אָבער פאַרדרייט מיר אַ גרויסער עקאָנאָמישער ראָד מיט גרויסע ביזנעס און איך האָב פאַרן ישוב גאָרנישט געקענט אויפטאָן. און ווי יעדער ראָד דרייט זיך עס אויך ביי מיר, אַמאָל אַרויף און אַמאָל אַראָפּ. איצט האָט זיך ביי מיר אַ דריי געטאָן אויף צוריק. און כאָטש איך מוז איצט זייער פיל אַרבעטן צוליב מיינע געשעפטן, פונדעסטוועגן זאָג איך אייך צו, אַז אויב איר וועט אונטערנעמען אַן ערנסטע זאַך לטובת אי־דישקייט אין מאָנטעריי, קענט איר אויך דערוואַרטן מיין מיטהילף. איך באַדויער וואָס איך האָב גאָרנישט געקענט אויפטאָן.

איך דאַנק אים מיט צופרידנקייט פאַר זיין צוטרוי צו מיר און פאַר זיין גרייטקייט צו מיטאַרבעטן. און איך זאָג אים, אַז אַ דאַנק זיין גרעסערער באַקאַנטשאַפט מיט דעם אידישן ישוב, וועט זיין לייכטער עפּעס צו אויפטאָן. קויפמאַן האָט איבערגערעדט עטלעכע

ווערטער מיטן עלטערן ברודער אברהם און איז אַוועק, געזעגענדיק זיך פריינטלעך.

—דאָס איז אונדזער „אוטטשאָני יעווריי״ — זאָגט מיר שאַפיר מיט אַ געלעכטער. איר ווייסט. ביי מיר ליגט נאָך זיין קליין פּויליש היטעלע און די לאַנגע גלאַנציקע שטיוועלעך, אין וועלכע ער איז געקומען אהער. אָם ירצה השם, אויב מיר וועלן ווען עס איז אַמאָל דאָ מאַכן אַ מוזעאום מיט זאַכן וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן פון אונדזערע אימיגראַנטן, וועט דאָס זיין איינע פון די שאַצבאַרסטע זאַכן. ווען דער יונגערמאַן איז אָנגעקומען בין איך געווען זייער צופרידן: איין קלייניקייט, אַ שוחט איז געקומען צו אונדז. אָבער ער האָט זיך גאָר גענומען צו ביזנעס. ער ווערט גאָר אַ בעל הרחמים און זאָגט, אַז אַנדערע זאָלן קוילענען. דער אמת איז, אַז פון שחטן היינער האָט ער זיך קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט. ווען מען ברענגט צו אים אין שטוב אַ הון שחט ער זי. אָבער היי יאָר פסח וועט ער שוין מוזן קוילענען פאַר מיר אַ קעלבל.

— און פאַרוואָס האָט ער זיך אַזוי פאַרדרייט? פרעג איך מיט נייגעריקייט.

— ווייל — ענטפערט מיר ברוך מיט אַ שמייכל — ער האָט זיך פאַרלאָזט אויף דער אַרבעט פון זיינע אַגענטן. דאָס הייסט, אַז אַנדערע זאָלן קוילענען פאַר אים די היינער האָבן זיי אים טאַקע גוט אַרומגעפּליקט... און איצט סעניאָר לערער האָט איר זיך שוין באַקאַנט מיט נאָך אַ משפחה און האָפנדיק, אַז איר וועט דאָ געפינען אייער אָפּרו צווישן מענטשן, לויטער צדיקים, ווינטש איך אייך אַ גוטע נאַכט.

# איך ווער אַ תושב אין מאָנטערײ

איך האָב גיך איינגעזען, אַז מיט לויטער גייסטיקייט וועל איך אפילו אויף מיין אויסקומעניש נישט פאַרדינען. האָב איך געטראַכט צו נעמען אויף זיך דאָס „אידישע" פעקל. אָבער נישט קענענדיק די שפּראַך האָב איך געמוזט האָבן אַ לערער, אַ וועג-ווייזער. דער־ביי איז שכנא פויגלמאַן מיט זיינע פיל רייד געווען פאַר מיר דער בעסטער וועג-ווייזער.

איינמאָל קומט ער צו לויפן צו מיר אַ פאַרסאַפּעטער און זאָגט:

— זייער גוט וואָס האָב איך געטראָפן. איך האָב געהערט, אַז איר פרעגט זיך נאָך וועגן פּעדלען און איך וועל זיין זייער צופרידין אייך צו אינפאָרמירן וועגן אַלץ.

זעענדיק ווי דער בחור איז געווען צופרידן וואָס ער קען מיר מיט עפּעס נוצלעך זיין, האָב איך אים געדאַנקט און געבעטן, אַז ער זאָל מיר טאַקע אַלץ דערציילן.

— פאַרשטייט איר מיך — האָט ער אָנגעהייבן — מען דאַרף זיין זייער פאָרזיכטיק אין דעם מסחר, ווייל מען גיט אויף באָרג.

זאָג איך אים:

— החנות פתוח והחנוני מקיף...

— יאָ, ריכטיק — האָט ער מיר געענטפערט. מען צאָלט אייך

אוים צוביסלעך, אָבער ביז מען זעט דאָס געלט צוריק צערייסט מען נישט איין פּאָר שיך. די קונים זיינען אָרעמע און ביי זייער בעסטן ווילן קענען זיי נישט צאָלן נאָרמאַל. בכלל האַנדלט מען מיט פּרויען און דעריבער דאַרף מען זיין זייער דיפּלאָמאַטיש צו אויסקומען מיט זיי צו זייער צופרידנקייט. און אַזוי ווי קיין אייגן געלט האָט איר דאָך נישט, וועט מען אייך געבן סחורה אויף קרעדיט און פון דעם פאַרקויף וועט איר האָבן אייער קאָמיסיאָן. און איך וועל אייך טאַקע געבן די סחורה.

איך דאַנק אים ווידער פאַר זיינע אָנווייזונגען און נעם אָן זיין פאָרשלאַג.

# מײַן ערשטער אַרויסגאַנג אַלס פעדלער

אָנגעלאָדן מיט אַ היפּשן פּאַק גאַנגבאַרע אַרטיקלען, ווי מענער־רישע הויזן, העמדער, אונטערוועש, אָווערהאָלס, קאָרטלעך פאַר ווײַבערשע קליידער, בעט־קאָלדרעס און לײַוונט אויף העמדער, לאָז איך זיך אַוועק הינטער דער שטאָט, נענטער צו די בערג, זוכן מײַנע „מאַרטשאַנטעס״, קונדן הייסט עס.

גייענדיק אַזוי האָב איך דערפילט, אַז די פרישע לופט פון די בערג און די אַרומיקע שטילקייט האָט מיר מיט אַ מאָדנער דערהויבנקייט אָנגעפילט. עס האָט מיר פאַרכאַפּט די שיינקייט פון דער נאַטור דאָ. איך קוק אַרויף צו די שפּיצן פון די בערג. איך זיי ווי זיי זײַנען אויסגעשניצט: אייניקע שאַרף־שפּיציק, ווי הויכע פּיראַמידן און אייניקע רונדע ווי קופּאָלן און זייער הויכקייט גרייכט ביז צו די סאַמע וואָלקנס. און דאָס גרינע גראָז פון אויבן באַדעקט דאָס קרעציקייט פון די צעשטערנדע רעגנס און ווינטן, וואָס האָבן אין דעם באַרג גריבער און שטופּלען אויסגעגראָבן אין זײַן מאָנסטער־קאָפּ.

אָט שטייט אַ שטיבעלע ביים ראַנד פון איין באַרג. איך באַטראַכט עס פונדערווייטנס די דינע ווענטלעך פון טשערעט פאַרוואָרפן מיט ליים, דער דאַך אויף דרענגלעך אָנגעשפּאַרט, אויך מיט

טשערעט באַדעקט. ער איז פיל גרעסער פון די ווענט און איז פון זיי פון אויבן אָפּגעטיילט. און עס זעט אויס ווי מען וואָלט דאָס שטיבעלע אונטער אַ חופה אַרונטערגעשטעלט.

עס קומט מיר אָן אַנטקעגן אַ יונגערמאַן, אויך אַ רוסישער און אויך אַ „גרינער" און ער באַגריסט זיך מיט מיר.

זדראווסטוואַיטע.

איך ענטפער אים אויף רוסיש און זאָג אים, אַז איך בין נאָך אַ־גרינער...

— ניטשעוואָ, — זאָגט ער מיר ווידער — איך בין אויך אַ גרינער. אָט וועט איר אָבער באַלד זען ווי איך וועל פאַרקויפן סחורה. „פּאַסמאָטריטיע! שטייט פונדערווייטנס און קוקט זיך צו.

ער איז צוגעגאַנגען צום שטיבילע וואו עס איז געשטאַנען אַ פרוי און געוואַשן וועש. איך זע, אַז ער פרעגט זי עפּעס און זי ענטפערט „נאָ". ער גייט צו ווייטער צו אַן אַנדער שטוב און דאָ טרעפט ער שוין אַ מאַן מיט אַ פרוי. איך זעה אַז ער גייט אַריין אין שטוב. איך הער אָבער, אַז דער מאַן רעדט זייער אויפגערעגט. עס קומט אונטער נאָך אַ בחור פון די פּעדלערס און מיר ביידע לאָזן זיך גיין צו דער שטוב. דער נייצוגעקומענער פרעגט ביי דעם רוסישן:

וואָס קומט דאָ פאָר?

— איך האָב אים געפרעגט — זאָגט ער אונדז — צי ער דאַרף סחורה: „מערקאַנסיאַ נאַדאַ". האָט ער מיר געענטפערט „נאַדאַ". ביז איך אַריינגעגאַנגען אין שטוב אים ווייזן, איז ער געוואָרן אויף מיר אין כעס.

— דער ניי־צוגעקומענער בחור שמייכלט און זאָגט צו דעם רוסישן:

— פאַרגעסט שוין בעסער אייער רוסיש און לערנט זיך שוין אוים אַביסל שפּאַניש. אין רוסיש באַדייט דאָס וואָרט „נאַדאַ" מען דאַרף עס. אָבער אין שפּאַניש הייסט „נאַדאַ" — גאָרנישט. אַז ער האָט אייך געענטפערט „נאַדאַ" באַדייט, עס אַז ער דאַרף גאָרנישט האָבן, און ער וויל נישט ליידן, אַז איר זאָלט אַריינגיין צו אים אין שטוב.

דער בחור דערקלערט דאָס זעלבע דעם מעקסיקאַנער. יענער צעלאַכט זיך גוטמוטיק און גיט דעם רוסישן די האַנט בעטנדיק, אַז ער זאָל אים אַנטשולדיקן.

— אָרעמער מענטש — זאָגט ער, איך האָב נישט געוואוסט, אַז דו קענסט נישט אונדזער שפּראַך.

דער „רוס" איז שוין אַביסל פאַרשעמט און ער זאָגט צו מיר געלאַסן:

— יאָ, איך האָב גיוואָלט זיין אייער לערער און צום סוף דאַרף מען נאָך מיר לערנען...

— אַ שיינע רעקלאַמע מאַכט איר פאַר זיך אַליין — באַמערקט אים דער בחור וואָס האָט שוין געקענט גוט שפּאַניש. ווען איר זאָגט „סחורה גאָרנישט, גאָרנישט" (נאַדאַ, נאַדאַ) ענטפערט אייך דער קויפער טאַקע „גאָרנישט"...

איך גיי אַוועק פון מיין „לערער" און איך גיי מיר אויף מיין אייגענעם וועג. איך פאַרקויף עפּעס צו אַ פּאָר קונדן און אַזוי ווי עס איז שוין געווען שפּעט, גיי איך שוין אַהיים.

פויגלמאַן באַגעגנט מיך און פרעגט מיט נייגעריקייט:

— וואָס הערט זיך?

איך באַווייז אים די חשבונות פון די זאַכן וואָס איך האָב שוין פאַרקויפט און ער זאָגט מיט צופרידנקייט „אָ, אָ, אָ!" און באַלד גיט ער צו:

— איך זע שוין, אַז איך האָב אין אייך קיין טעות נישט געמאַכט. דאָרט וואו עס איז דאָ תורה איז דאָ חכמה. ווען איר וואָלט היינטיקן טאָג פאַרקויפט זייער פיל, וואָלט דאָס פאַר אייך געווען אַ שלעכטער סימן. איצט ווייס איך שוין, אַז מען קען זיך טאַקע אויף אייך פאַרלאָזן. איר וועט נישט פאַרוואַרפן גלאַט אַזוי סחורה אין גאַס. איר זענט שוין טאַקע דער אמתער פאַרקויפער.

און איך טראַכט מיר ביי זיך „עפּעס הוילע נסים"...

דעם צווייטן טאָג גיי איך שוין אַרויס פרייליכער און גיי אין אַן אַנדער טייל פון שטאָט. מיין שטימונג איז עפּעס מער אָפּטימיסטישער און איך רעד אַזוי צו די מענטשן מיט אַ נאַטירלעכן שמייכל און דער ענטפער זייערער, אפילו ווען זיי קויפן נישט, איז זייער אַ פריינטלעכער. גיי איך צו צו אַ הילצערנער שטוב און לייג פאַר אַ פרוי מיין סחורה. דערציילט מיר די פרוי פון איר שלעכטער לאַגע און זאָגט, אַז ביים איצטיקן מאָמענט קען זי ביי מיר גאָרנישט קויפן. איך בעט ביי איר אַ טרונק וואַסער. זי קומט אַרויס מיט אַ גלאָז קרישטאָל־ריינעם וואַסער און עס איז צו זען איר פאַרגעניגן, אַז זי קען מיך מיט עפּעס מהנה זיין, איך טרינק דאָס וואַסער און זעה ווי די זון־שטראַלן שפּיגלען זיך אָפּ אין גלאָז מיט רעגנבויגן־פאַרבן. מיט ריין־מענטשלעכע געפילן באַהעפטן זיך די זון־שטראַלן. איך פיל, אַז איר פאַרגעניגן פון דער טובה וואָס די פרוי האָט מיר געטאָן איז פיל גרעסער פון מיין הנאה פון דעם וואַסער. פאָלקסטימלעכע גוטסקייט איז געקומען צום אויסדרוק ביי דעם הילצערנעם שטיבעלע.

איך דאַנק האַרציק דער פרוי און גיי ווייטער מיין וועג. ווידער אַן הילצערנע שטוב, אָבער שיין אָפּגעפּאַרבט, מיט אַן הילצערנים פּאַרקאַן אַרומגעצוימט. אַ קלינגענדיקע און זינגעוודיקע שטימע הערט זיך פון אינעווייניק. איך שטעל זיך אָפּ ביי דעם הויז.

עס גייט אַרויס אַ מיטליאָריקע פֿרוי און איך לייג איר פֿאַר מיין סחורה. איך ווייז איר די זיידענע קאָרטלעך אויף קליידער. זי ענט־פֿערט מיר באַלד:

— איך קויף נישט די טייערע שטאָפֿן. דו זעסט מיין קלייד? זי איז פֿון אַ שטאַרקן און פּראָסטן שטאָף און די שיינע קווייטן דערויף האָב איך אַליין אויסגענייט מיט קאָלירטן פֿאָדעם. די בלענדלעך אַרום האַלדז האָב איך אַליין אויסגעהעפֿט און צווישן אַלע דיינע זיידע־נע קאָרטלעך האָסטו זיכער נישט אַזעלכע שיינע בלומען ווי אויף מיין קלייד.

איך באַשטעטיק איר, אַז דאָס איז טאַקע אַזוי און גיי ווייטער איך גיי צו צו אַן אַנדער הילצערן הויז, וואָס מען קען עס אַרויפֿ־לייגן פּשוט אויף אַ וואָגן און אַריבערפֿירן אויף אַן אַנדער פּלאַץ, אַזוי ווי מען פֿירט איבער אַ שטיק מעבל. אָבער באַלד איז פֿאַר מיר געוואָרן קענטיק, אַז דאָ איז פֿאַראַן אַן האַנט פֿון אַ געניטער ווירטין, וואָס קען פֿון אַזאַ קליינער הילצערנער קאַמער אויך מאַכן אַן אָנגענעמע היים. גרין אויסגעפּאַרבט איז געווען פֿון אינעווייניק, פֿאָרהאַנגלעך פֿון ווייסע לייוונטענע פּאַסן מיט געהעפֿטע שפּיצן אין דער מיט, האָבן באַצירט די קליינע, גלאַנציק־אויסגעווישטע פֿענצטערלעך, אויף אַ שמאָל לענגלעך טישל אינדערמיט פֿון שטיבל, צוגעדעקט מיט אַ ווייסן טישטוכל, איז געשטאַנען אַ בלומען־טעפּל מיט עטלעכע פֿרישע בלומען און זיי האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין דעם אין דער זייט הענגענדיקן שפּיגל. אַ ברייט אייזערן בעט, ווייס גע־פֿאַרבט, איבערגעדעקט מיט אַ געשטריקטן צודעק מיט צוויי ווײַ־סע זויבערע קישעליך אויף וועלכע עס האָט געפֿינקלט אויסגענייט דער מעקסיקאַנער אָדלער־הערב. ביי דער טיר איז געזעסן אַ יונגע פֿרוי. לעבן איר האָט געברענט אַ פֿייער אונטער ציגל, צוגעדעקט מיט אַן אייזערנעם בלעך און ביי דער צווייטער זייט איז געשטאַ־

נען אַ שטיינערן מאָזאיק בענקעלע, אויסגעהוילט ווי אַ קאַריטע, דערויף איז געלעגן טייג פון מאַאיס־מעל. די פרוי נעמט דערפון שטיקלעך טייג און פּאַטשט אוים מיט די הענט דינע שטיקלעך ווי מצה־לעך און באַקט זיי אויפן הייסן בלעך. אַזעלכע מצהלעך רופט מען דאָ „טאָרטיאַס” און ווערן איבעראַל געגעסן אין יעדער מעקסיקאַנער שטוב, ווי ברויט. קעגנאיבער .דער פרוי זיצט איר מאַן, אַ שוסטער, און קלאַפּט געשמאַק מיטן האַמערל פלעקלעך אין דער פּאַדעשווי, דערביי שטייט דעם שוסטערס אַ פריינט און האַלט אין אָנסטראָיען די סטרונעס פון אַ גיטאַרע. איך פרעג צי זיי דאַרפן עפּעס סחורה און די פרוי ענטפערט מיר, אַז יאָ. איך ווייז דער פרוי אייניקע זאַכן. זי באַווייזט דאָס דעם מאַן און בעט זיינע מבינות. אַ פּאָר מאָל באַשטעטיקט ער איר, אַז זי זאָל קויפן עפּעס און אַריינלאָזנדיק זיך אין אַ שמועס מיט זיין חבר וואָס האַלט די גיטאַרע, זאָגט ער צו איר:

— קויף וואָס דיר געפעלט.

דער שוסטער דרייט מיטן האַמערל אין דער לופטן ווי אַ דירי־זשאָר מיט זיין שטעקעלע און פּאַרציט דערוויל אַ מעקסיקאַנער לידל און דער צווייטער, מיט דער גיטאַרע, האַלט אים אונטער.

— העי, פּאַנטשאָ — זאָגט די פרוי — הייב אָן ווידער דאָס נעכטיקע לידל.

און ביי פּאַנטשאָן איז אַלעס גיך און פּאַרטיק. ער דאַרף קיין טאָן נישט זוכן, אַ צימבל געטאָן איינס און צוויי און די האָריסטן, דער שוסטער און זיין פרוי, האַלטן אים שוין אונטער און זינגען מיט און באַגייסטערט פּאַטשט צו די פרוי מיט די פלעצלעך אין די הענט. און דאָס העמערל אויף דער פּאָדעשווע קלאַפּט אויך „טיק טאַק, טיק טאַק, און האַקט אַ פלעקל נאָך אַ פלעקל, און אַרבעט און מוזיק פליסט זיך איבערצושטייגן און האַרמאָניש זיך אויסגלייכן.

פרייִלעך לייג איך צענויף מיין פּעקל און טראַכט זיך: „אָט האָב איך געמאַכט אַ גוטן אָנהייב און נאָך דערצו געהערט אַ קאָנ־צערט מיט אַפּלאָדיסמענטן פון האַרציקער פאָלקס־פרייד פון מענטשן וואָס לעבן מיטן מאָמענט".

איך גיי שוין ווייטער און קום צו צו איין אָרט וואו עס זיינען געשטאַנען עטלעכע הייזער. איך לייג ווידער פאָר מיין סחורה און איין פרוי איז געפעלן געוואָרן עטלעכע זאַכן. אָבער זי גיט מיר אַ פרעג פון וועלכער פירמע דאָס איז. איך האָב נישט געוואוסט דעם נאָמען פון דער פאַבריק און איך האָב זיך נישט געריכט אויף אַזאַ מין פראַגע. אָבער ענטפערן מוז מען דאָך. איז אַזוי ווי עס איז גע־ווען פרייטיק, ערב שבת, זאָג איך דער פרוי, אַז דאָס איז פון דער מאַרקע „תכנת שבת".

— אַזוי? — זאָגט זי. איך האָב גאָרנישט געהערט פון אַזאַ פיר־מע. איך וועל באַלד אַ רוף טאָן מאַריאַן. זי איז אַ געוועזענע לערע־רין, אפשר ווייסט זי פון דער פירמע.

מאַריאַ קומט צו און איך זאָג נאָכאַמאָל, אַז די פירמע הייסט „תכנת שבת". זי צעטיילט עס אויף באַזונדערע זילבן „טאַ — קאַנ־טאַ — שאַ—בים", דאָס הייסט טאָ זינג שבת... דאָס זיינען די באַ־לעבאַטים פון דער פירמע. ווייזט אויס זייער אַ גוטע מאַרקע. און זיי קויפן ביי מיר ביידע די סחורה.

איך כאַפּ אַ קוק צום בלויען הימל און איך זע, אַז די זון־שטראַלן קושן זיך שוין מיט די שפּיצן בערג און ביים האָריזאָנט שוועבן ווייסע וואָלקנס און צינדן זיך אָן צונטער־רויט. אין דער אַנ־דער זייט זעען זיי אויס ווי גאָלדינע געזימסן אויף אַ ריין בלויער הימל־סטעליע. מיט אַ טונקעלער בלויקייט דעקן זיך אַלץ מער צו די בערג. לייכטנדע אינזעקטן פאַרמערן זיך און שטיפעריש פליען זיי אין פּנים אַריין. ביי די שטיבעלעך זיצן אויסגייזעצט אַרבעטער

דאָ און דאָרט און הערן זיך צו צו דאָס שפּילן פון אַ גיטאַרע, צי פון אַ גראַמאָפאָן. קינדערלעך לאַשטשען זיך צו זייערע פאַרהאָרע־וועטע פאָטערס און מיט זייערע שמייכעלעך גלעטן זיי אויס די טיפע קנייטשן פון צעאַקערטע שטערנס. און אָט דרייען זיך קינדערלעך אין אַ קאַראַהאָד און זינגען שול־לידעלעך. פריילעך און באַשיידן קלינגט די פאַרנאַכטיקע מוזיק ביי די אָרימע טירן, ווען עס קומט די צייט פון זיסער רו. דער ערב שבת טוט מיר אַ צי ביים האַרצן. געשווינד גיי איך אַהיים צו מקבל שבת זיין, צו פאַרגעסן פון די „מאַרטשאַנטעס", מיט די זיידענע קאָרטלעך. איך גיי צו מיינע אייגענע פיר ווינקלען פון מיין קליינעם צימער. דאָ קען מען אויך די שבת מלכה באַשיינען און די מלאכי השלום וועלן אויך צו מיר דעם וועג געפינען. אוי, ווי זיס איז שבת־רו, ווי זיס און אָנגענעם.

# אין אַ זונטיקדיקן פֿאַרנאַכט

נאָך אַ שווערער אַרבעט־וואָך, כאַפּן די „גרינע" אימיגראַנטן אַריין אַביסל רו זונטיק, צוויי שעה פֿאַר זון־אונטערגאַנג. דאָס איז זייער פֿאַרגעניגן פֿאַר דער גאַנצער וואָך אַרבעט און פֿאַרן זונטיק אויך. זיץ איך אַזוי אויפֿן בולוואַר און קוק זיך צו צו דעם אימפּעט און ווי דער פֿאַרהאָרעוועטער איד כאַפּט אַריין זיין ביסל „פֿאַרגע־ניגן". עס דערמאָנט מיר דעם אויסזען פֿון אַ וואָקזאַל, איידער עס גייט אָפּ דער צוג. שטייענדיק אויף איין פֿוס טרינקט מען אויס אַ גלאָז טיי, אַ צווייטער קייט מיט אַ פֿולן מויל און באַקן און רעדט דערווייל צו אַ באַקאַנטן אַ פּאָר ווערטער אַ דריטער מיט פֿולע הענט קען זיך קוים שטעלן אויפֿן טרעפּל פֿון וואַגאָן. דער צוג פּייפֿט שוין און דער וואָס שטייט אויפֿן טרעפּל ווערט פֿון די אינעווייניקסטע מענטשן אַריינגעשלעפּט אין וואַגאָן.

אַזעלכע איינדרוקן איז מיר אויסגעקומען צו האָבן זונטיק פֿאַר־נאַכט אין יענע יאָרן אין מאָנטעריי, פֿון די פֿאַרביילויפֿנדיקע „באָיעס". פֿאַרביילויפֿנדיק שטעלן זיי זיך אָפּ אויף אַ מינוט לעבן מיר און מען בעט זיך ביי מיר רחמים. און ממש אויף די הענט וויל מען מיר אין אַ קינאָ אַריינפֿירן. איינער לויפֿט אַוועק שנעל זאָגנדיק, אַז ער קויפֿט שוין אַ בילעט פֿאַר מיר און איך בין איינגעקשנט און וויל בעסער באַוואונדערן דעם שיינעם זון־אונטערגאַנג.

און אזוי פלעג איך זיצן אויף דער באנק אויפן בולוואר און אריינכאפן „שלום עליכמס" פון אנגלויפנדיקע באקאנטע. קיינער פאר־זעט מיר נישט. אלע שטעלן זיך אפ מיט דער זעלבער ביטע אז איך זאל מיט זיי אריינגיין אין א קינא. נאר אט קומט צו צו מיר דער ערשטער אידישער יונגערמאן, וועמען איך האב באגעגנט אנקומענ־דיק קיין מאנטעריי. משה פינקלער הייסט ער. ער באגריסט מיר און זעצט זיך צו לעבן מיר אויף דער באנק. איך פרעג אים פאר־וואס עפעס זעט מען אים נישט זינט אזא לאנגער צייט ביי שאפירן אין הויז? ער גיט א קוק אויף מיר מיט זיינע פארטרויערטע אויגן און מיר האט זיך געדוכט, אז צום ערשטן מאל זע איך אים אזוי ערנסט.

— פארוואס איך בין נישט געקומען, פרעגט איר? ווייל דארט איז נישט מיין ארט. און בכלל האב איך געמאכט א גרויסן טעות מיט מיין גאנצן קומען אהערצו... מיין ארט וואלט באדארפט זיין אין ארץ ישראל. אין מיין היים אין אונגארן האב איך באקומען סיי א אידישע און סיי א העברעאישע דערציאונג און מיין שטרעבונג איז געווען צו עולה זיין קיין ארץ ישראל. אבער די לעצטע צייט זיי־נען מיינע עלטערן שטארק פאראָרעמט געוואָרן און אויך די עלטער האט זיי שטארק אפגעשוואכט. איך האב א שוועסטער אין אמע־ריקע, האבן מיינע עלטערן באשלאסן, אז איך זאל פארן קיין מעק־סיקי און זייענדיק נאנט פון דער שוועסטער וועלן מיר ביידע מיט געמיינזאמע כוחות זיי קענען ארויסהעלפן. און אזוי וואנדערט א איד, טאפט דעם וועג אין דער פינצטער און ווייסט נישט וואוהין דער וועג פירט אים.

איך באטראכט זיין בליק וואס קוקט מיט טרויעריקער בענק־שאפט אין איין ריכטונג און זאג צו אים.

— בלויז מיט אומצופרידנקייט אַליין וועט איר גאָרנישט אויפּ־טאָן. מען מוז זיך צופּאַסן צו די אומשטענדן פון לאַנד.

— ריכטיק אַזוי — שאָקלט ער צו מיטן קאָפּ מיט באַדויערונג

— ריכטיק אַזוי, קיין אַנדער ברירה האָב איך שוין איצט נישט. אַ שווערע משא דריקט אויף מיינע פּלייצעס און דער שטראָם שלעפּט מיר שוין מיט זיך. אָט היינט פאַרטאָג האָט מיר דער דאָזיקער שטראָם אויפגעריסן פון געלעגער. איך בין געפאָרן די גאַנצע צייט מיט מיין ביסיקלעט קאַברירן. איך בין אָפּגעגאַנגען מיט בלוט און שוויים, ווי אַלע אידן וואָס זיינען געקומען דאָ. דערנאָך ביז איך געקומען אַהיים, זיך איבערגעטאָן ריין און דערפילט אַ פוסטקייט. וואו גייט מען? וואָס טוט מען? גראַד האָב איך איצט אייך געטראָפן און מיר שמועסן זיך דורך. מיר רעדן זיך פריינטלעך דורך. אַן אַנ־דערש מאָל גייט מען צו איינעם, צו אַ צווייטן, אַ דריטן. אָבער מען טרעפט קיינעם נישט אין דער היים. אַלע דאָ קענען פון אומעט אין שטוב נישט איינזיצן, בלאָנדזשעט מען אַרום מיט טרויעריקע געדאַנקען, פרעגנדיק ביי זיך אַליין „וואָס" און „וואוהין?"

איר האָט רעכט — זאָג איך צו אים — אָבער ווען מען איז געזעלשאַפטליך אָרגאַניזירט טרעפט מען זיך אין דער געזעלשאַפט־לעכער אינסטיטוציע.

— מיר פעלט טאַקע געזעלשאַפטלעכקייט — זאָגט ער מיר צום סוף — אין אַזאַ געזעלשאַפט וואָלט איך געפונען אַביסל רו און פרייד. מען קען דאָרט לייענען אַ אידישע צייטונג, אַ אידיש בוך. אָט וועלן מיר אינגיכן האָבן אַ צוזאַמענקונפט פון אַלע אידישע יונגעלייט פסח צום סדר. די פרוי בערטאַ קאָרענשטיין אָרדנט איין דעם סדר אין אַ גרויסן הויז. איך וויל האָפן, אַז דאָרט וועלן מיר זיך אַלע טרעפן. דערווייל גיי איך איצט אָרגאַניזירן די קאַפּעליע, די אור־חים צום סדר...

# פסח ביי די אימיגראַנטן

ערב פסח פאַרנאַכט איז טומלדיק און פריילעך ביי שאַפירן אין הויז, ווי די צוגרייטונג צו א חתונה. גאָר אַן אַנדער אויסזען האָט באַקומען דאָס הויז. דער הויף איז געווען אויסגעשטעלט מיט בענקלעך. די בחורים גייען אַרום געמיטלעך און מיט פריילעכע פּנימער. זיי דערמאָנען די היימישע פרייד פון אַמאָל, די זיסע דעראינערונגען פון דער אַלטער היים.

— אוי, וואָס פאַרא פרייד עס איז געווען ביים באַקן מצות — רופט זיך אָפּ איין בחור. וואָס דען בין איך נישט געווען דערביי? א וואַסער-טרעגער, א קנעטער א וואַסער גיסער, א ריגלער, א שיבער. און קומענדיק צוריק פון שול, זעענדיק דאָס שיינענדיקע פּנים פון דער מאַמען און דעם טאַטן זיצנדיק אין א ווייסן קיטל, ברייטלעך אויף דער אויסגעבעטער שטול, פלעגט דאָס האַרץ וואַקסן פון שמחה. ביי א טיש פול מיט אַלדאָס גוטעס פלעגט דער טאַטע טאַקע אויסזען ווי א מלך, ווי אַן אמתער מלך.

— מיר זיינען היינט אַלע מלכים — זאָגט שאַפיר דורכלויפנדיק פאַרשמייעט און ער קוקט זיך צו, צי אַלע זיינען שוין גיקומען — מען קען שוין באַלד דאַווענען, מעריב — זאָגט ער נאָר איר זאָלט זאָגן הלל וואָרט ביי וואָרט פאַר א גאַנצן יאָר, איר הערט?

מען דאַוונט טאַקע באַלד מיט פרייד, זינגענדיק זאָגט מען הויך אויפן קול הלל.

— אַ גוט יום טוב, „באָיעס" — שרייט אוים שאַפּיר מיט פרייד.
— הערט נאָר, איר גייט איצט פראַווען דעם סדר, טאָ זאָלט איר אינזיינען האָבן צו איבערלאָזן פאַר אונדז אַ היפּשע ביסל וויין, ווייל נאָך אונדזער סדר קומען מיר צו אייך.
— אָה, מיטן גרעסטן פאַרגעניגן. מיר האָבן אַ פולע פאַס מיט וויין און מיר וועלן אויף אייך וואַרטן — ענטפערט מען אים. — אונדזער סדר וועט אַרויסקומען אַביסל שפּעטער.

דערווייל באַקאַנט מיר שאַפּיר מיט די אָנגעפאָרענע געסט פון די שטאַטן און פון קליינע שטעטלעך פון דער פּראָווינץ.

— זעט איר, דאָס זיינען מיינע צוויי שוועסטער און שוואָגערס, ביזנעסלייט פון די שטאַטן. און אָט דער איז מיין קליין ברודערל, אַ „באָי" פון אַ יאָר דרייסיק. כאָטש ער האָט אַ טייער אידיש האַרץ און אַן אָפענע האַנט פאַר צדקה, וואָלט איך פון אים צו קריגן אַ פּאַטש קיינעם נישט געוואונטשן. און אָט זעט איר דאָרטן דעם הויכן יונגערמאַן, דעם ברונעטן? ער זעט אוים ווי אַ דאָקטער, אָדער אַ פּרעזידענט פון אַ באַנק. אינדערהיים איז ער געווען אַ פּראָסטער טרעגער און איצט אין אַמעריקע צייכנט ער זיך אוים מיט אַ קלאָרן פאַרשטאַנד, שרייבט שוין גוט אידיש און ענגליש, ווי זאָגט מען דאָס „אַ מענטש מיט אַ פען אין דער האַנט". ער מאַכט גוטע ביזנעס. און אָט זעט איר יענע עלטערע פאָרפאָלק? דאָס איז אַן אינזשעניער מיט זיין פרוי. ער אַרבעט דאָ אין דער אַמערי־קאַנער „סמעלטינג קאָמפּאַני" און זיינע באַלעבאַטים זיינען אויך אידן. אָבער זיי זיינען פון די אידן וואָס דערמאָנען זיך אָן זייער אידישקייט בלויז צוויי מאָל אין יאָר: ימים נוראים און פסח. און צי זעט איר יענעם גרויען יונגערמאַן ער איז נאָך אַ באָי, קיין וואָרט אידיש קען ער נישט לעבן אים זיצט אַ דאַמע. דאָס איז זיין שוועגערין. זיי זיינען געווען דריי ברידער וואָס זיינען געקומען פון

פראַנקרייך און געעפנט דאָ אַ געשעפט פון קליידער מיט אַ שניי־דעריי. דער עלטערער ברודער איז געשטאָרבן נאָכן זיין דאָ צוויי יאָר. אין אַ צייט אַרום איז די דאָזיקע דאַמע געקומען צו דעם מיטעלן ברודער און זי האָט מיט אים חתונה געהאַט. אין אַ קורצער צייט אַרום איז דער מיטעלער ברודער אויך געשטאָרבן... אָבער דערווייל האָבן מיר זיך גאָר פארעדט וועגן טרויעריקע זאַכן. טאָ לאָמיר בע־סער מאַכן אַ שנאַפּס, ווייל מיר זיינען דאָך מיטן לעבן נישט זי־כער און פאַר אַ ביסעלע משקה האָט דער מלאך המות אַליין אויך דרך ארץ. לאָמיר בעסער אָנהייבן דעם סדר.

— איר וועט זיך דאַרפן אונטערגאַרטלען — זאָגט מיר וויטער שאַפּיר — און אַליין זאָגן די הגדה, ווייל די חברה קומען בלויז צו די קניידלעך.

עס ווערט געמאַכט קידוש און איינער פון מיינע תלמידים פרעגט „מה נשתנה". מיר איילן זיך צו כדי צו אָנקומען צו דעם סדר פון די „באָיעס".

אַריינקומענדיק צו דעם סדר פון די יונגעלייט זעען מיר ווי די לאַנגע בענק און טישן ציען זיך דורך דריי צימער אין דער לענג. עס בלאַנקט אין די אויגן פון דער ווייסקייט פון די טישטעכער און פון די קליינע טישטעכלעך, וואָס אין זיי איז געלעגן די מצה איינ־געוויקעלט. אויף די טישן איז געלעגן פרישע בלומען. מען מאַכט קידוש און יעדער איינער זאָגט מבינות אויפן אַנדערנס קידוש.

דערזעענדיק מיר מיט שאַפּירן, שטעלט זיך אויף אַ קליינגע־וויקסיקער בחור און שרייט אוים פריילעך:

— יעמוד, יעמוד ר' דוד שאַפּיר מיט דעם לערער זאָלן אונדז זאָגן די הגדה.

שאַפּיר ווענדעט זיך צו מיר:

— איר זעט אָט דעם בלאַנדן קליינעם בחור. ער הייסט פּיי־

גענבוים. ער איז איינער פון די ערשטע אימיגראַנטן דאָ. ער האָט ווי מען זאָגט, מיטן נאָז די ערד צעאַקערט. נישט נאָר געאַרבעט אין די שטעט, נאָר אויך אין די דערפער צווישן די אינדיאַנער אין די בערג. ער פלעגט פאָרן צו זיי אין די סאַמע העכסטע בערג אויף קליינע אייזעלעך צו פירן סחורה פאַר זיי. נישט איינמאָל איז זיין לעבן געווען אין אַ גרויסער סכנה. און דאָ איז נישטאָ קיין איינציקער בחור וואָס ער זאָל אים נישט האָבן אַרויסגעהאָלפן. ווען זיי גיבן אים אָפּ נאָר אַ טייל פון דעם געלט וואָס ער האָט זיי געליען, וואָלט ער איצט געווען גאָר אַ גרויסער גביר. מיינט איר דאָך, אַז ער איז אין כעס אויף זיי? ניין, עס הייבט זיך גאָרנישט אָן. ער זאָגט, אַז עס טוט אים הנאה וואָס ער האָט געקענט העלפן אַזוי פיל אידן און טאָן זיי טובות.

— העי, פייגענבוים — שרייט אויס שאַפּיר — קום נאָר אַהער און באַקען זיך מיט אונדזער לערער.

— יעמוד! זינגט ווייטער אויס פייגענבוים — שאַפּיר מיט דעם לערער זאָלן זיך זעצן צום טיש.

— ווייטער יעמוד — לאַכט שאַפּיר — הערסט פייגענבוים, אַזוי ווי דו זינגסט זייער שיין אויס דעם „יעמוד" האָב איך שוין פאַר דיר גאָר אַ פיינעם דזשאָב. דו וועסט זיין דער שמש אין אונדזער שול, וואָס מיר וועלן איינגיכן דאָ בויען. אָבער דו זע, לערן זיך אויס דערווייל צו מאַכן אַ גוטן שנאַפּס, קאָכן פיש און מאַכן אַ גוטן קוגל. אויב נישט, וועלן מיר מיט דיר איינגיכן שלאָגן כפרות. מיר דאַרפן האָבן נאָר ספּעציאַליסטן. זעסטו, שלאָגן, מלקות, דאָס וועל איך שוין דיר אויסלערנען.

— עס איז מיר גוט — זאָגט פייגנבוים — פון אייערע הענט וועל איך שוין קיין לעבעדיקער נישט אַרויסגיין. ווייסט איר וואָס, סעניאָר שאַפּיר, אפשר לערנט איר מיר דערווייל אויס צו שלאָגן

מלקות מיינע שלעכטע „קאָסטטאָמער", כדי זיי זאָלן מיר צאָלן בע־סער מיינע חובות.

— אָ, ניין — זאָגט שאַפּיר — דערויף דאַרפסטו וואַרטן ביז אָסיען און שטיין די גאַנצע צייט אויפן רעגן, וועסטו אפשר אַביסל העכער אויסוואַקסן. דעמאָלט וועלן דיר ערשט צונויף קומען די לעק־ציעס מיינע. און אגב, איך האָב שוין באַטראַכט אויך, אַז עס לוינט נישט פאַר אונדז דער גאַנצער עסק. ווייל אַ שמש פון ציצית פאַר־דרייט מען, אַ שמש פון חנוכה־ליכטלעך פאַרברענט מען. אָבער דיר קען מען נישט פאַרדרייען און נישט פאַרברענען. לוינסטו נישט פאַר אונדז. טאָ גיי בעסער צום טיש, מאַך אַ לחיים און עס מערער און דרשה וויניקער. מיר שיינט, אַז עסן די געשמאַקע פסחדיקע מאַכ־לים איז פיל גרינגער ווי אַרויפצוקריכן מיט דעם אייזעלע אויפן באַרג...

עס קומט אַריין פויגלמאַן און שאַפּיר ווענדעט זיך צו אים בייז:

— אייער גליק וואָס איר זיינט איצט געקומען. שפּעטער וואָלט איך שוין אייך נישט אַריינגעלאָזט. פאַרנעמט אייער אָרט לעבן פינקלערן און איך וועל באַלד נעמען צעטיילן די קערה. די קאַר־טאָפל וועמען קומט?

— מיר, זאָגט פייגענבוים — איך בין דאָך אַ גאַליציאַנער.

— דו ביסט אַ גאַליציאַנער? האָסטו דען אַמאָל געגעסן רוסי־שע קאַרטאָשקעס? דיר קומט דער מרור, ווייל דאָס האָבן איצט אייערע גאַליציאַנער ברידער אַ גאַנצן יאָר אונטער דער נייער מאַכט, אונטער וועלכער זיי געפינען זיך. אָט זעט איר סעניאָר בערמאַן, ער איז אַ ליטוואַק. פון אים קענט איר הערן זינגען „זונטיק בול־בעס, מאָנטיק בולבעס". אים טאַקע קומט די קאַרטאָפליע. איצט סעניאָר פויגלמאַן, אַזוי ווי ביי אייך איז אַלץ איינגעוויקלט און צו־געדעקט מיטן שלייער פון פילאָזאָפיע, וועל איך אייך געבן צע־

גויפגעוויקלטע מצה און צוגעדעקטע מיט כריין. און אייך פינקלער קומט דאָס גערגעלע, ווייל איר קענט שיין זינגען. און אויף דעם איבעריקן בין איך אַליין אַ קונה. און איצט חברה, עסט און טרינקט צעזעצטערהייד און זאָל אייך וואויל באַקומען. ווער עס וועט נישט אויפעסן זיין גאַנצע פּאָרציע, דעם וועל איך מאָרגן צום סדר נישט אַריינלאָזן. איצט וועלן מיר זיך אויך אַביסעלע פריילעך מאַכן. אָנ־הייבן דאַרף מען מיט אַ „לחיים".

— פאַר אייך גאָר אַ גרויסע כוסה — זאָג איך — און פאַר מיר דווקא אַ קלענערע, ווייל עס איז שוין נישט אין רעכענונג פון די ארבע כוסות.

אַלע טרינקען לחיים ווינטשענדיק זיך צו זיין געזונט דאָ און די עלטערן אין דער אַלטער היים. אָבער וואו איז די אמתע היים — פרעגט עמיצער אַ פראַגע.

— אַזאַ היים ווי דאָ, איז דאָ אומעטום און אין ערגעץ נישט... — זאָגט פינקלער.

— ביי מיר איז מיין היים דאָרט וו—או איך מאַך אַ לעבן — זאָגט געצל פעלדמאַן.

— זייער אַ שוואַכער אַרגומענט — ענטפערט אים פינקלער. אַז דו וועסט דאָ קיין לעבן נישט מאַכן וועסטו לויפן זוכן אַן אַנ־דער היים. טיפער אַביסל מוז מען זיך אין דעם ענין אַריינטראַכטן.

— זעט איר — רופט זיך אָפּ שוסטערמאַן — אין די שטאַטן פילן זיך אידן ווי ביי זיך אין דער היים.

— די שטאַטן זיינען אַן אויסנאַם — ענטפערט אים פינקלער — ווייל זיי זיינען אויפגעבויט געוואָרן אויף די באַזעס פון אמתער, הומאַניטאַר־מענטשלעכער באַהאַנדלונג. פאַר די פרינציפּן האָט דאָס אַמעריקאַנער פאָלק געבראַכט קרבנות. אים איז געלונגען צו גע־ניסן פון דער פרייהייט, וואָס עס האָט פאַר זיך אויסגעקעמפט. מיט

דער פרייהייט טיילט מען זיך אין די שטאַטן מיט אַלעמען, סיי פרעמדע און סיי דאָרט געבוירענע. אַמעריקע באַהאַנדלט אַלעמען גלייך ווי אַ געטרייע מוטער אירע קינדער. זי גיט אַלעמען די מעג־לעכקייט צו מאַכן אַ לעבן און אויך אויסצונוצן פעאיקייטן אויף אַלע געביטן. אידן האָבן אויך געהאָלפן בויען אַמעריקע און זי איז פאַר זיי ווי אַן אמתע היים און זיי ליבן דאָס לאַנד ווי קינדער האָבן ליב אַ מאַמען.

גאַנץ אַנדערש איז געווען אין דער אַלטער היים — האָט ער ווייטער פאָרגעזעצט — דאָרט האָט מען אייך צו קיין שום זאַך ניט צוגעלאָזט. איך, צום ביישפיל, האָב צייטנווייז געשפּירט אין זיך אַ זאַמלונג פון יוגנט־ענערגיע. עס האָט זיך מיר געוואָלט עפּעס בויען און שאַפן. אָבער אומעטום האָב איך זיך אָנגעטראָפן מיט דעם בי־טול און חוזק־שמייכל אין די נישט־אידישע קרייזן. פּונקט ווי מען וואָלט געזאָגט צו מיר „שטופּ זיך נישט אַהערצו. דאָס איז נישט פאַר דיר. מען וויל דיר דאָ נישט האָבן"... דאָס האָט מיך ווי איינ־געקאָרטשעט און דערנידעריקט און אויסער דעם האָב איך קיין לעבן אויך נישט געקענט מאַכן, האָב איך אויסגעוואַנדערט.

— און וואָס מיינט איר איז געווען מיט מיר? — רופט זיך אָפּ אַן אַנדערער פון אַרום סדר־טיש — איך און מיין ברודער האָבן אין דער היים דווקא גאַנץ גוט געלעבט. אונדזער פעלד־ווירטשאַפט האָבן מיר געפירט אויף דעם בעסטן אופן. אונדזערע פעלדער זיינען גע־ווען וואונדערבאַר צעאַקערט און די ליטווישע גויים, אונדזערע שכ־נים. פלעגן זיך וואונדערן ווי שיין און פיין אונדזערע בייטן זיינען געווען פאַראַקערט. איך פלעג זיי ווייזן ביישפּיל ווי אַזוי מען אַר־בעט מיטן סערפּ און זיי פלעגן מיר נאָכגיין אין אַ גלייכער שורה און קאָפּען די ערד. און ווען עס איז געקומען די צייט צו גיין די־נען אין מיליטער האָב איך מיט מיין ברודער באַשלאָסן אוועקצו־

פאַרן. מיר האָבן שוין געהאַט אָפּגענומען פיינע גרוסן, ווי אַזוי מען באַהאַנדלט די אידישע זעלנער אין דער אַרמיי און ווי אַזוי מען איז זיך נוקם אין די אידן און מען מאַכט חוזק פון זיי. איך האָב גע־וואוסט, אַז איך וועל אַזעלכע באַליידיקונגען נישט קענען אויסשטיין. דער קלענערער ברודער וואָס איז געבליבן אין דער היים איז נאָך יונג און די עלטערן קענען אים נאָך צופּאַסן צו די איצטיקע אומ־שטענדן. מיר האָבן זיך שוין אָבער נישט געקענט צופּאַסן. וואָרום שטעלט זיך פאַר: אויף דער ערד וואו דיינע עלטער־זיידעס האָבן געוווינט און וואו די ביסט געבוירן געוואָרן דערקלערט מען דיר ווי אַ פרעמדן. דו ווילסט זאָגן, אַז דאָס איז דיין היים און מען זאָגט דיר „ניין, דאָס איז נישט דיין היים".

— יאָ — רוף איך זיך אָפּ, אַן אייגענע היים מוז מען האָבן און מיר האָבן שוין אונדזער אייגענע היים אין ארץ ישראל. היינט איז גראד פסח, ווען מיר זיינען באַפרייט געוואָרן פון שקלאַפעריי אין מצרים. לאָמיר זיך נעמען העלפן מיט וואָס מיר קענען נאָר צו בויען אונדזער היים אין ארץ ישראל. לאָמיר אַלע אין דעם מאָמענט שטרעבן צו קומען צוריק צו אודנזער היים.

— זאָל אונדז דער לערער זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן פסח — רופט זיך אָפּ פערדמאַן — דערקלערט אונדז טאַקע ווי אַזוי האָט מען עס געקויפט אַ ציגעלע פאַר צוויי גילדן, דרייסיק קאָפּיקעס הייסט עס, און אַזאַ צעקראַכענע, אַז אַ קאַץ האָט עס געקענט אַזוי לייכט אויפעסן... נאָך דעם וועלן מיר זינגען און זיך מאַכן פריילעך.

— יאָ — זאָג איך — פון די ווערטער וואָס פערדמאַן האָט נאָר וואָס געזאָגט וועגן דעם ציגעלע, פאַרשטיי איך, אַז איר ווילט מען זאָל רעדן פון פריילעכע זאכן. איך וועל אייך זאָגן: דאָס ציגעלע איז נישט געווען קיין געגנבעטע, אַ שוואַכע און אַ צעקראַכענע. און אויב אפשר יאָ, זיינען צוליב דעם ציגעלע אומגעקומען אַ הונט, אַן

אָקס, אַ שוחט און אפילו דער מלאך המות אַליין. זיי אַלע זיינען באַשטראָפט געוואָרן פאַרן איבערייסן דאָס לעבן פון דעם שוואַכן צעקראַכענעם ציגעלע. דאָס ווייזט אונדז, אַז אפילו דאָס שוואַכסטע לעבן האָט קיינער נישט קיין רעכט צו איבערייסן. און וועגן סדר זאָגן אידן אויך אַ ווערטל, אַז „סדר" איז דער טייטש אָרדענונג און ביי אונדז, אידן, איז קיין אָרדענונג נישטאָ. און אַז מען וויל פּסח ביינאַכט מאַכן אָרדענונג, פרעגט מען טאַקע „מה נשתנה?" וואָס עפּעס אָרדענונג אינמיטן דערינען? אָבער די גאולה פון מצרים איז אויך געווען אָן אָן אָרדענונג! נאָר דורך נסים. און וויפל נסים דאַרפן מיר האָבן צו דער איצטיקער גאולה? אין לאַנד זיינען מיר נישט און אין גלות קענען מיר אויך נישט אויסגעלייזט ווערן. מוזן מיר גיין אין לאַנד. און צו דעם זיין אין לאַנד דאַרפן מיר אויך האָבן נסים. מוזן מיר זיך נעמען צו טאָן פיל פאַר ארץ ישראל און מיר דאַרפן זיין פריילעך אין יום טוב פּסח, ווייל פּסח איז אַ יום טוב פון פרייד איצט זאָגן מיר פּסח שיר השירים. אונדזערע לווים האָבן זייערע פידלען מיטגענומען אין גלות. מוזיק איז ביי אונדז אידן שטענדיק געווען נאָענט צום רוח הקודש. אלישע האָט מיט דער מוזיק פון אַ פידל מיט רוח הקודש זיך באַגייסטערט. נגינה איז פאַרבונדן מיט גאולה. האָט דאָך אונדזער גרויסער משורר ר׳ יהודה הלוי געזונגען: „עת אחלום שיבת שבותיך אני כינור לשיריך" — ווען איך טרוים וועגן דער אומקערונג פון דיין געפאַנגענשאַפט, בין איך אַ פידל צו דיינע געזאַנגען. איז געזונגען זאָל ווערן. און פינקלער הייבט אָן צו זינגען: „על אם הדרך שושנה עומדת". און זינגענדיק באַגייסטערט די ווערטער „אנא אישים חנוני" רינען אים טרערן פון די אויגן.

— אַ שיינע שטימע און שיין געזונגען — זאָגט פערדמאַן. איך וועל אויך נישט אָפּשטיין פון דער חברה, און ער הייבט אָן צו זינגען:

**„אין דער קוזניע ביי דעם פייער**

**שטייט אַ שמיד"**

**און אַלע האַלטן אונטער אין כאָר.**

— איך מוז פארט זאָגן דעם אמת — זאָגט פערדמאַן אַז פינקלער זינגט אַ סך שענער פון מיר. נו, איז נאָך אַביסעלע וויין און טאַקע נאָך אַ לחיים און פינקלער וועט אונדז נאָך עפּעס זינגען און אונטערהאַלטן פריילעך די געזעלשאַפט.

— איך בין שטענדיק גרייט — זאָגט פינקלער און ער הייבט אָן צו זינגען:

„אלי, אלי, למה עזבתני".

ענדיקנדיק דאָס ליד זאָג איך אים, אַז ער זינגט זייער שיין. אָבער איך פרעג אים גלייכצייטיק: „אָבער פאַרוואָס מיט טרערן אין די אויגן"

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת — ענטפערט מיר פינקלער — אָפּטמאָל, אַז איך זינג געשמאַק, מיט אַ שטאַרקן געפיל פון איבערלעבונג, שטעלן מיר זיך טרערן אין די אויגן. אפשר איז דאָס אַ ירושה פון דורות. דער נביא האָט אונדז אַמאָל געזאָגט „אל תשמח ישראל אל גיל-כעמים", פריי זיך נישט ישראל אַזוי ווי די פעלקער און דאָס איז אפשר אַנגעוויזן אויף די היינטיקע צייטן. דער איד פרייט זיך אַנדערש און דעם אידנס געזאַנג הערט זיך אַ קרעכץ פון עלנטקייט. אפשר אינסטינקטיוו פילט דער איד, אַז ער זינגט אויף אַ פרעמדער חתונה. און דאָס זעלבע געפיל זינגט פון מיר אויך אַרויס.

— ווייס איך וואָס — זאָגט פערדמאַן — נעמט בעסער נאָך א גלעזעלע און מאַכט אַ לחיים. איר וועט זען, אַז אַזוי וועט זיך אייך זינגען בעסער.

— לחיים, זאָגט פינקלער — איך ווינטש טאַקע בעסערע צייטן פאַר אונדזער פאָלק, בעסערע האָפענונגען אויף דער אויפריכטונג פון אונדזער פאָלק אין זיין אייגן לאַנד, אין ארץ ישראל. ווארום אין פייער און אין וואַסער זיינען מיר שוין דורכגעגאַנגען און אומעטום קרבנות געלייגט און אויך אין אונדזער נייער שטאָט, אין מאָנטע־ריי, האָבן מיר שוין געלייגט קרבנות. קאַרבאַכאַל איז דאָך געווען אַ געהיימער איד און מיט די שפּאַנישע אנוסים האָט ער דאָך אויפ־געבויט דעם שטאָט נועוואָ לעאָן און געמאַכט שלום מיט די אינ־דיאַנער. ער איז אויך געווען דער ערשטער גובערנאַטאָר פון נוע־וואָ לעאָן. און וואָס די אינקוויזיציע האָט פון אים מיט זיינע ברי־דער געמאַכט, איז דאָך אייך אַלעמען באַקאַנט. יאָ, ברידער, אומע־טום איז אונדזער היים. אומעטום האָבן מיר געבראַכט קרבנות. און אין ערגעץ נישט איז אונדזער לאַנד. נאָר דער אידישער גייסט איז שטאַרקער ווי אַ לאַנד און די אידישע גאולה טראָגן מיר ביי זיך אין האַרצן און מיר וועלן זי דערלעבן. „עוד לא אבדה תקותינו״.

דער גאַנצער עולם כאַפּט אונטער און מען זינגט באַגייסטערט „התקוה״. עס ווערן פאַרשאַרט די בענקלעך פון טיש אָן אַ זייט און אַרויפוואַרפנדיק הענט אויף אקסלען זינגט מען „הבה נגילה״. מיר טאַנצן אַלע גאַנץ געשמאַק און דער סדר איז פאַרענדיקט...

# דער ערשטער איד אויפן בית עולם

די טעג פון יום טוב פסח זיינען גיך אריבער און די גרויע וואכעדיקייט האט זיך אנגעהייבן ציען און ווי אלע פעדלערס האט אויך משה פינקלער, אנגעלאדן מיט פעקלעך פון זיין סחורה, געוואנדערט איבער די גאסן זוכנדיק פרנסה. אזוי איז ער געגאנגען איבער פארשידענע הייזער פארלייגן זיינע ארטיקלען.

פלוצלונג איז פון איין הויז ארויסגעלאפן א גרויסער בייזער הונט און אנגעכאפט פינקלערן פאר דער האנט און זיך איינגעביסן מיט זיינע שפיציקע ציינער אין זיין פלייש. פינקלער איז פון גרויס ווייטאג געפאלן אויף דער ערד און דער הונט האט דאן אפגעלאזט זיין האנט און זיך געווארפן צו אים אויפן הארצן און מיט די צייי־נער שארף זיך איינגעביסן אין זיין ברוסט, דורכרייסנדיק דאס דינע העמד, וואס פינקלער האט געטראגן אויף זיך.

אויף זיינע פארצווייפלטע געשרייען זיינען אנגעלאפן מענטשן און גענומען פארטרייבן דעם ווילדן הונט. אבער דער כלב האט שוין דאן געהאט באוויזן צו אפבייסן פינקלערן אן האלבן אויער. מען האט דעם הונט געטויט און פינקלער איז געבליבן ליגן א צעמזיק־טער און צעבלוטיקטער. מען האט אים גלייך אפגעפירט אין שפי־טאל. דארט האט מען פארנייט די צעריסענע וואונדן.

אַנגעזאָגט, אַז ער זאָל אומבאַדינגט זיך שטעלן די איינשפּריצונגען קעגן הידראָפאָביע (משוגעת פון הינט), ווייל עס האָט זיך אַרויס־געשטעלט, אַז דער הונט איז געווען משוגע. דער דאָקטער האָט אים פאַרזאָגט, אַז ער זאָל קומען יעדן טאָג אין אַ באַשטימטער צייט צו שטעלן זיך די איינשפּריצונגען קעגן דעם גיפט פון הונט.

אָבער פינקלער איז געווען געצוואונגען צו גיין ווידער פאַרדי־נען אויף ברויט און ער האָט פאַרפעלט עטלעכע מאָל צו קומען צום דאָקטער צו די איינשפּריצונגען. אַזוי אַרום, אַז אין דרייסיק טעג שפּעטער האָט ער מיטאַמאָל זיך דערפילט זייער שלעכט. גע־ווײנלעך ווען איך פלעג אים באַגעגנען, פלעגט ער זיין מונטער, פרײלעך און מאַכן וויצן. אָבער דעם לעצטן זונטיק, ווען איך האָב אים געזען, איז ער געווען שטאַרק מרה שחורהדיק און פאַרביטערט. ווען איך האָב אים געפרעגט, וואָס האָט פּאַסירט מיט אים, האָט ער מיר געזאָגט:

— איך פיל אַ שטאַרקע קלעמעניש אונטערן האַרצן און קען פּשוט קיין ביסל וואַסער נישט אַרונטערשלינגען. ביינאַכט בין איך אויפגעשטאַנען און געוואָלט טרינקען אַביסל מילך און דאָס נישט געקענט אַראָפּשלינגען.

פינקלער איז נאָך יענעם זונטיק אין דער פרי אַוועק אין שפּי־טאָל. דער דאָקטער האָט אים אונטערגעזוכט און דערקלערט, אַז דער גיפט פון הונט האָט אים גובר געווען און אַז זיין לעבן איז אין דער גרעסטער געפאַר.

פון דער שלעכטער בשורה, אַז פינקלער איז אין אַזאַ גרויסער געפאַר האָבן זיך באַלד דערוואוסט אַלע אידן פון מאָנטעריי און אַלע האָבן זיך פאַרזאַמלט ביי שאַפּירן אין הויז, כדי צו באַטראַכטן וואָס מען קען טאָן, אין אָנבליק פון דעם דאָזיקן אומגליק. שאַפּיר האָט

ווייזנענדיק אַלעמען איבערגעגעבן די פינצטערע בשורה און ער האָט געזאָגט:

— ברידער, איך מוז אייך דערציילן דעם ביטערן אמת. דער דאָקטער האָט באַשטעטיקט, אַז פינקלער קען שוין נישט בלייבן לעבן. און הלוואי זאָל ער שטאַרבן וואָס גיכער, כדי צו אויסמיידן די שרעק־לעכע יסורים פון דער גסיסה. איצט קענען מיר טאָן בלויז צוויי זאַכן: ערשטנס, אָנווענדן אַלע מיטלען, כדי צו זען, אפשר וועט זיין דאָך מעגלעך זיין לעבן צו ראַטעווען. און צווייטנס, טאָמער חלילה שטאַרבט ער, טאָ זאָל מען אים קענען מקבר זיין אויף אַ אידישן בית עולם. מיר זיינען שוין דאָ עטלעכע מנינים אידן, דאַרפן מיר האָבן אַן אייגענעם בית החיים...

אַ געוויין ברעכט אויס צווישן דעם פאַרזאַמלטן עולם. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די שיינע אידישע מידה פון מיטגעפיל און רחמנות איז געווען שטאַרק ביי אונדז אַלעמען. אַלע האָבן זיך אויפן אָרט בייגעשטייערט און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ גרויסע סומע געלט. אויף די פנימער פון עולם איז נאָך געווען צו מערקן אַ שטיקל האָפענונג און טרייסט, אַז אפשר וועט דאָך מעגלעך זיין צו ראַטע־ווען פינקלערס יונג לעבן. מיט באַדויערונג און ווייטאָג אין די הער־צער איז מען אַוועק פון שאַפירן.

צומאָרגנס, ווען מיר זיינען געקומען אין שפּיטאָל מבקר חולה זיין פינקלערן, האָבן מיר אים שוין דערזען אַ פאַרביטענעם. שוואַר־צע פלעקן האָבן זיך באַוויזן אויף זיין קערפּער און דער קוק זיינער איז שוין געווען אַ ווילדער. גראַד האָט פּאַסירט, אַז אַ אידישע פרוי, זיינע אַ באַקאַנטע, איז אַריין צו אים אין צימער און אים אויסגע־שטרעקט די האַנט צו באַגריסן. אָבער דער דאָקטער איז געשטאַנען דערביי און ער האָט אַ וואונק געטאָן צו דער פרוי, אַז זי זאָל אים נישט געבן די האַנט.

פינקלער האָט דאָס באַמערקט און ער איז געוואָרן זייער אויפ־געדעגט און ער, מיט אַ רחמנות אוים־דריקלעך פנים האָט זיך גע־ווענדעט צו אונדז:

— חברים, ווי עס ווייזט אוים וועל איך שטאַרבן. עס איז שוין נישט קיין אונטערשייד, צי פריער צי שפּעטער. אָבער איך בעט אייך, ערשטנס אַז איר זאָלט מיר מקבר זיין לויט דעם אידישן מנהג און אויך זאָגן קדיש נאָך מיר. איך בעט אייך אַז איר זאָלט אין דעם טאָג פון דער לוויה נישט אַרבעטן און מיינע זאַכן זאלט איר פאַר־קויפן און דאָס געלט אָפּשיקן צו מיינע עלטערן.

אין אַ מינוט אַרום האָט ער ווייטער זיך אָפּגערופן:

— אוי, מיינע אָרעמע אומגליקלעכע עלטערן. ווי שרעקלעך וועט זיין דער מאָמענט ווען זיי וועלן קריגן די שלעכטע בשורה וועגן מיר. אָבער נאָך שרעקלעכער וועט זיין זייער עלטער, איינינקע אליין און אָן האָפענונג.

ער איז געוואָרן שטאַרק אויפגערעגט און קוקנדיק אויף אונדז מיט בייזע בליקן האָט ער עפּעס אָנגעהייבן צו ברומען.

מיר זיינען אַוועק צעבראָכענע און נאָך אַלץ געהאַט אַ שטיקל האָפנונג אין האַרצן, אַז סוף כל־סוף וועט ניט געשען אַזאַ אומגליק און אַזאַ טייערער יונגער בחור וועט פון אונדז אַזוי יונג נישט ווערן אַוועקגעריסן.

אָבער די גרויזאַמקייט האָט געשפּאַנט איר וועג. דאָס גיפט האָט ווייטער פאַרניכטעט זיין קערפּער. צומאָרגנס, ווען מיר זיינען אַריינ־געקומען צו אים אין צימער, האָט ער זיך אויפגעזעצט אויף זיין בעט און אונדז באַטראַכט מיט בייזע בליקן. ער האָט זיך אַרומגע־קוקט אין אַלע זייטן און אָנגעהייבן ווילד צו שרייען:

— צי דען בין איך שוין אַזוי פאַרגיפטעט, אַז מען טאָר שוין צו מיר נאָענט נישט צוקומען? טאַ צו וואָס זיינט איר געקומען? צו־

לייגן מיר אַ פּעדערל צו דער נאָז, כדי צו זען צי איך זשיפּע נאָך? אך, איר גרויזאַמע וואַמפּירן, ווי לאַנג איז עס ערשט נאָך ווען איך בין געווען אַ מענטש צוגלייך מיט אייך אַלעמען. וואָס האָט איר צו מיר געהאַט? פאַרוואָס האָט איר אַזוי צעריסן מיין נשמה און צעמזיקט מיין גוף? איך האָב געוואָלט טאָן נאָר גוטס און איר האָט מיר צו בייזע שלאַנגען געוואָרפן. האָ! איך פיל גוט אייערע מערדערישע בליקן. נישט דער ערשטער און נישט דער לעצטער קרבן בין איך פון אייערע הענט. אַרויס, אַרויס פונדאַנען איר אַלע! איר זיינט שוין מער נישט מיינע חברים. ריינע און הייליקע מאַרטירער זייַנען איצט שוין מיינע חברים, אַרויס פון דאַנען! באַשמוצט נישט דאָס אָרט מיט אייערע אומריינע פיס...

שרעקלעכע און ווילדע געשרייען האָבן זיך געריסן פון זיין האַרץ. ער איז געבליבן ליגן באַוואוסטלאָז און מיר זיינען אַרויס טרויעריקע פון צימער.

אַ טאָג שפּעטער איז ער געוואָרן זייער ווילד. די דאָקטוירים האָבן אים מאָרפינירט, כדי ער זאָל ליגן רואיקער און אין זיין צימער האָט מען שוין מער קיינעם נישט אַריינגעלאָזט. שפּעטער האָט ביי אים פון דעם גיפט געפּלאַצט אַן אויג און זיין אומגליקלעך לעבן איז געוואָרן אויסגעלאָשן.

מען האָט אים זיין רעכט געטאָן און אין אַ שוואַרצן אָרון אַריינגעלייגט. ביי די זייטן פון אָרון האָבן מיר געשטעלט ליכט און אויסגעקלעפט מגן דודס. זיין נשמה איז זיכער גלייך אין ליכטיקן גן עדן אַוועק, אָבער אונדז איז פון די ברענענדיקע ליכט פינצטער געוואָרן.

מיר זיינען אַלע געזעסן אויף די בענק. קיין איין איד האָט נישט געפעלט. אַ טיפער טרויער איז געווען אויסגעגאָסן אויף אונדזערע פּנימער. עס האָט געהערשט אַ טויט שטילשווייגן, ביז די פרויען



די לויה פון משה פינקלער דער ערשטער ייד אויפן יידישן בית עולם

אין מאנטעריי, נ. ל. מעקסיקא.

האָבן זיך נישט געקענט איינהאַלטן און אויסגעבראָכן מיט אַ יאָמער־דיקן געוויין. די מענער האָבן שטיל געקרעכצט.

דריי אַזייגער בייטאָג האָט געדאַרפט קומען די עגלה. שאַפּיר ווייזט מיר פלוצלונג אָן אויף אייניקע בחורים און ער זאָגט מיר:

— איר זעט אָט די יונגעלייט? זיי זיינען שוין פיר יאָר אין לאַנד. זיי זיינען געקומען אַהערצו פריש, געזונט און שיין און איצט טראָגט יעדער איינער פון זיי זיינע אייגענע ווייטאָגן. דאָס לעבן האָט זיי דאָ געגעבן אַ ביטערע לעקציע. זיי ווערן דאָ ממש פאַר־וועלקט.

אין אַנדערע קרייזלעך רעדט מען אין דער שטיל. מען וויל געפינען אַ טרייסט אין דעם וואָס פינקלער איז כּמעט נישט געפאַלן פון באַנדיטישע שפּיזן.

— אַ קנאַפּע טרייסט — רופט זיך אָפּ איינער — ער האָט זיך געמוטשעט אַזוי פיל טעג מיט משונהדיקע יסורים. קיינער האָט זיך פון אונדז נישט געריכט, אַז ער זאָל פון אונדז אַוועקגעריסן ווערן אויף אַזאַ גרויזאַמען אופן.

די עגלה איז אָנגעקומען און אַ טויטע שטילקייט האָט געמאַכט אַ סוף צו די געשפּרכען. דער אָרון איז אויפגעדעקט געוואָרן. דער דאָקטער האָט אָפיציעל באַשטעטיקט, אַז פינקלער איז טויט. מען שטעלט אַריין דעם אָרון אין דער עגלה אונטער האַרצרייסנדיקע געוויינען און טרויעריק ציט זיך די פּראָצעסיע ביז צום בית עולם. מיר גייען אַלע נאָך מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.

אויפן בית החיים ווערט דורכגעפירט אַ אידישלעכע צערעמאָ־ניע, מען זאָגט „יושב בסתר" און דער אָפענער קבר פאַרשלינגט אונדזער טייערן חבר. מען בעט מיר, אַז איך זאָל זאָגן אַ פּאָר ווער־טער, אָבער איך האָב נישט געקענט דאָס מויל עפענען. מיט די לעצטע כּוחות האָב איך בלויז אַרויסגעמורמלט די פּאָר ווערטער

וואָס פינקלער האָט מיר געזאָגט פּסח צום סדר, ווען ער האָט גע־טרונקען לחיים. „געדענקט, האָט ער געזאָגט, אַז דאָ איז נישט אונד־זער היים". איך האָב אים געענטפערט, אַז דערווייל איז אונדזער היים אומעטום... „יאָ — האָט ער מיר געענטפערט — מיר קויפן זיך אַ היים מיט אונדזער בלוט און שווייס און נאָך אַלעמען באַ־טראַכט מען אונדז אַלס פרעמדע און מען טרייבט אונדז אַרויס...

— זייט נישט טרויעריק — האָב איך אים דאַן געענטפערט. היינט איז פּסח, דער יום טוב פון אונדזער באַפרייאונג. מיר זיינען באַפרייט געוואָרן פון מצרים און געגאַנגען צו אונדזער לאַנד. מיר האָפן, אַז מיר וועלן ווידער באַפרייט ווערן און קומען צו אונדזער לאַנד.

— לחיים — האָט ער געטרונקען און מיר ווידער געדריקט די האַנט — זאָלן שוין טאַקע קומען וואָס גיכער די גוטע צייטן און יידן זאָלן שוין באַקומען ארץ ישראל. עס מוז שוין פאַרווירקלעכט ווערן אונדזער האָפענונג אויף וועלכער מיר וואַרטן שוין טויזנטער יאָרן...

און איך האָב מיינע פאַר ווערטער פאַרענדיקט:

— איך ווייס, אידן, אַז אייך אַלעמען רייסט איצט דאָס האַרץ אויף דעם בליענדן יונגן מאַן, וואָס איז פון אונדז אַוועקגעריסן גע־וואָרן. צוליב אים האָבן מיר געקויפט דאָ אַ שטיק פּלאַץ פאַר אַ בית עולם. זאָל דאָס אונדז דערמאָנען, אַז אויך אברהם אָבינו האָט זיין ערשטן קנין אין חברון געקויפט אַ מערת המכפלה פאַר אַ פאַ־מיליע־קבר. און מיט יאָרן שפּעטער האָט דוד המלך אין דער זעל־בער שטאָט חברון געגרינדעט די שטאַרקסטע אידישע מדינה. זאָלן טאַקע אויך דאָ מקויים ווערן די האָפענונגען פון אונדזער יונגן קרבן, וואָס האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט, אַז מיר זאָלן קומען צו־ריק צו אונדזער היסטאָרישן לאַנד. זאָלן זיינע און אונדזערע האָפע־נונגען מקויים ווערן.

חברים פאַרשיטן דעם קבר. עס ווערט געזאָגט קדיש און גלייך אויפן אָרט ווערט געזאַמלט אַ סומע געלט צו שיקן פאַר פינקלערס עלטערן אין דער אַלטער היים. מען דאַרף שוין גיין אַהיים, אָבער עס איז זייער שווער זיך צו שיידן מיט דעם פרישן קבר. אַלע שטייען מיר מיט אַ שרעקלעכן געפיל פון באַשטראָפטע און באַליידיקטע.

— ברידער אידן, זאָג איך ווידער — אמת איז, אַז פינקלער האָט נישט געדאַרפט שטאַרבן מיט אַזאַ גרויזאַמען טויט. ער האָט נישט געדאַרפט זיין דער ערשטער אידישער מת אויף דעם בית עולם. אָבער וואָס קענען מיר טאָן? מיר דאַרפן זיך טרייסטן מיט דעם, וואָס פינקלערס לעבן איז געווען אַן אָפּשפּיגלונג פון דער טרויעריקער לאַגע פון אונדזער אייביקן וואַנדער־פאָלק. שטרעבנדיק צו קומען צוריק צו אונדזער היים איז אונדזער וועג אויסגעשפּרייט מיט פיל אומשולדיקע קרבנות.

— געשעצטער חבר פינקלער — האָב איך זיך געווענדט אין דער ריכטונג פון פרישן קבר — דיר איז געווען באַשערט צו זיין איינער פון קרבנות. זאָל דיר די ערד גרינג זיין!...

# די גרינדונג פון ערשטן אידישן קלוב „התקוה" אין מאָנטעריי

אונדזער נייער אידישער ישוב אין מאָנטעריי איז געווען יונג. אַלע האָבן זיך פאַרהאַלטן ברידערלעך. מען האָט געהאָלפן איינער דעם צווייטן. אָבער דעם ערשטן טויט־פאַל האָט מען אַזוי לייכט נישט געקענט איבערטראָגן. נאָך דעם טראַגישן טויט פון משה פינקלער, וואָס איז צעביסן געוואָרן פון אַ משוגענעם הונט, האָט זיך ביי יעדן איינעם געלייגט אַ שווערער שטיין אויפן געמיט. עס איז געווען זייער שווער עמיצן צו באַוועגן צו טאָן עפּעס אַ געזעלשאַפט־לעכע אַרבעט.

ווען מען האָט זיך נאָר באַגעגנט האָט מען נאָר גערעדט וועגן פינקלערן און מען האָט זיך געפרעגט, צי עס איז שוין אָנגעקומען אַ בריוו פון זיין שוועסטער און צי האָט מען שוין מודיע געווען זיינע עלטערן.

איין מאָל, בעת אַזאַ געשפּרעך, איז אויך דוד שאַפּער געשטאַנען מיט אונדז און אויסהערנדיק די זיפצן און קרעכצן פון די יונ־געלייט האָט ער זיך אָפּגערופן:

— עפּעס אַ מאָדנע זאַך מיט די היגע „באַיעס". קוקט זיי נאָר אָן ווי דערשראָקן זיי זיינען ווי טרויעריקע הילפלאָזע קינדער.

ביי אונדז אין דער אַלטער היים פלעגט דאָס נישט זיין אַזוי. אַז עס פלעגט אפילו שטאַרבן אַ גאון בישראל, פלעגט מען אים טאַקע פריער אָפּגעבן דעם גרעסטן כבוד, געוואונטשן אים אייביקע רו אין גן־עדן, אָבער באַלד נאָך דער קבורה פלעגט מען טרינקען לחיים און זיך ווינטשן לחיים טובים ולשלום און דעם טויטן לאָזן צורו, ער זאָל רואיק שלאָפן. און דאָ נעמט גאָר קיין סוף נישט. עס איז דאָך אַ גאַנצע רחמנות אויף די לעבעדיקע.

— אמת טאַקע — בין איך מסכים מיט אים — אַזוי איז עס, אָבער איך האָב דערצו איין עצה: מען זאָל ברענגען דעם גאַנצן ישוב צו אַ פאַרזאַמלונג. און אַזוי ווי איר, הער שאַפּיר, האָט געקויפט דעם בית עולם, האָט איר דאָך געטאָן אַ געזעלשאַפטלעכע אַרבעט לטובת הכלל, וועט איר אָפּגעבן אַ באַריכט פון דעם קנין און איך וועל ביי דער געלעגנהייט רעדן וועגן דער נויטווענדיקייט צו אָר־גאַניזירן דאָ ביי אונדז אַן אומפּאַרטייאישן געזעלשאַפטלעכן קול־טור־צענטער.

—איי, איי, איי, — זאָגט שאַפּיר — יאָ, דאָס איז זייער אַ גו־טער איינפאַל. איך האָב דאָך טאַקע געטאָן אברהם אָבינוס ביזנעס, געקויפט אַ מערת המכפלה. עס איז דאָך טאַקע בפירוש אַ מצווה צו באַגראָבן אַ אידן... אָבער אייער פּלאַן איז טאַקע אַ וואונדער־באַרער. עס איז ממש צו מאַכן אַ ברכה איבער דעם. עסן קרעפּלעך איז גוט מיט סמעטענע, גליטשט זיך עס בעסער אַראָפּ. אַ טרוקע־נע זאַך טויג טאַקע נישט. אָט אַזוי וועלן מיר פּראָבירן צוזאַמענ־קלעפּן דאָס וואָס עס קלעפּט, זיך נישט, אַ בית עולם מיט אַ קלוב. איך גיי טאַקע רופן אַ פאַרזאַמלונג.

מען האָט פאַרופן די פאַרזאַמלונג. עס זיינען געקומען אַלע אידן פון מאָנטעריי. שאַפּיר איז געווען אַזש צעפּלאַמט פון פרייד. אין דער געזעלשאַפט האָט ער זיך געפילט ממש ווי אַ פיש אין וואַסער.

שאַפּיר האָט געעפנט די פאַרזאַמלונג און ער גיט אָפּ אַ באַריכט פון די באַדינגונגען אויף וועלכע דער בית עולם איז געקויפט געוואָרן.

— מיר זיינען שכנים מיט דעם אַלגעמיינעם שטאָטישן פּאַנטעאָן — האָט ער געזאָגט, אָבער מיר האָבן אַ באַזונדער אַרומגעצוימטן פּלאַץ. און אין איינער פון די אויסערלעכע ווענט קענען מיר מאַכן אַ באַזונדערן אַריינפאָר פאַר דער עגלה. אָבער דאָס וועט זיין שפּעטער. דערווייל האָבן מיר דאָרטן אַריינגעפירט וואַסער און פאַרזעצט בלומען. און הלוואי זאָלן מיר האָבן אַ סך בלומען און גאָרנישט קיין קברים. איין קבר האָבן מיר שוין דאָרט און דאָס איז געגנוג דערמיט וויל איך פאַרענדיקן דעם טרויעריקן טייל און אָנהייבן רעדן וועגן פריילעכערע זאַכן. איך זאָג אייך, אידן, אַז מיר ווילן איצט אויפקלעפּן אַ קלעפּעניש, אַז עס זאָל זיך צעוואַקסן ווי שבתדיקע חלה, געמאַכט פון פרישע מעל און הייוון. פאַרשטייט איר דאָך, אַז אויב עס האַנדלט זיך וועגן פריילעכע זאַכן, וועלן מיר בעסער לאָזן רעדן דעם לערער.

איך דאַנק שאַפּירן פאַר געבן מיר דאָס וואָרט און פאַר זיינע גוטע נביאות, וואָס מיר אַלע ווילן דאָך, אַז זיי זאָלן טאַקע מקויים ווערן. און איך זאָג:

— איר געדענקט דאָך זיכער פון דער היים, אַז ווען די מאַמע פלעגט באַקן די שבתדיקע חלה, פלעגט זי פאַר אונדז פריער אָפּבאַקן אויף גיך אַ "פּידפּאַלעק" צו מיטגעבן אין חדר אַריין. און דער הייסער „פּידפּאַלעק" איז געווען אַזוי געשמאַק, אַז מיר פלעגן אים איינשלינגען, נאָך איידער מיר פלעגן קומען אין חדר. און דאָס וואָס איך וויל אייך איצט פאָרלייגן וועט זיין געגליכן צו יענעם פּידפּאַלעק און נאָכדעם וועט קומען די שיינע און געשמאַקע שבתדיקע חלה. שלמה המלך האָט געזאָגט „לכל זמן". ביז איצט האָבן מיר

געטרויערט און באַדויערט אונדזער יונגן חבר, וואָס איז פון אונדז אַוועקגעריסן געוואָרן. אָבער איצט מוזן מיר האָבן אַ קאָמפּענסאַציע, נישט נאָר אין דעם בית עולם וואָס מיר האָבן געקויפט, נאָר אין אַ געזעלשאַפטלעכער אינסטיטוציע וואָס זאָל באַפרידיקן אויך אונדז, לעבעדיקע. פון דער טרויעריקער פּאַסירונג דאַרף מען נישט מיינען, אַז אַלץ וועט זיין ביי אונדז מיט שלימזל. ווייל קוקט זיך אום אויף צוריק, אויף די יאָרן פון 1916 ביז 1920, ווען יעקב לעדערבוים־מי־לער איז געקומען קיין מאָנטעריי, ווען עס האָבן אָנגעהייבן קומען די ערשטע אימיגראַנטן, האָבן זיך די איינצלנע תושבים פון דער שטאָט דאַן באַשטייערט מיט צען, 5 און דריי פּעזעס, כדי צו קע־נען געבן די ניי־אָנגעקומענע אַ דאַך איבערן קאָפּ. מען האָט אַזוי צונויפגעזאַמלט 73 פּעזעס און פאַר דער סומע געקויפט זעקס לייוונ־טענע בעטלעך, צו 12 פּעזעס אַ בעטל. בייטאָג זיינען די בעטלעך געלעגן צוזאַמענגעלייגט אויפן הויף און ביינאַכט פלעגט מען זיי אַריינעמען צו לעדערבוימען אין אָפּיס, כדי די אימיגראַנטן זאָלן קע־נען שלאָפן אויף זיי. היינט, גאָט צו דאַנקען, איז שוין דאָ אַ פרייער צימער פאַר אַ נייען אימיגראַנט ביי יעדן איינעם פון אונדזערע בחו־רים. און אַרבעט אויך. און אַזוי וועט אויך גיין ביי אונדז מיט מזל דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן. עס איז פאַר אונדז נייטיק, ווי לופט צו אָטעמען, צו האָבן אַ פּלאַץ וואו זיך צו קענען אויסלעבן אין אַ אידישער סביבה, וואו צו הערן אַ אידיש וואָרט, אידישע פאַרלע־זונגען, וואו צו איינאָרדענען אידישע קולטור־אָוונטן, אַזוי וועט פאַר־גרינגערט ווערן אונדזער בענקשאַפט.

עס הערן זיך זיפצן און אויסרופן אין זאַל. דער עולם שמייכלט צו. איך הער ווי מען זאָגט „יאָ, מען דאַרף טאַקע טאָן אַזוי".

—יאָ, מיינע פריינט — זאָג איך ווידער — איך זע, אַז איר האָט אינערלעך דערפילט, אַז מיר ווערן דאָ גייסטיק אויסגעליידיקט אוים־

לעבן קען מען זיך נאָר אין אַ היימישער סביבה. מיט אידישן מוט און אידישער ענערגיע וועלן מיר בייקומען אַלע שוועריקייטן. אין אַנדערע ערטער, ווי אין וועראַקרוז און אין טאַמפּיקאָ, זיינען שוין דאָ אידישע קלובן. טאַמפּיקאָ האָט שוין אפילו אַ שוחט אויך. איך לייג דעריבער פאָר, אַז מיר זאָלן דאָ גרינדן אַן אומפּאַרטייאישן קולטור־קלוב, וואָס וועט אַלעמען צופרידנשטעלן. אונדזער קליינער ישוב דאַרף נישט צעשפּליטערט ווערן אויף פאַרשידענע פּאַרטייען.

—יאָ, יאָ, — רופט זיך אָפּ שאַפּיר. מיר וועלן שוין טאַקע דאָס מאַכן. אָבער כדי דאָס צו דורכפירן דאַרף מען האָבן דריי זאַכן: געלט, און געלט. און אַ לאָקאַל און מעבל און אַ בופעט. עסערים אומזים־טיקע וועלן מיר האָבן געוננג. אָבער אַן איניציאַטיוו־גרופּע דאַרף מען שוין האָבן.

פריילעכע אויפרופן פון צושטימונג הערן זיך פון אַלע זייטן...

באַלד אויפן אָרט איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיסיע וואָס איז באַשטאַנען פון: דוד שאַפּיר, שמשון מאַרקעוויטש, משה טיש־מאַן און יעקב לעדערבוים־מילער. געלט איז שוין געשאַפן געוואָרן. מיר איז איבערגעגעבן געוואָרן די אויפגאַבע צו צענויפנעמען די ביכער פון דער אַמאָליקער ביבליאָטעק, וואָס האָט עקזיסטירט ביי די צוויי שניידערס און זען אָרגאַניזירן די נייע ביבליאָטעק.

דער עולם איז אַוועק מונטער און צופרידן.

# דאָס אידישע לעבן אין מאָנטעריי גייט אין אַ רעליגיעזער ריכטונג

אַ פּאַסיקן לאָקאַל פאַר אונדזער קלוב איז ניט געווען אַזוי לייכט צו געפינען. דערווייל האָבן זיך אונטערגערוקט די ימים נוראָים. ראש השנה און יום כיפור פלעגן מיר דאַוונען ביי שאַפּירן אין הויז. דאָרט האָבן מיר איינגעאָרדנט אונדזער מנין. אַ ספר תורה האָבן מיר געהאַט נאָך פון פריער, אַן איראָפּעאישע וואָס צוויי אימיגראַנטן האָבן מיטגעבראַכט זי צו איבערשיקן אין די שטאַטן, ווייל זי איז געווען אַ משפחה-ירושה. דערווייל פלעגן מיר זיך מיט איר באַנוצן אין מאָנטעריי. אָבער קיין שופר האָבן מיר נישט געהאַט, חזנים האָבן מיר געהאַט היימישע. ראש השנה און יום כיפור האָט קיין איינציקער איד נישט געפעלט צו די תפילות אויך שמיני עצרת, צו הזכרת נשמות פלעגט מען קומען. אָבער שמחת תורה איז שוין קוים געווען אַ מנין.

—נו, וואָס זאָגט איר עפּעס אויף אונדזער גוואַרדיע — פלעגט מיר זאָגן שאַפּיר — עס קען דען גוט זיין, אַז מען דאַרף מאַכן פון שניי באַלאָבעשקעס? און אפילו די „באָיעס” וואָס זיינען שוין יאָ געקומען שטייען דאָ ווי אויף איין פוס. מען מוז געפינען אַ פּאַסיקן

פּלאַץ פאַר אַ קלוב. דאָס וועט זיי אפשר פּאָרט אַלעמען צוזאַמענ־ברענגען.

אָבער דאָס זוכעניש האָט געדויערט צו לאַנג. איך האָב דער־ווייל אויסגענוצט די צייט און צונויפגענומען די ביכער פון דער גע־וועזענער ביבליאָטעק און אָנגעהייבן צוגרייטן מיינע זעקס תּלמי־דים מיט דעקלאַמאַציעס פון אידישע און העברעאישע לידער, כדי זיי זאָלן צוגעבן פייערלעכקייט דער דערעפענונג פון קלוב און כדי דער אַקט זאָל טראָגן אַן היימיש־אידישן כאַראַקטער.

אַנהייב דעצעמבער טרעף איך אָן אין גאַס שאַפּירן. איך דער־קען שוין אין זיין גאַנג עפּעס אַ פרייל עכקייט. מיט אַ קלאַפּ אין פּלייצע זאָגט ער מיר:

— איך האָב אים „פּאַט שיאַפּעט” און ער איז שוין דאָ...

—ווענען, פרעג איך, דעם ברודער אייערן?

— ניין — ענטפערט ער צופרידן — אַ לאָקאַל האָב איך שוין. אַ לאָקאַל פאַרן קלוב אויף דער גאַס אַרעמבעריע. מיר קענען שוין דאָרט אַריינשטעלן דאָס מעבל.

מיר האָבן באַלד באַשלאָסן, אַז די דערעפענונג פון קלוב זאָל דורכגעפירט ווערן חנוכה. שאַפּיר האָט גלייך אַלעמען געלאָזט וויסן די גוטע בשורה. אין אָוונט האָב איך שוין אין לאָקאַל און קלוב געטראָפן אַלע אונדזערע יונגעלייט מיט עטלעכע פרויען. מען שערט שוין אוים מגן דודים פון קאָלירטן פּאַפּיר. מען דרייט און מען פלעכט קאָלירטע סטענגעס. יעדער איינער פלייסט זיך צו טאָן עפּעס וואָס דער צווייטער זאָל נישט קענען נאָכמאַכן. די אַרבעט גייט צו זייער פריילעך, מען כאַפּט אַ טענצל אינמיטן און אָט טראָגט מען שוין לאַנגע בענק און מען לייגט אוים ברעטער אויף זיי, כדי דאָס זאָל אויסזען ווי אַ סצענע, ווי אַ בינע, פאַר מיינע זעקס קינדערלעך

„אַרטיסטן". דאָס צימער איז געווען אַ גרויסער און אַ באַקוועמער ווי אַ טאַנץ-זאַל. שאַפּיר קומט צו און זאָגט מיר:

— אָט דאָ האָט איר אַ צימער פֿאַר דער ביבליאָטעק און דאָ — אַ גרויסער צימער פֿאַר די פּרעסערס, פֿאַר דעם בופֿעט, מיין איך.

פֿון די שטאָטן האָט הער סאָלאָף געבראַכט בילדער פֿון אידי־שע שרייבער און אַרום יעדן בילד האָבן די פֿרויען געמאַכט באַפּו־צונגען פֿון בלומען. עס איז אָנגעגאַנגען אַ קאָנקורענץ צווישן די פֿרויען וועמענס בילד וועט זיין שענער באַפּוצט. און אַמשענסטן זיינען אַרויסגעקומען די בילדער פֿון ביאַליק און פּרץ.

# די דערפעפענונג פון קלוב

ענדלעך איז געקומען די פון לאַנג דערוואַרטע דערעפענונג פון אונדזער קלוב. איך קום אַריין אין זאַל און דער אויסזען פון לאָקאַל, מיט די אידישע באַפוצונגען, מאַכט אויף מיר אַ יום טובדיקן, פריילעכן איינדרוק. מען כאַפּט אַרום יעדן איינעם און מען גייט מיט אים אַ טענצל. יוגנט-פרייד און לוסטיקייט גיסט זיך איבער די ברעגן, ביסלעכווייז שטעלט זיך איין אַביסל אָרדענונג.

שאַפּיר פאַרנעמט זיין אָרט אין פרעזידיום. און ער זאָגט צו מיר:

— איך דאַרף איצט זיין זייער ערנסט און אָנגעבלאָזן, הייסט עס. און איך בין גאָרנישט געוואוינט דערצו.

— מאַכט עס בקיצור — ענטפער איך אים.

שאַפּיר טוט אַ רייב די הענט אונטערן טיש, ווי איינער וואָס פאַרנעמט זיך אויף שווער געפעכט, אָבער קיינער האָט עס נישט באַמערקט. ער דערקלערט „די זיצונג פאַר געעפנט".

דער גאַנצער עולם שטעלט זיך אויף. מען זינגט „התקוה".

— אַ גרויסן דאַנק אייך, „באַיעס" — זאָגט שאַפּיר נאָכדעם. איר זינגט טאַקע זייער שיין. און גלויבט מיר, פריינט, אַז עס איז ביי מיר איצט אַזאַ פרייד פונקט ווי דעמאָלט, ווען נאָך לאַנגע וואַנדערנישן און אַרומשלעפענישן, האָב איך באַוויזן צו געפינען פאַר

זיך און פאַר מיין פאַמיליע אַ היים. זאָל דער קלוב איצט זיין אונד־זער אַלעמענס געזעלשאַפטלעכע היים. זאָל זיין מיט גליק. איר ווייסט דאָך, אַז קיין גרויסער רעדנער בין איך נישט, וועל איך איבערגעבן דאָס וואָרט צו אונדזער לערער. אָבער איך וויל אייך פאַרזיכערן, אַז אַלע רעדעס וועלן זיין קורצע.

דער לערער אַליין, דאָס הייסט מיין ווייניקייט, איז אויך גע־ווען איבעראַשט פון פרייד. באַקומענדיק דאָס וואָרט פון שאַפירן פאַר אַ קורצער רעדע, פאַרבינד איך די פייערונג מיט דער חשמו־נאים-עפּאָכע און איך זאָג:

— ברידער, ביי דער איצטיקער שמחה, ווען מיר ווערן אידיש־געזעלשאַפטלעך אָרגאַניזירט, און ווען מיר פייערן אונדזער יום טוב חנוכה, טראָגט מיר אַוועק דער געדאַנק צו יענער צייט פון פינצ־טערניש, ווען דער טיראַן אַנטיוכס האָט נישט נאָר געוואָלט צונע־מען ביי די אידן זייער לאַנד, נאָר אויך פאַרניכטן זייער תורה, זייער רעליגיעזע קולטור און איינפירן דאָס גריכישע געצנדינסט און די גריכישע שפּראַך. פאָטערס און מוטערס זיינען געטויט געוואָרן פאַר אָפּהיטן שבת און פאַר לערנען תורה מיט זייערע קינדער. דאָס פאָלק אָבער האָט נישט געלאָזט זיך אַריינשלעפּן אין דער פינצטערניש פון דעם גריכישן געצנדינסט און נישט נאָר גרויסע האָבן זיך קעגנ־געשטעלט. אפילו קליינע קינדערלעך האָבן אַרויסגעוויזן מסירת נפש. די באַרימטע מוטער חנה מיט אירע זיבן זין איז געווען אַ מוסטער. דער באַרימטער אויסגעשריי פון מתתיהו „מי לד׳ אלי״ האָט אָפּ־געהילכט איבעראַל. און דאָס געשריי איז געבליבן נישט נאָר אויף צענטליקער דורות, נאָר אויף אַלע אייביקייטן. אַלע צו גאָט און אַלע צום פאָלק. דער גריכישער געצנדינסט איז אונטערגעגאַנגען, אָבער דאָס אידישע פאָלק איז געבליבן לעבן און וועט לעבן אייביק. מיר זיינען פאַרבליבן מיט אונדזער תורה און מיט אונדזער שפּראַך און

מיט אונדזער פּריוילעכן און ליכטיקן חנוכה יום טוב. זאָל אויך דאָ אין מאַנטעריי ווערן ליכטיק פון אידישער קולטור און אידישער שאַפונג. זאָל חנוכה זיין פאַר אונדז אַ סימבאָל פון אַ ליכטיקער צו־קונפט, סיי אין מאַטעריעלן זין און סיי אין גייסטיקן. זאָלן מיר אונדזערע געפילן איבערגעבן צו אונדזערע קינדער, אונדזערע צו־קונפטיקע יורשים. אַזוי ווי דער יום טוב חנוכה האָט דאָס גאַנצע פאָלק אַמאָל פאַראייניקט, אַזוי זאָל אויך ווערן פאַראייניקט אין ברידערלעכקייט און שלום אונדזער אידישער ישוב און ווי איין גאַנ־צע פרידלעכע פאַמיליע זאָלן מיר דינען ווי אַ סימבאָל. זאָל אונד־זער ישוב זיך אַנטוויקלען און וואַקסן!

דער עולם אַפּלאָדירט. אַלע זיינען צופרידן. שאַפּיר רוימט מיר איין אין אויער:

— איי, איי, איי, דאָס ווילן מיר דאָך טאַקע. הלוואי דערלעב איך עס צו זען מיט מיינע אייגענע אויגן. אונדזערע קינדער זאָלן זיין אונדזערע יורשים פון אידישקייט.

— מיר וועלן נאָך דאָ אויך האָבן אַ אידישע שולע — טרייסט איך אים.

— יאָ, ביי גאָט איז אַלץ מעגלעך — זאָגט ער.

דערווייל גיט מען אַ וואָרט אַ צווייטן רעדנער. דאָס וואָרט באַ־קומט הער שמשון מאַרקעוויטש. דער רעדנער ברענגט אַ מאמר פון מדרש, אַז ווען יעקב איז געלעגן אויף די שטיינער און זיי האָבן זיך געקריגט צווישן זיך, האָט גאָט געמאַכט פון אַלע שטיינער איין שטיין. אַזוי, האָט אויסגעפירט דער רעדנער, זאָל אויך אונדזער ישוב ווערן פאַראייניקט, אַלע ווי איין מענטש!

עס באַגריסן נאָכדעם משה טישמאַן און יעקב לאַדערבוים־מי־לער. נאָכדעם הויבט זיך אָן דער קינסטלערישער פּראָגראַם.

מיין ערשטע „אַרטיסטקע" איז געווען דאָס מיידעלע אסתר לאַ־שאַק, אַ געבוירענע אין ארץ ישראל. זי האָט דעקלאַמירט אין העב־רעאיש ביאַליקס „אל הציפּור" און „החלום", ווייל די צוויי זאַכן האָב איך געדענקט אויף אויסנווייניק. קיין שום העברעאיש לערן־בוך איז דאָך אין מאַנטעריי נישט געווען דאַן. די קליינע איז גע־ווען אַ פאַרחלומטע מיידעלע און ביים רעציטירן האָט זי אַליין טיף איבערגעלעבט דאָס דעקלאַמירטע. זי האָט געמאַכט אַ געוואַלטיקן איינדרוק אויף דעם עולם.

שאַפּירס קינדער האָבן שפּעטער אַלע דעקלאַמירט אידישע לי־דער און צוזאַמען געזונגען אין כאָר. ענטוזיאַסטישע אויסרופן האָבן פאַרהילכט דעם זאַל „אונדזער אידישע קולטור לעבט און וועט לעבן אייביק!" אַט זעט, זי לעבט שוין אין מויל פון אונדזערע קינדער.

איינער שטעלט אַפּ דער קליינער אסתרקען און זאָגט צו איר:

— דו האָסט אַזוי שטאַרק אויסגעשריען „אוי, מלאך השמים. איה, איה הכנפים"? איז מילאַ די פליגל האָסטו נישט געזען, אָבער דעם מלאך האָסטו יאָ געזען.

— ווער ווייסט? — ענטפערט זי תמימותדיק — אפשר האָב איך אים געזען אין חלום.

די אַרומיקע כאַפּן דאָס מיידעלע און הויבן זי אין דער לופטן פון ענטוזיאַזם. דער עולם הייבט אָן זינגען בציבור. אַרום די טישן זינ־גען אויך איניקע סאַלאַ. צוקוקנדיק זיך צו דער באַגייסטערונג פון די פאַרזאַמלטע האָט מען לייכט געזען, אַז אַלע יונגעלייט זיינען מיט לייב און לעבן געווען צוגעבונדן צו אידישקייט. איצט האָבן זיי דאָ אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם אומעט, וואָס האָט זיי די גאַנ־צע צייט פאַרפאָלגט. עס האָט זיך געשאַפן איין פריינטלעכע און צענויפגעוואַקסענע אידישע פאַמיליע פון די 38 בחורים און פון די זעקס אידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין מאַנ־

טערײ. און אַזױ משפּחהדיק און פרײנטלעך איז דער ישוב פאַרבליבן צװישן זיך אױף צענטליקער יאָרן. אין דעם ליכטיקן יום טוב חנוכה האָט אױפגעלױכטן אַ שטיק ליכטיק אידיש לעבן אין מאָנטעװידעאָ און מיט דער צײט זיך נאָכמער פאַרפעסטיקט סײ רעליגיעז און סײ נאַציאָנאַל.

דער קלוב האָט באַקומען דעם נאָמען „התקוה". עס איז אױסגעקליבן געװאָרן אַ פאַרװאַלטונג מיטן הער יעקב לעדערבױם־מילער אַלס פּרעזידענט. איך האָב אָרגאַניזירט די ביבליאָטעק און עס איז אױך באַשטימט געװאָרן אַ מענטש צו אָנפירן מיט דעם בופעט. מען האָט שױן אױך באַשטימט צו דורכפירן דעם קומענדיקן זונטיק אַ טאַנץ־אָװנט. דער טאַנץ־אָװנט אין דעם אײגענעם לאָקאַל איז געװען אַ גרױסער דערפאָלג און דער בופעט האָט געהאַט אַ גאַנץ פײנע הכנסה. אַזױ אַרום האָט דער מענטש, װאָס איז באַשטימט געװאָרן פאַר דעם בופעט דאָס איבערגענומען װי זײן פּרנסה. דער טאָג איז געװען אַ גליקלעכער פאַר דעם גאַנצן אידישן ישוב פון מאָנטעװידעאָ. דאָס איז געװען חנוכה, צו דעם פינפטן ליכטל דעם 25־טן דעצעמבער 1925. אין יענער נאַכט איז דערעפנט געװאָרן דער אידישער קלוב אין מאָנטעװידעאָ.



די דערעפענונג פונם יידישן קולטור קלוב התקוה אין מאָנטעריי, נ. ל.

# איינדרוק פון ערשטן אידישן קולטור־קלוב אין מאָנטעריי

דעם מענטשנס יונגט איז זייער שיין. נישט אומזיסט בענקט מען שטענדיק נאָך איר. און עס ווייזט זיך אויס, אז מען האָט נישט אלץ אויסגענוצט וואָס מען האָט געקענט, ווען מען קומט אויף די עלטערע יאָרן און ווען מען קען שוין נישט דערגרייכן דאָס וואָס מען וויל. — בענקט מען שטאַרק נאָך דער יוגענד.

די יונגע יאָרן ביים מענטשן, דאָס זיינען די בלומען וואָס לאַכן מיט זייער פרישקייט און צערטלעכער שיינקייט. עס קומט אָבער א כמורנער און נאַסער טאָג און די בלומען בלייבן שטיין אויסגעצוואָגענע מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און מען קען פון זייער שיינקייט נישט געניסן.

אַזוי פּאַסירט עס מיט א סך מענטשן און אַזוי האָט עס אויך פּאַסירט מיט מיר אַליין. געבענקט האָב איך א לאַנגע צייט נאָך געזעלשאַפטלעכקייט און ווען עס איז שוין געווען עפּעס וואָס צו טאָן ביי אונדז, בין איך קראַנק געוואָרן פון נישט עסן ווי עס דאַרף צו זיין.

אַזוי ווי געוויסע עסנס האָבן מיר נישט געשמעקט און אַנדערע ווידער האָב איך נישט געקענט פאַרטראָגן, האָב איך אָנגעהייבן צו

לעבן מיט אבי וואָס, מיט שיה פּיה, און דער מאָגן מיינער איז צוליב דעם געוואָרן שטאַרק איינגעשרומפּן. ווען איך פלעג עפּעס עסן, פלעגט מיר שניידן אין בויך און איך האָב באַקומען היץ. איך בין קראַנק געוואָרן אויף יאָרן לאַנג און גאָרנישט געקענט טאָן, נישט פאַר זיך און נישט פאַר יענעם. אפילו אַ לעבן האָב איך דאַן נישט געקענט מאַכן.

דער ניי־געגרינדעטער קלוב איז אָבער געווען אַ יונגע אינסטי־טוציע וואו אַלע פלעגן קומען טרינקען אַ גלעזל טיי, לייענען אַ אי־דישע צייטונג. עס פלעגן קומען סיי יונגע און סיי עלטערע מענטשן. אָפטער פלעגט מען מאַכן טאַנץ־אָוונטן. די יוגנט פלעגט קומען זיך פאַרוויילן און עס האָט אויסגעזען, אַז קיין העכערע אידעאַלן פלעגט זיי דאַן נישט זוכן. אָבער איינמאָל זייענדיק אויף אַ טאַנץ־אָוונט און רעדנדיק מיט די פאַרשיידענע בחורים און מיט די עלטערע מענטשן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די געזעלשאַפט האָט זיך צע־טיילט אויף פאַרשידענע גרופּעס. עס זיינען געווען אַזעלכע וואָס זייער ציל איז געווען נאָר צו מאַכן געלט. אַנדערע ווידער, ווי שאַפיר און נאָך אייניקע צו אים, האָבן געזאָרגט פאַר אידישער גייסטיקייט, פאַר אידישן חינוך די אידן פלעגן קריגן אַן ענטפער פון די מאַטע־ריאַליסטישע זאָרגלאָזע אידן, אַז פאַרן חינוך דאַרף מען זיך זאָרגן וואָס וויניקער, וועט זיין פיל געזינטער... די קינדער דאַרפן וויסן וואָס וויניקער פון אידישקייט, וועט זיין פאַר זיי פיל בעסער. די דאָזיקע אידן וואָס פלעגן אַזוי דענקען זיינען געקומען פון לענדער וואו זיי האָבן געליטן פון נויט און פאַגראָמען. עס זיינען אָבער אויך געווען אַזעלכע וואָס האָבן געבענקט נאָך אַ לעבעדיקן אידישן וואָרט, נאָך אַ אידיש ליד, נאָך אַ אידישער טעאַטער־פאָרשטעלונג. עס זיי־נען געקומען פון דער אַלטער היים פאַמיליעס מיט קליינע קינדער וואָס האָבן געטענהט: „וואָס גיט אונדז דער קלוב? פאַר אונדזערע

קליינע קינדער וואָס גיט ער" און אַ קלוב בלויז פאַר קולטור האָט ביי קיינעם נישט געקענט אַרויסרופן קיין ענטוזיאַזם.

עס זיינען אָבער אויך געווען אַזעלכע קולטור־אידעאַליסטן ווי יעקב ניומאַן, צום ביישפּיל, וועלכער האָט געוואָלט פאַרשפּרייטן קולטור אפילו צווישן די מעקסיקאַנער פאָלקס מאַסן. ער האָט גע־קויפט אַ בענזין־מאָטאָר און אַ דינאַמאָ, אָפּגעזוכט אַ מעכאַניקער וואָס האָט געקענט „דרייען" פילם־בילדער און אַזוי ווי דער פילם איז אין יענער צייט געווען די פּאָפּולערסטע און ביליקסטע פאַר־ווײַלונג, פלעגט ניומאַן באַקומען פילם־בילדער אויף „פּראָקאַט" און ער פלעגט אַרויספאָרן אין די זונטיקס, ווען ער פלעגט פאַרענדיקן זיין אַרבעט, אין די אַרומיקע שטעטלעך און ווייזן די פילמען פאַר די אָרעמע מעקסיקאַנער. ווען איך האָב אים איינמאָל געפרעגט, צי ער האָט פּרנסה דערפון, האָט ער מיר געענטפערט:

— קיין פּרנסה האָב איך נישט דערפון. עס בלייבט מיר נישט איבער קיין פּרנסה. נאָכדעם ווי איך באַצאָל דעם מעכאַניקער און „פּראָקאַט" פאַר די בילדער, דאַרף איך נאָך דאַנקען גאָט וואָס מיר קומט נישט אויס צוצולייגן קיין געלט. עטלעכע מאָל איז מיר שוין אפילו אויסגעקומען צו צולייגן געלט צו דעם עסק. איין מאָל איז קאַליע געוואָרן אַ געוויסער טייל פון מאַשין און אַ צווייטן מאָל האָט דער מעכאַניקער געמאַכט אַ טעות און מען האָט דעם פילם נישט געקענט ווייזן...

אויך אַ צווייטער בחור וואָס איז געשטאַנען בעת אונדזער גע־שפּרעך איז פאַרגעקומען האָט אים געשטעלט די פראַגע, צו וואָס לוינט עס אים צו פּטרן אַזוי פיל צייט, געזונט און געלט פאַר דער אַרבעט, און דערצו נאָך אין אַ זונטיק, ווען ער דאַרף זיך אָפּרוען אַביסל. אָבער ניומאַן האָט געענטפערט:

— ווען איר וואָלט געזען מיט וויפל דאַנקבאַרקייט און סימ־

פּאַטיע מען באַגעגענט מיר אומעטום וואו איך קום ווייזן די פּיל־מען. אפילו די באַאַמטע פון שטאָט דאַנקען מיר פאַר דעם פאַרגע־ניגן וואָס איך פאַרשאַף זיי. זיי ווייסן, אַז אַ איד זוכט נישט קיין פאַרדינסטן ביי זיי. דער מוניציפּאַל־ראַט פון שטעטל גיט אונדז אויך דעם זאַל אָן געלט.

— יאָ, זאָג איך צו יעקבן — איר טוט אַ גוטע זאַך און איר זאָלט עס אויך ווייטער טאָן. יעדער איינער וואָס טוט עפּעס פאַר דער געזעלשאַפט איז ווי די נאָדל וואָס קריצט אויס אויף אַ מוזיקן־פּלאַט פאַסיקלעך און פאַסיקלעך. און ווען איר קוקט אויפן פּלאַט זעט איר נאָר די פאַסיקלעך, אָבער ווען איר שטעלט עס אָן מיטן פאַטעפאָן הערט איר די שיינע מוזיק, זאָל יעדער איינער טאָן וואָס ער קען צום גוטן פון דער געזעלשאַפט.

דער קולטור־קלוב איז דערנאָך שוואַך באַזוכט געוואָרן און עס האָט שוין אָנגעהייבן צו אויספעלן געלט צו באַצאָלן דאָס דירה־געלט. נאָר דאָ זיינען אונטערגעקומען די ימים נוראים און עס איז אַראָפּ־געקומען אַ איד וואָס האָט געזאָגט, אַז ער איז אַ חזן. שאַפּיר האָט באַלד געהאַלטן, אַז מען דאַרף דעם אידן צונעמען אַלס חזן פאַר די ימים נוראים, כדי מען זאָל קענען אַרויסנעמען עפּעס געלט פאַרן קלוב.

דער חזן איז געבליבן אין מאָנטעריי און ראש השנה איז אַריינ־געפאַלן געלט פון די עליות, אַז עס איז געבליבן פאַרן חזן און פאַרן קלוב אויך. יום כיפור איז אַריינגעפאַלן נאָך געלט פון די עליות. עס זיינען אויך געווען אייניקע געסט פון די שטאַטן. צו כל נדרי האָט פּאַסירט אַזאַ מין אינצידענט:

ווען מיר האָבן שוין פאַרענדיקט זאָגן כל נדרי זיינען אַריינגע־לאָפן די געסט פון אַמעריקע מיט אַ געשריי.

— וואָס איז דאָס פאַר אַן איילעניש? ביי אונדז ווארט מען ביז דערגאַנצער עולם קומט זיך צונויף.

עס איז געוואָרן אַ טומל און אַ געשריי. דער חזן האָט זיך דער־שראָקן, אַז מען וועט אים אפשר נישט באַצאָלן, האָט ער אָנגעהייבן זאָגן נאָכאַמאָל כל נדרי. דער עולם האָט געמאַכט אַ שווייג, אבי מען זאָל אויפהערן זיך טומלען. אייניקע האָבן זיך געוויצלט זאָגנ־דיק, אַז „אין צווייען איז שטאַרקער".

פון די ימים נוראים איז טאַקע געבליבן געלט צו באַצאָלן עט־לעכע חדשים דירה־געלט. אָבער גלייך נאָך יום טוב האָט דער קלוב אָנגעהייבן ווידער בלייבן פוסט און ליידיק. די פאַרוואַלטונג האָט אינגאַנצן נישט געאַרבעט, נאָר דער סימפּאַטישער פאָלקס־מענטש, חיים לאָשאק, האָט געהאַלטן אָפן דעם לאָקאַל. דער בופעט איז גע־בליבן אָפן און נאָר דערפון האָט מען געקענט צאָלן דירה־געלט און אויפהאַלטן דעם קלוב כמעט אַ יאָר צייט.

עס איז אָבער אונטערגעקומען אַן אַנדער צרה. דער ווירט פון הויז וואו דער קלוב האָט זיך געפונען, האָט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אים פריי מאַכן דעם לאָקאַל, ווייל ער האָט דאָרט געוואָלט פאַרדינגען אַן אַנדער אינסטיטוציע. עס איז אפילו נישט געווען ווער עס זאָל גיין זוכן אַן אַנדער לאָקאַל. איך האָב קראַנקערהייד געאַר־בעט ביים הער משה וועגנער און ער האָט מיר, זיין אָנגעשטעלטן, אויך געגעבן אַ צימער אין זיין הויז צו וואוינען. אַדאַנק זיין גוט־הערציקייט און דעם רחמנות אויף מיר וואָס זיין פרוי, כאַסיע וועג־נער, האָט געהאַט, בין איך געבליבן לעבן און אָנגעהייבן צוריק קומען צום געזונט. אין אויגוסט 1927, ווען איך האָב שוין געטראַכט צו גיין זוכן אַן אַנדער לאָקאַל, האָט זיך דער קלוב פאַרמאַכט. אַ טייל פון די ביכער און פון די מעבל האָט מען אַריינגעטראָגן צו מיר אין צימער. דערביי האָט מען מיר געזאָגט:

— אַזוי ווי איר האָט אָנגעהייבן צו טאָן, טאָ טוט ווייטער.
איך האָב צוגעזאָגט צו טאָן וואָס איך וועל קענען און ווען מיין געזונט וועט מיר דערלויבן. עס איז געווען צו זען, אַז דער קלוב וואָס האָט זיך געמוזט פאַרמאַכן, האָט דאָך איבערגעלאָזט ביי דער יוגנט אַ בענקשאַפט. אַ סך פון זיי זיינען אָפט געזעסן אין מיין צי־מער און באַדויערט מיין אומבאַהאָלפנקייט.

# דאָס רעליגיעזע אידישע לעבן אין מאָנטערײ

אַ וואַנדערנדיקער איד מיטן נאָמען שיין איז געקומען קיין מאָנ־טערײ, נאָכדעם ווי ער האָט שוין באַזוכט כמעט אַלע לאַטײנאַמערי־קאַנער לענדער. ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך אַ קליינע ספר תּו רהלע און האָט געזוכט אַ אידן וואָס זאָל אים געבן אַ הויז וואו צו קענען יעדן שבת מאַכן אַ מנין. צוערשט איז געלונגען יעדן פריי־טיק צו נאַכטס, צו קבלת שבת, צו דאַוונען בציבור. אָבער שפּעטער האָט זיך שוין איינגעשטעלט אַ מנין אויף יעדן שבת מיט קריאת התורה. נאָכדעם האָט זיך דער מנין איינגעשטעלט רעגולער.

מען האָט אויך ביי שיינען אין הויז געדאַוונט ימים נוראים. עס איז געקומען קיין מאָנטערײ ר׳ שמואל שוחט, אַ פרומער איד, אַ דרדקי מלמד אין דער אַלטער היים און ער האָט מיטגעבראַכט אַ כתב פון רב פון זיין שטעטל, אַז ער מעג שחטן עופות. אין יענער צייט זיינען געקומען קיין מאָנטערײ איניקע אידישע פאַמיליעס מיט קליינע קינדער. צו ר׳ שמואל שוחט האָט מען אָנגעהייבן טראָגן עופות צום שחטן. די ניי־אָנגעקומענע האָבן אויך איינגעשטעלט כשרות אין זייערע היימען. אַנדערע האָבן געכשרט זייערע כלים און אַנדערע האָבן צום פריערדיקן פלייש אויך אָנגעהייבן נוצן אַ כשר געשחטן עוף. האָט ר׳ שמואל דערווייל געהאַט אַרבעט און די

פאמיליעס האבן אויך אנגעהייבן צו געבן זייערע קינדער צו ר׳ שמואלן צו לערנען אויף דעם אלטן חדר־סיסטעם.

דער קלוב איז די גאנצע צייט געווען פארמאכט. אין סעפטעמבער 1928 איז קיין מאנטעריי אנגעקומען ר׳ יעקב פאסטיק, א שוחט בן שוחט און אויך א מוהל. אויף ימים נוראים איז שוין געווען באשטעלט א חזן און אויך א שוחט. ר׳ יעקב מיט דעם צווייטן חזן האבן געדאווענט ימים נוראים, אבער אלס שוחט איז געבליבן אין מאנטעריי ר׳ יעקב פאסטיק.

אלע האבן זיך באשטייערט כדי צו אויסהאלטן דעם שוחט. ר׳ יעקב האט געשחטן בהמות מיט בדיקה כדת וכדין און די גרעסטע מערהייט אידן האבן געמאכט כשר זייערע היימען און אופיגעהערט צו קויפן טריפה פלייש. צו יענער צייט איז הער שיין אפגעפארן פון מאנטעריי און דער מנין איז אריבערגעגאנגען צו ר׳ יעקבן אין הויז. אין יאר 1928 האט בנימין אסטראוויאק געקויפט פאר זיינע געלט א ספר תורה און זי אריינגעגעבן צו ר׳ יעקב פאסטיקן אין הויז.

אזוי איז אין מאנטעריי באפעסטיקט געווארן די רעליגיעזע אידישקייט, מיט א מוהל, מיט א מנין יעדן שבת און אויך אין דער וואכן ביי א יארצייט און אויך מיט א ספר־תורה וואס איז שוין געבליבן אין מאנטעריי אויף שטענדיק.

# דער אידישער קלוב אין מאָנטעריי לעבט ווידער אויף

אין 1928 זיינען קיין מאָנטעריי אָנגעקומען עטלעכע יונגע און אינטעליגענטע יונגעליים. אייניקע פון זיי זיינען געווען: לייבל בערק־מאַן, אַן אינטעליגענטער און באַלעזענער מענטש און זלמן וויזשאַנס־קי, אַ יונגערמאַן וואָס האָט געקענט לערנען אַ בלאַט גמרא און אויך געהאַט אַ סערטיפיקאַט אַלס העברעאישער לערער. און צוזאַמען מיט די פריערדיקע אינטעליגענטע כוחות האָט זיך געבילדעט אַ קליינע גרופּע וואָס האָט זיך פאַרטראַכט ווי אַזוי צו אויסבעסערן דאָס מאָנ־טערייער אידישע לעבן און פּראָבירן צו איינפירן מער גייסטיקן אינהאַלט.

עס פּאַסירט אָפט אין אַ געזעלשאַפט, ווען מען האָט אַן אָרט וואו זיך צו פאַרזאַמלען, פאַרגעסט מען אַז מען דאַרף די אָרגאַ־ניזאַציע אַנטוויקלען און פאַרשטאַרקן און אַז מען טאָר נישט זיין נאכלעסיק. נאָר דאַן ווען די אָרגניזאַציע פאַרמאַכט זיך, דערמאָנט מען זיך, אַז עפּעס פעלט און מען הייבט אָן צו בענקען נאָך איר. אַזוי איז אויך געווען אין מאָנטעריי.

נישט איינמאָל פלעגט מען מיר באַגעגענען אין גאַס און פרעגן:

— וואָס איז געשען? פאַרוואָס טוט מען גאָרנישט?

און אַזוי בּיסלעכווייז האָב איך געזען, אַז די יוגנט זאָל אויס־טיילן פון זיך אַן איניציאַטיוו־גרופּע און איך האָב אויך געזאָרגט דערפאַר, אַז די פאַמיליע־מענטשן זאָלן אויך צוהעלפן, כּדי צו קע־נען ווידער עפענען דעם אידישן קלוב אין מאָנטעריי.

— איר דאַרפט נאָר זען קריגן געלט צו בּאַצאָלן דעם ערשטן חודש דירה־געלט — האָב איך געזאָגט צו דער גרופּע — און דער־נאָך וועט מען שוין דעם קלוב שטיצן.

עס האָט זיך אָרגאַניזירט אַן איניציאַטיוו־גרופּע פון דער יוגנט אין בּאַשטאַנד פון: זלמן וויזשאַנסקי, הרצל זאַסלאַוו, אשר ליכטענ־שטיין און אהרן גאָלדמאַן. מען האָט אָפּגעזוכט אַן אַלטע דירה אויף דער גאַס לערדאָ דע טעכאַדאַ. איך האָב צו דער גרופּע אַרויס־געגעבן דאָס מעבּל און די בּיכער פון דעם פריערדיקן קלוב, וואָס זיינען געלעגן בּיי מיר אין צימער און מודיע געווען אַלעמען, אַז מען וועט ווידער עפענען אַ אידישן קלוב.

אין דעם ערשטן פּראָטאָקאָל פון דער איניציאַטיוו־גרופּע, וואָס איז געשריבּן געוואָרן דורך זלמן וויזשאַנסקי, ווערט געזאָגט, אַז דעם 25־טן פעברואַר 1929 איז דורך דער גרופּע ווידער געעפנט געוואָרן דער קולטור־קלוב „התקוה” אין מאָנטעריי אויף דער גאַס לערדאָ דע טעכאַדאַ און אַז די אָפיציעלע דערעפענונג וועט דורכ־געפירט ווערן דעם 24־טן מערץ 1929. בּיי דער פייערלעכער דערע־פענונג איז בּייגעווען דער גאַנצער אידישער ישוב. אויף דעם אָוונט איז געוואָרן בּאַשלאָסן, אַז עס זאָל פאַררופן ווערן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג אויף דעם 28־טן מערץ, כּדי צו אויסקלייבּן אַ נייע פאַרוואַלטונג. לויט דעם פּראָטאָקאָל נומער 2, וואָס איז געשריבּן געוואָרן אויך דורך וויזשאַנסקי זיינען אויף דער אַלגעמיינער פאַר־זאַמלונג אויסגעוויילט געוואָרן הער לייבּל בּערקמאַן אַלס פאָרזיצער,

זלמן וויזשאנסקי, אלס סעקרעטאר. לייבל אסטראוויאק איז דער־וויילט געוואָרן אלסווירטשאפט-לייטער, הער יצחק ווייל אלס קאַסירער און אהרן גאלדמאן אלס ביבליאָטעקאר. אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע זיינען אריין. יצחק ראמבערג, חיים מאן און זאב וויינגארטען. מען האָט רב שמואלן געגעבן א צימער אין קלוב, כדי ער זאָל זיין דער אויפזעער און מען האָט אָנגעהייבן צו ווערבירן נייע מיטגלידער. מען האָט אָנגעהייבן צו איינאָרדענען קעסטל־אָוונטן. איין אָוונט פון דער סעריע איז געווען אויף דער טעמע „די מאָדערנע פרוי". די טעמע האָט זייער שטארק פאראינטערעסירט דער יוגנט, ווייל די מערהייט פון זיי איז געווען דאָך אומפארהייראט... אנדערע אָוונטן זיינען געווען שוואך באזוכט און ביי א קליינער פארזאמלונג אין קלוב האָט לייבל בערקמאן דערקלערט:

„ביז היינט האָבן מיר געזוכט אלע מעגלעכקייטן צו אויפלעבן דעם קלוב. אבער עס איז צו זען, אז אונדזער פרעסטיזש אין ישוב איז זייער שוואך און מיר לייגן פאָר, אז די עלטערע מיטגלידער פון ישוב זאָלן איבערנעמען דעם קלוב"...

דעמאָנסטראטיוו האָבן אלע פארוואלטונג-מיטגלידער פארלאָזט זייערע פלעצער. ביים אוועקגיין האָבן זיי געזאָגט:

— מיר האָבן דעמיסיאָנירט.

דאָס איז געווען אין יוני 1929.

# אַ נייע פאַרוואַלטונג אין קלוב

די דעמיסיע פון דער פאַרוואַלטונג האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקן טומל און גערודער. איך האָב אָבער זיך נישט פאַרלוירן און גלייך פאַרגעלייגט, אַז מען זאָל אויסוויילן אַ נייע פאַרוואַלטונג, כדי די אינסטיטוציע זאָל ווייטער קענען אַרבעטן. איך האָב געפונען איי־ניקע וואָס זיינען געווען וויליק צו אַריינגיין אַרבעטן אין דער נייער פאַרוואַלטונג.

איינִיקע האָבן דווקא געוואָלט, אַז איך זאָל אויך אַריינגיין אַרבעטן אין דער נייער פאַרוואַלטונג פון קלוב. און איך האָב זיי געענטפערט:

— איך וועל מיט פאַרגעניגן זיך פאַרפליכטן צו אַרבעטן מיט אייך אין דער נייער פאַרוואַלטונג, אָבער מיטן תנאי, אַז איר וועט מיר נאָכגעבן עטלעכע באַדינגונגען. און די באַדינגונגען זיינען: אַז דער קלוב זאָל זיך פאַרפליכטן צו העלפן גרינדן אַ קינדערגאַרטן און אַ אידישע שולעביים קלוב.

דאָ ווערט אַ געפערלעכער טומל. איינִיקע שרייען, אַז דער קלוב איז געבראָכן און האָט נישט קיין מיטלען זיך צו אויסהאַלטן און „איר ווילט נאָך אַ שולע גאַר"? און נאָך אַ קינדער־גאַרטן אויך?

— נישט גלייך מאָרגן — ענטפער איך — מען קען אונטער־וואַרטן.

— אפשר פאַר די קינדער וואָס וועלן נאָך ערשט געבוירן ווערן?
— האָט מען געשפּאַסט.

איך האָב אָבער געוואוסט, אַז עס זיינען שוין געווען אין מאָנ־טעריי עטלעכע און צוואַנציק קינדער, וואָס האָבן געקענט באַזוכן אַ אידישע שולע. און איך האָב אויסגעפירט. מיין פאָדערונג איז נאָכגעגעבן געוואָרן. אַזוי בין אויך איך אריין אין דער נייער פאַר־וואַלטונג פון קלוב.

דעם 4־טן יולי 1929 האָב איך געשריבן מיין ערשטן פּראָטאָ־קאָל פאַרן קלוב, וואו איך בין אריין אַרבעטן. די אַמטן זיינען פאַר־טיילט געוואָרן אויף דעם פאָלגענדן אופן: הער משה וועגנער — פאָרזיצער. הער דוד בארמאק — וויצע־פאָרזיצער, מאיר ראַפּאָפּאָרט — סעקרעטאַר און ביבליאָטעקאַר, זאב וויינגאַרטען און אַלעקסאַנ־דער אַראָן האָבן איבערגענומען די ווירטשאַפטלעכע פליכטן.

אין דעם צווייטן פּראָטאָקאָל פון 11־טן יולי איז באַשלאָסן גע־וואָרן, אַז מען זאָל נעמען אַ שענערן לאָקאַל פאַרן קלוב, אויף דער גאַס סאַראַגאָסאַ נומער 212. עס איז באַטראַכט געוואָרן אַ פּלאַן ווי אַזוי צו איינאָרדענען דעם קלוב אין דעם נייען לאָקאַל. זעענדיק, אַז די שטימונג איז געווען אַ גינסטיקע און אַן אָפּטימיסטישע האָב איך גלייך אויסגענוצט די געלעגנהייט און געזאָגט:

— און איצט וועל איך פּראָטאָקאָלירן די התחיבות פון קלוב צו גרינדן אַ אידישע שולע אין מאָנטעריי.

— וואָס מיינט איר דערמיט — האָט מען מיר גלייך געפרעגט
— איר זעט דאָך, אַז מיר האָבן נישט קיין סענט צו אויסהאַלטן דעם קלוב, טאָ ווי קענען מיר זיך אונטערנעמען צו אויסהאַלטן אַ שולע

— איך וויל נישט איצט חלילה ביי אייך קיין איין סענט — האָב איך געענטפערט — נאָר זאָל בלייבן פאַרפּראָטאָקאָלירט וואָס מיר האָבן צווישן זיך באַשלאָסן.

— שרייבט אַריין — האָט מען מיר געזאָגט — און זייט זיכער, אַז אויב מיר וועלן אונטערשרייבן, וועלן מיר נישט באַנקראָטירן. מירן אויספירן אַלץ וואָס מיר וועלן אונטערשרייבן.

איך האָב דאַן אין פּראָטאָקאָל פאַרשריבן, אַז אַזוי ווי איינ־קע עלטערן און מיטגלידער פון קלוב האַלטן דעם ענין פאַר זייער וויכטיק, פאַרפליכטעט זיך דער אידישער קלוב מיטהעלפן צו גרינדן אַ קינדער־גאָרטן און אַ אידישע שולע. עס איז אויך אָנגענומען גע־וואָרן די פאַרפליכטונג צו אָפּ געבן דעם לאָקאַל פון קלוב פאַר דער שולע צו קענען דאָרט לערנען בייטאָג מיט די קינדער. עס איז אויך אָנגענומען געוואָרן דער באַשלוס צו שאַפן אַ פאָנד פאַר דער פאַר־ווירקלעכונג פון פּלאַן פון דער שולע. אונטערגעשריבן האָבן זיך אונ־טער דעם פּראָטאָקאָל אַלע מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג, דער פאָרזיצער משה וועגנער, דער וויצע־פאָרזיצער דוד בארמאק, דער סעקרעטאַר מאיר ראַפּאָפּאָרט, אַלעקסאַנדער אַראָן און זאב ווייַנ־גאַרטען.

— מזל טוב, מזל טוב! — האָב איך אַלעמען צוגעוואונטשן.

— יאָ, יאָ, פריילעך — האָט איינער געזאָגט אומצופרידן — צוויי קבצנים גייען איצט טאַנצן. אונדזער קלוב איז אַ גרויסער קבצן, גייט ער איצט אַריינגעמען צו זיך נאָך אַ גרעסערן קבצן, אַ אידי־שע שולע. עס איז פּונקט ווי מען זאָגט „ווען פרייט זיך אַן הוי־קער? ווען ער זעט נאָך אַ גרעסערן פון זיך"...

אין אַ גוטמוטיקער שטימונג איז מען זיך צעגאַנגען און מען האָט באַשלאָסן צו רופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג צו באַראַטן זיך

וועגן דער סומע וואָס איז נייטיק פאַרן דורכפירן די וויכטיקע פּלענער.

נאָכדעם ווי מען האָט אָנגענומען די רעזאָלוציע וועגן גרינדן די אידישע שולע האָב איך געקענט קומען צו די אידישע פאַמיליע־מענטשן און זיי אָנווייזן ווי וויכטיק עס איז צו בויען אַ שולע און אַז דער פּלאַן דאַרף געשטיצט ווערן דורך אַלעמען. איך האָב אויך צוגעזאָגט דער יוגנט, אַז אַלע זייערע גייסטיקע און קולטורעלע פאַרלאַנגען וועלן דערפילט ווערן און איך האָב דאָס טאַקע שפּעטער דערפילט.

אָבער עס טוט זיך נישט אַזוי גיך, ווי עס רעדט זיך. די גרינדונג פון דער שולע האָט זיך פאַרצויגן. אָבער די פאַרזאַמלונג וואָס מיר האָבן פאַרופן איז געווען גאָר אַ גרויסער דערפאָלג. די גאַנצע אידישע קאָלאָניע איז געקומען אין דעם נייען קלוב. עס זיינען געווען זייער וויכטיקע פראַגן צו באַשליסן. ערשטנס: מען דאַרף קויפן נייע ביכער פאַר דער ביבליאָטעק. כדי דאָס צו קענען דערגרייכן האָט מען באַשלאָסן צו דורכפירן אַ טאַנץ־אָוונט. מען האָט אויך אָנגענומען אַ באַשלוס צו קויפן אַ ראַדיאָ און אַ פּאַטעפאָן צו קענען שפּילן אידישע פּלאַטן. דאָס איז נאָך דעמאָלט געווען אַ יקר המציאות און נישט יעדער איינער האָט דאָס געהאַט ביי זיך אין דער היים. יעדער איינער האָט זיך אָבער פאַר דעם צוועק באַשטייערט, ווער מער און ווער ווייניקער. מען האָט אויך געזאָרגט דערפאַר, אַז די פּערזאָנען וואָס באַזוכן דעם קלוב זאָלן זיך פאַרשרייבן אַלס מיטגלידער.

אַלע זיינען געבליבן צופרידן פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג און עס איז געשאַפן געוואָרן דאָס געלט וואָס מען האָט געדאַרפט.

נאָכדעם האָבן מיר געדאַרפט דורכפירן אַ גרויסן נאַציאָנאַלן טרויער־אַקט.

# מאָנטעריי לאָזט הערן איר שטים אין אידיש־נאַציאָנאַלן כאָר

אין אויגוסט 1929, נאָך די שוידערלעכע פּאָגראָמען וואָס די ווילדע אַראַבער האָבן דורכגעפירט אין חברון און אַנדערע שטעט פון ארץ ישראל, האָב איך פאַרגעלייגט צו אָרגאַניזירן אַ גרויסן טרויער אַקט און פּראָטעסט־מיטינג קעגן די שחיטות פון די אַראַבישע באַנדעס. צו דעם פּראָטעסט־מיטינג איז געקומען דער גאַנצער אידישער ישוב און עס איז דערביי געזאַמלט געוואָרן אַ סומע פון פיר הונדערט פּעזעס צו איבערשיקן קיין ארץ ישראל, פאַר די געליטענע פון די פּאָגראָמען. מיר האָבן אויך אָנגענומען אַ שאַרפע פּראָטעסט — רעזאָלוציע, וואָס איז איבערגעשיקט געוואָרן צוזאַמען מיטן געלט.

מיר האָבן דאַן אויך געזאַמלט געלט פאַרן קרן קימת און דאָס איבערגעשיקט קיין סאַן אַנטאָניאָ, טעקסאַס, דורך דעם חבר אהרן בלייבערג.

אין דעצעמבער 1929 איז צו אונדז געקומען פון סאַן אַנטאָניאָ דער חבר משולם ירון און עס איז ביי אונדז געגרינדעט געוואָרן אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אָן שום ריכטונג פון לינקס אָדער רעכטס נאָר אויף דער באַזע פון באַזעלער פּראָגראַם. אין קאָמיטעט פון

דער אָרגאַניזאַציע זיינען אַריין חיים לאַשאק, מאיר ראַפּאַפּאָרט און דוד ליפּסקי. שפּעטער איז באַשלאָסן געוואָרן זיך צו אָפּ געבן הויפּט־זעכלעך מיט קרן קימת־אַרבעט, אָבער דאָס געלט וואָס פלעגט גע־זאַמלט ווערן פלעגן מיר אָפּשיקן קיין סאַן אַנאַטאָניאָ.

כדי צו פאַרלייכטערן די אַרבעט פון דער לייטונג פון קלוב זיי־נען צו דער פאַרוואַלטונג צוגעצויגן געוואָרן עטלעכע נייע מיטגלי־דער: צבי גאָטליב, משה קאַפּלאַן, דוד ליפּסקי און מאיר באָראָווסקי. עס זיינען אָנגעקומען יונגע בחורים און מיידלעך פון אייראָפּע און דער קלוב האָט באַשלאָסן מיט אייגענע כוחות צו איינאָרדענען קורסן פון דער שפּאַנישער שפּראַך פאַר די ניי־אָנגעקומענע. צבי שמעון אַראָן, דער זון פון אַלעקסאַנדער אַראָן, האָט אָנגעפירט מיט די קורסן: עס איז אויך איינגעפירט געוואָרן, אַז יעדן אָוונט זאָל אַן אַנדער מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג דייזשורירן אין קלוב, כדי צו אַכטונג געבן, אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדענונג. די ביבליאָטעק־פירונג איז איבערגעגעבן געוואָרן צו דוד ליפּסקין. יעדער מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג האָט געמוזט זיין טעטיק אין קלוב. אָבער די שווערסטע אַרבעט איז געפאַלן אויף צוויי מענטשן, אויף אַלעקסאַנ־דער אַראָן און אויף מיר. אַלעקסאַנדער פלעגט אַלע נאַכט דאַרפן מאַכן דעם קלוב ריין און האַלטן אין אָרדענונג דעם בופעט און איך פלעג אים אַרויסהעלפן אין דעם און אַלס סעקרעטאַר האָב איך באַדאַרפט אַכטונג געבן אויך אויף דעם מיטגלידס־אָפּצאָל, ווייל עס איז פּשוט נישט געווען ווער עס זאָל זיך פאַרנעמען מיט דעם. ווען עס פלעגט דורכגעפירט ווערן אַ פאַרווייליונג, פלעג איך מיט דער האַנט אַליין אָנשרייבן זיבעציק אַכציק איינלאַדונגען און אויך דעם פּראָגראַם פון אָוונט. דעריבער פלעג איך נאָך מיין טאָג אַר־בעט זיצן גאַנצע נעכט, ביז דריי אַזייגער פאַרטאָג אָפּטמאָל און אַלץ צוגרייטן.

אָבער נאָך מערער אַרבעט האָב איך געהאַט מיט די אָרעמע און קראַנקע אימיגראַנטן וואָס פלעגן דורכפאָרן דורך מאָנטעריי און מען פלעגט זיי דאַרפן אַרויסהעלפן מיט הוצאות און מיט אַ דאָק־טער. דאַן פלעג איך לויפן ביינאַכט איבער די הייזער, קלייבן נדבות פאַר די אָרעמע און קראַנקע. אויך אַלעקסאַנדער אַראָן פלעגט העלפן קלייבן געלט אין קלוב פאַר די אָרעמע אימיגראַנטן. פאַלן פון הילף פאַר אַזעלכע אָרעמע און קראַנקע פלעגן זיין כמעט צוויי און דריי יעדע וואָך. דעריבער האָב איך פאָרגעלייגט. אַז עס זאָל זיך אָרגאַ־ניזירן אַ ספּעציעלער פרויען הילפס־פאַריין, וואָס זאָל יעדן חודש קלייבן באַשטייערונגען פון די אידן און דערנאָך קענען אויסטיילן שטיצע צו וועמען מען וועט דאַרפן. די פאַרוואַלטונג איז געווען קעגן דעם, ווייל זי האָט געהאַלטן, אַז די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אונדזערע דאַרף זיין געווידמעט דער פראַגע פון באַפעסטיקן דעם קלוב.

דעם לעצטן טאָג פון דעצעמבער 1929 איז איינגעאָרדנט גע־וואָרן אַ ניי יאָר־פייערונג לכבוד דעם נייען בירגערלעכן יאָר און די הכנסה פון דעם אָוונט איז געווען באַשטימט פאַרן קלוב. אַזוי ווי דער טערמין פון דער פאַרוואַלטונג איז שוין געווען געענדיקט איז געוואָרן באַשלאָסן צו רופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג אויפן 9־טן יאַנואַר 1930.




די נייע פאַרוואַלטונג אין יאָר 1930 פון קולטור קלוב התקוה

# איך גרינדע אַ אידישן קולטור־קלוב אין נועוואָ לאַרעדאָ

אין נועוואָ לאַרעדאָ, אויף דער גרענעץ צווישן מעקסיקע און די פאַראייניקטע שטאַטן, בין איך געווען היימיש, ווייל צו אונדז קיין מאַנטעריי פלעגן אָפט קומען בחורים פון יענער גרענעץ־שטאָט צו אונדזערע פאַרווײַלונגען און אונטערנעמונגען. זיי פלעגן טאַקע באַדויערן וואָס אויפן געביט פון אידישקייט ווערט ביי זיי גאָרנישט געטאָן. אָנקומענדיק קיין נועוואָ לאַרעדאָ האָט מען מיר אָפּגעגעבן דעם אמתן „שלום עליכם". ווען איך בין דאָרט געווען עטלעכע טעג האָט מען מיר אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז איך זאָל נישט זיצן לייּדיק און עפּעס אויפטאָן פאַר די אידן דאָרט. און ווען איך האָב זיי געזאָגט, אַז די אידן זיינען דאָרט זייער ווייניק איז צאָל, האָט מען מיר געענטפערט:

— מיר זיינען גאָרנישט אַזוי ווייניק. מיר זיינען פיר און צוואַנציק בחורים און אַ דריי פאַמיליעס. מיר ווילן אויך האָבן אַן אָרט וואו זיך צו קענען צוזאַמענקומען און דערביי וועט נאָך עפּעס געטאָן ווערן.

גראָד איז דאָרט געווען לייבל כ"ץ מיט זיין ברודער. ביידע זיינען געווען אינטעליגענטע בחורים און אידיש־געשטימטע. און אויף

דער אַמעריקאַנער זייט פון לאַרעדאָ איז געווען פרענקעל און לע־דערבוימס ברודער, מאַקס שאַפּיר און נאָך אידן וואָס פלעגן יעדן טאָג אַריבערגיין אויף דער מעקסיקאַנער זייט און איבערהויפּט זונ־טיק. איך האָב זיי געהייסן רופן אַ פאַרזאַמלונג כדי צו אויסהערן נאָך מיינונגען און צו אונדזער אַלעמענס איבעראַשונג זיינען געקו־מען נישט נאָר אַלע אידן פון דער מעקסיקאַנער לאַרעדאָ, נאָר אויך אַלע פון דער אַמעריקאַנער זייט לאַרעדאָ. דערזעענדיק פאַר זיך אַזוי פיל מענטשן האָב איך שוין אָנגעשלאָגן אַ פריילעכן טאָן און זיי געזאָגט, אַז אויב זיי וועלן האָבן איינגעאָרדנט אַ ביבליאָטעק, וועלן זיי דאָ קענען האָבן אינטערעסאַנטע פאַרלעזונגען און זיין אַלע צוזאַמען. און איינער האָט זיך דערביי אָפּגערופן, אַז דאָס אַליין האָט שוין גאָר אַ גרויסן ווערט.

באַלד אויפן אָרט איז באַשלאָסן געוואָרן צו זוכן אַ פּאַסיקן לאָ־קאַל וואו צו איינאָרדענען אַ אידישן קולטור־קלוב. זעענדיק, אַז אין קיין געלט איז דאָרט קיין מאַנגל נישט געווען, האָב איך זיי גע־זאָגט, אַז די ביכער דאַרף מען קויפן, נאָך איידער מען קויפט איין מעבל פאַרן לאָקאַל. איך האָב זיי באַלד געגעבן אַ רשימה פון די ניי־דערשינענע אידישע ביכער און פון די קלאַסיקער פון דער אי־דישער ליטעראַטור.

אין דער צווייטער וואָך, זונטיק אין יאַנואַר 1930, איז געגרינ־דעט געוואָרן דער אידישער קולטור־קלוב אין נועוואָ לאַרעדאָ. מען האָט זיך שטאַרק געפרייט אויף דער שמחה און אויפן אָרט איז געזאַמלט געוואָרן אַ גרעסערע סומע צו קויפן ביכער. דער קלוב איז געווען גאַנץ באַלעבט. לייבל כ"ץ איז געווען דער איינציקער איינ־לייטער פון די שמועסן און ליטעראַרישע דיסקוסיעס. איבער צוויי יאָר צייט האָט דאָרט עקזיסטירט דער קלוב. ביז אין לאַרעדאָ איז אַליין געוואָרן ווייניקער אידן. די איבערגעבליבענע

עטלעכע אידן האָבן באַשלאָסן, אַז פאַר דעם געלט וואָס עס איז געבליבן פון קלוב, זאָל מען קויפן אַ ספר תורה און ימים נוראים, אָדער ביי אַנדערע געלעגנהייטן, קענען דאַוונען בציבור.

מיר האָבן אין מאָנטעריי באַקומען אַן איינלאַדונג צום גרויסן סיום הספר וואָס איז פאַרגעקומען זונטיק, דעם 18־טן אויגוסט, (יום א׳ פרשת עקב) אויף דער גאַס וויקטאָריאַ 808, אין נועוואַ לאַרעדאָ, טאַמאַוליפּאַס.

איך, וועגנער און נאָך אידן פון מאָנטעריי זיינען געפאָרן צו דער שמחה. קומענדיק קיין נועוואַ לאַרעדאָ האָבן מיר דאָרט שוין געטראָפן פיל אידן פון דער אַמעריקאַנער לאַרעדאָ און אויך פון סאַן אַנטאָניאָ. דאָס איז געווען זייער אַ פריילעכער יום טוב, אפילו מיט מוזיק ביז אין גרויען טאָג אַריין...

# די אידישע יוגנט אין מאָנטעריי קריגט קולטור־דערגרייכונגען

אין מיין אָפּוועזנהייט פון מאָנטעריי האָט מען שוין געמוזט שאַפן אַ פרויען־הילפס־פאַריין, ווייל עס איז נישט געווען ווער עס זאָל אַרומלויפן שאַפן שטיצע פאַר די אָרעמע און קראַנקע אימיגראַנטן. דעם 16־טן יאַנואַר 1930, איז אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג אין מאָנטעריי געשאַפן געוואָרן דער הילפס־פאַריין מיט אַ פאַרוואַלטונג פון פרויען: ווייל, טישמאַן, קאָרענשטיין און רובינסקי. די פאַרוואַלטונג פון קלוב האָט צוגעזאָגט צו געבן איר לאָקאַל און צו מאַכן אַ פאַרוויילונג און געבן די הכנסה פאַר דער הילפס־אינסטיטוציע. אָבער דער הילפס־פאַריין האָט געוואָלט אַרבעטן זעלבסטשטענדיק.

דער מאָנאַטלעכער אָפּצאָל פאַר דעם פאַריין איז געווען 50 סענט. דעם 5־טן פעברואַר 1930 איז איינגעאָרדנט געוואָרן די ערשטע אונטערנעמונג פון דעם פאַריין. דאָס איז געווען אַ טאַנץ־אָוונט וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַ שיינע סומע געלט: פופציק פעזעס. האָט שוין דער הילפס־פאַריין אויך געגעבן דעם קלוב צושטייער פאַרן לאָקאַל. די פאַרוואַלטונג פון קלוב איז דאַן באַשטאַנען פון: פרעזידענט משה וועגנער, וויצע־פרעזידענט לייבל בערקמאַן, סע־

קרעטאר לייבל האלצמאן, און פון די וואקאלן דוד ליפסקי, משה קאפלאן, זלמן ווייזשאנסקי און דוד בארמאק.

ווען איך בין געקומען צוריק קיין מאנטעריי האט זיך די יוגנט געווענדעט צו מיר:

— איצט זיינט איר שוין אונדזערער. טא ווילן מיר, אז איר זאלט פאר אונדז ארגאניזירן א דראמאטישן קרייז. עס זיינען אנגעקומען פון אייראפע נייע און פרישע כוחות. אויך ווענגערס שוועסטער, רחל, איז געקומען. טא ווילן מיר עפעס טאן אויפן געביט פון אידישן טעאטער.

איך האב זיי געגעבן צו פארשטיין, אז דער דראמאטישער קרייז אליין איז נישט גענוג. מען דארף האבן א סאלאן, א בינע וואו צו שפילן און דאס וועט אפקאסטן זייער פיל געלט. ווער ווייסט צי די פארוואלטונג פון קלוב וועט זיך דאס קענען אונטערנעמען צו מאכן.

איך האב געפרואווט רעדן מיט ווענגערן וועגן דעם און גלייך געזען, אז עס לאזט זיך רעדן. ער האט פארשטאנען, אז עס וועט זיין הכנסה פון די פארשטעלונגען. איין טאג איז ווענגער אוועק קויפן האלץ פאר דער בינע. אזוי ווי קיין גרויסער צימער וואו צו מאכן די בינע אין קלוב איז נישט געווען, האט מען זי געמאכט אויפן הויף, צוגעדעקט מיט א דאך און דער עולם פלעגט זיצן פאקטיש אונטערן פרייער הימל. ווען די יוגנט האט דערהערט, אז די זעג ארבעט שוין און דער האמער קלאפט שוין אויפן הויף פון קלוב, האט מען שוין זיך גענומען צו זינגען לידער, גאר אויף הויכע טענער. מען האט שוין נישט געהאט קיין געדולד. אלע האבן שוין געוואלט זען די ערשטע אידישע פארשטעלונג... עס איז באשלאסן געווארן, אז דער ערשטער אויפטריט זאל זיין א ליטעראריש-וואקאלישער אוונט.

די בינע איז פֿאַרטיק געוואָרן אין מאַי 1930. דער ערשטער אָוונט איז דורכגעפֿירט געוואָרן. רחל וועננער, סעם גארי און לייבל האָלצמאַן האָבן געגעבן קליינע סצענאַרישע הומאָריסטישע פֿאָר־שטעלונגען און רחל וועננער האָט אויך הארציק און שיין געזונ־גען אידישע פֿאָלקס־לידער. פֿרוי בערטאַ זאַסלאַוו האָט דעקלאַמירט אין העברעאיש „המתמיד״ פֿון ביאַליקן. צולעצט האָט אַ כאָר אונ־טער מיין לייטונג געזונגען אידישע און העברעאישע פֿאָלקס־לי־דער. מיט „התקוה״ האָט מען פֿאַרענדיקט דעם ערשטן ליטעראַרישן אָוונט. דער עולם איז געווען ענטוזיאַסטיש געשטימט און זייער צופֿרידן און זיך שוין נאָכגעפֿרעגט אויף דער צווייטער פֿאָרשטעלונג.

מיר האָבן זיך גענומען רעפּעטירן דעם „גט״ פֿון שלום עליכם. גראָד איז דאַן געקומען צו אונדז קיין מאָנטעריי דער באַקאַנטער אידישער אַקטיאָר, אינזש. אברהם פֿינקעלשטיין, וועלכער האָט גע־האַט דראַמאַטישע בילדונג. ער האָט געגעבן אונדזערע „אַרטיסטן״ אַ לעקציע אין מימיק און ווי זיך צו האַלטן אויף דער בינע.

די בחורים מיט די מיידלעך זיינען געווען ממש אין זיבעטן הימל פֿון פֿרייד און זיי האָבן שוין גערעדט וועגן די בערדלעך און די וואָנצעס וואָס זיי וועלן זיך צוקלעפּן אויף דער בינע. די מייד־לעך האָבן אָנגעטאָן לאַנגע פּאַטשיילעס און געוויזן ווי אַזוי זיי וועלן אויסזען אין זייערע ראָלן, אַזוי ווי זייערע פֿרומע באָבעס און רבי־צינס. די בחורים האָבן זיך געגייט קאַפּאָטעס. עס איז געווען אַן עכטע יוגנט־פֿרייד.

מיט גרויס פֿליים האָט זיך דער דראַמאַטישער קרייז גענומען צו שטודירן די ראָלן פֿון שלום עליכמס פּיעסע „דער גט״. ערנסטער איז מען געוואָרן ווען איך האָב צו דער יוגנט גערעדט וועגן דעם, אַז מען דאַרף זיך טיפֿער אַריינטראַכטן אין דער זאַך און שאַפֿן עפּעס אייגנס, עפּעס היימישעס. עס איז נייטיק — האָב איך זיי אויסגעשריבן אידישע איינאַקטערס און קליינע פּיעסעס, כדי צו אַנט־

געזאָגט — אַז אין דער ווייטער און פרעמדער מעקסיקע, זאָל מען קענען זען אַ מוסטער פון אונדזער אַלטער היים און פון דער אידי־שער קולטור, אויף וועלכער מיר זיינען אויפגעוואַקסן און דער־צויגן געוואָרן. עס מוז געזאָגט ווערן צום שבח פון דער יוגנט, אַז מיין ערנסט וואָרט האָט ווי געהעריק געווירקט אויף זיי און זיי האָבן טאַקע אַריינגעלייגט מי און כוחות, כדי אַז דער „גט" זאָל אַרויס־קומען ווי עס באַדאַרף צו זיין, טאַקע אַן הומאָריסטישע פאָרשטע־לונג, אָבער אויך מיט דראַמאַטישע מאָמענטן.

עס איז געקומען דער אָוונט פון דער פאָרשטעלונג און דער זאָל איז געווען. איבערפולט די „אַרטיסטן" הייבן אָן צו שפּילן דעם ערשטן אַקט און די אַפּלאָדיסמענטן באַגלייטן זיי יעדעס מאָל ביי אַ געלונגענער סצענע. מען האָט אַזוי שטאַרק אַפּלאָדירט, אַז מען האָט דאָס געהערט אויש ביזן הימל און פון דאָרט האָט מען געענטפערט מיט דונערן און בליצן... עס איז אַראָפּגעפאַלן אַ גוס רעגן, אַ מבול ממש. געשרייען פרייליכע קוויטשערייען האָבן זיך געהערט אין זאָל און מען האָט אויף גיך זיך אַריינגעכאַפּט אין זאַל פון קלוב און אָנגעשטעלט פריילעכע פּליטן אויף צו להכעיס דעם רעגן. מען האָט גענומען טאַנצן, כדי צו איבערוואַרטן דעם רעגן און טאַקע איבערגעוואַרט.

די פּיעסע איז דערנאָך אויסגעשפּילט געוואָרן ביז צום סוף. דער עולם איז געזעסן אויף די נאַסע אויסגעווישטע בענקלעך. דער עפּיזאָד מיטן רעגן האָט נאָך מער אינטערעס צוגעגעבן צו דער פאָרשטעלונג, וואָס איז געווען אַ גאַנץ געלונגענע. די פאַרוואַלטונג פון קלוב איז געווען גאַנץ צופרידן, ווייל פון צוויי פאָרשטעלונגען זיינען געדעקט געוואָרן די הוצאות פון דער בינע און עס איז נאָך געבליבן געלט אין קאַסע. צו דעם דראַמאַטישן קרייז איז נאָך שפּע־טער צוגעקומען הער בלאַכמאַן, וועלכער האָט געשפּילט אין אַ דראַמאַטישן קרייז אין דער אַלטער היים. איך האָב פון ניו יאָרק

וויקלען דעם דראַמאַטישן קרייז נאָכמער און איינשטודירן מיט אים גרעסערע זאַכן. ווען עס איז שוין געווען געלט אין דער קאַסע פון קלוב און ווען מען האָט געזען, אַז עס פאַלט אַריין הכנסה פון די פאָרשטעלונגען, האָט מען שוין אָנגעהייבן טראַכטן וועגן אַ גרע־סערן לאָקאַל מיט מערער צימערן, כדי מען זאָל דאָרטן קענען אויך איינאָרדענען אַ כשרן רעסטאָראַן. אַזאַ לאָקאַל האָט מען גענומען אויף דער גאַס איסאַק גאַרסאַ.

קיין גרויסע צימערן זיינען אין דעם נייעם לאָקאַל אויך נישט געווען, אָבער דער הויף איז געווען אַ גרעסערער. עס איז אויך גע־ווען אַ גרעסערער צימער, צו איינאָרדענען דאָרטן אַ רעסטאָראַן, אַ כשרן.

מיר האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אַ גרעסערע בינע אויפן פרייען הויף און פאַרציען אַ דאַך איבערן הויף, כדי אין פאַל פון אַ רעגן זאָל מען קענען אויך זיצן אומגעשטערט. עס האָבן שוין געקענט זיין פרייע ערטער פאַר צוויי הונדערט מענטשן און מיר האָבן גלייך אָנגעהייבן מיט שמחה.

ווען דאָס מעבל פון די צימערן איז נאָך נישט געווען צענויפ־געקלאַפּט, איז דורכגעפאָרן דורך מאָנטעריי אַ אידישער אַקטיאָר פון די שטאַטן. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער וויל געבן איייניקע דעקלאַמאַציעס אין קלוב, ווייל ער דאַרף האָבן אויף הוצאות און ער וויל נישט נעמען קיין נדבות ביי אונדז. און כאָטש אין קלוב איז נאָך אַלץ געווען צעוואָרפן און אָנגעלייגט, בין איך געלאָפן אַ גאַנצע נאַכט, פון 8 אין אָוונט, ביז איינס פאַרטאָג, אָנזאָגנדיק אַלע־מען וועגן אָנקום פון דעם אַרטיסט און אַז ער וועט מאָרגן געבן אַן אויפטריט אין זאַל פון קלוב. דער עולם איז דאָך געקומען.

מיר האָבן אויסגעלייגט עטלעכע ברעטער, כדי עס זאָל זיין הע־כער וואו דער אַרטיסט וועט שטיין און ער האָט געגעבן איין אַקט

פון דער פּיעסע „אוריאל אַקאָסטאַ" און פון „קעניג ליר". נאָכדעם האָט ער פאַרגעלעזן עטלעכע זאַכן. ער איז אויפגעוואַקסן אַ צופרי־דענער.

די בינע האָבן מיר נאָכדעם אויפגעשטעלט און מיר האָבן שוין אפילו אויך געהאַט אַן אייגענעם מאָלער פון דעקאָראַציעס. דאָס איז געווען אַ בחור פון פּוילן פון אַ גאָר יחוסדיקער פאַמיליע, אברהם אפרת האָט ער געהייסן. ער האָט געאַרבעט גאַנצע נעכט אומגע־צאָלט און געמאָלט דעקאָראַציעס פאַר די פאָרשטעלונגען פון דראַ־מאַטישן קרייז פון קלוב.

# אַ נערעטעניש אויף אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען

נישט אַלע טעג זיינען זוניקע און פריילעכע. אויך אין געזעל־שאַפטלעכן לעבן פּאַסירט, אַז עס ברעכט אויס אַמאָל אַ שטורעם. אַזוי האָט איינמאָל פּאַסירט אין אונדזער קלוב, אַז דער געזעלשאַפט־לעכער האָריזאָנט איז שטאַרק פאַרוואָלקנט געוואָרן. געווען איז עס אָנהייב יולי 1930.

עס איז דורכגעפירט געוואָרן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג און עס איז געווען אַ גרופּע וואָס איר איז נישט געפעלן געוואָרן וואָס אין אַזאַ קורצער צייט האָבן מיר אין אַזאַ קליינעם ישוב אַזוי פיל באַוויזן צו אויפטאָן. די גרופּע האָט שוין פון פריער געהאַלטן, אַז מען דאַרף נישט טאָן אַזוי פיל. אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג האָט די גרופּע געמאַכט אַ גרויסן טומל.

— מיט וואָס פאַראַ רעכט — האָט איינער געשריען — טשעפּעט איר אונדז אָן זאַכן, וועגן וועלכע איר פרעגט גאָרנישט אָן ביי די מיטגלידער? ווער דאַרף עס האָבן אַזאַ קלוב און אַזאַ דראַמאַטישן קרייז וואָס איר האָט אָרגאַניזירט? עס זיינען דאָ גענוג מעקסיקאַנער טעאַטערס וואו צו פאַרברענגען די פרייע צייט.

אַזעלכע און נאָך ענלעכע טענות האָט מען אויסגעלייגט און קיינער האָט נישט געוואָלט דערנאָך אַריינגיין אַרבעטן אין דער

גייער פאַרוואַלטונג. דער טומל איז געוואָרן אַלץ גרעסער און מען האָט געמוזט פאַרמאַכן דעם קלוב אויף איניקע טעג. נאָכדעם איז גערופן געוואָרן אַ צווייטע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג און קיינער האָט נישט געוואָלט זיין דער פאַרזיצער זי צו פירן. איך האָב גלייך פאַרגעלייגט, אַז איך וועל זיין דער סעקרעטאַר פון דער פאַרזאַמלונג און אַז רעדן וועט נאָר דער וועמען מען וועט וועלן אויסהערן. אַזוי אַרום האָט זיך דער עולם אַביסל בארואיקט. די רעדנער האָבן גערעדט און קריטיקירט זאַגנדיק, אַז עס זיינען נישט אָפּגעהיט געוואָרן די רעגלאַמענטן פון קלוב, אַז אין קלוב זיינען געווען אַ סך אומאָרדענונגען און אַזוי ווייטער.

ווען מען האָט זיך עטוואָס בארואיקט האָב איך פאָרגעלייגט אַ ליסטע פון נייע פאַרוואַלטונג-מיטגלידער, אַז זיי זאָלן אַריינגיין אַרבעטן אין קלוב. אָבער קיינער האָט נישט געוואָלט, אַז זיין נאָמען זאָל פיגורירן אין דער רשימה. איך לייג שפּעטער פאָר, אַז דער עולם זאָל שטימען פאַר די מיטגלידער צו וועמען ער האָט צוטרוי און די וואָס וועלן קריגן אַ מערהייט וועלן על פי דעת הקהל מוזן אַריינגיין אַרבעטן אין דער נייער פאַרוואַלטונג. אַזוי איז טאַקע געטאָן געוואָרן און לויט דעם סיסטעם זיינען דערוויילט געוואָרן: משה ווענגער, צבי גאָטליב, מאיר ראַפּאָפּאָרט, חיים לאַשאַק, לעוויאַש און יעקב ניומאַן.

מיטאַמאָל גייט צו צו מיר איינער פון די שרייערס און פרעגט מיר:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, גיט מיר צו פאַרשטיין פאַרוואָס עפּעס גייט איר אַריין אַרבעטן, אין דער צייט ווען אַלע אַנדערע טרייסלען זיך אָפּ פון דער אַרבעט? קיינער וויל נישט פירן די פאַרזאַמלונג און איר מאַכט אַ קאָמבינאַציע, אַז זי זאָל דאָך פאָרקומען. איר שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר קיינע שום שוועריקייטן. מען

צאָלט דאָך אייך נישט קיין געלט פאַר דעם און איר אַליין גיט דאָך נאָך אוים געלט אויפן קלוב. מיר האָבן דאָך דאָ נישט קיין מעצענאַטן און אַלץ ווערט דאָך ביי אונדז באַשטימט אויף אַ דע־מאָקראַטישן שטייגער. רייכע און אָרעמע באַשטייערן זיך גלייך. טאָ פאַרוואָס שטרענגט איר זיך אָן מערער פון אַלעמען?

איך האָב באַלד געזען, אַז אויף אַזאַ קלאָץ קשיא דאַרף מען מקיים זיין די מצווה פון „והגדת״, זאָג איך צו אים:

— איך וועל אייך ענטפערן קורץ און אויך אַביסל לענגער. קורץ וועל איך אייך זאָגן: אַז דער וואָס קען עפּעס טאָן פאַר דער געזעלשאַפט, דאַרף עס טאָן. און לענגער: דער מענטש דאַרף זיך פאַרטראַכטן, וואָס האָט די געזעלשאַפט געטאָן פאַר אים? ווען איך בין געקומען קיין מעקסיקע איינזאַם און עלנט, אין אַ פרעמד לאַנד, אָן אַ שפּראַך אין מויל, האָט זיך געפונען אַ געזעלשאַפט פון „בני ברית״ און אירע פאָרשטייער, הער וויינבערג און הער גמזו, האָבן מיך אַריינגענומען אין אַ ריינעם לאָקאַל און מיר געגעבן אַ ריין בעט און מען האָט מיר געלערנט שפּאַניש און געזען, אַז איך זאָל באַקומען אַרבעט, שיקנדיק מיך קיין מאָנטעריי אַלס לערער. קומענ־דיק אַהערצו האָט מען מיר אויך זייער פיין אויפגענומען און גאַנץ עלנטע בחורים, אַזוי עלנט ווי איך אַליין בין געווען, האָבן זיך געווענדעט צו מיר מיט דער ביטע, אַז איך זאָל עפּעס טאָן פאַר זיי, כדי צו באַקעמפן דעם שרעקלעכן אומעט וואָס האָט זיי געקענט טרייבן צו ביליקער אַסימילאַציע. האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז איך דאַרף עפּעס אויך טאָן פאַר אַנדערע, נאָכדעם ווי מען האָט אַזוי פיל געטאָן פאַר מיר.

— יאָ — זאָגט מיר דער וואָס האָט מיר פריער געשטעלט די פראַגע — אָבער איר האָט דאָך גאָר אומכבוד פאַרן טאָן אַזוי פיל. האָב איך אים גלייך געענטפערט:

— אומכּבוד גיט נאָר דער וואָס פאַרשטייט נישט די באַדיי־טונג פון איינפלאַנצן אידישקייט אויף אַ וויסטן באָדן. דער אָבער וואָס טוט די אַרבעט פאַרשטייט, אַז ער האָט צעאַקערט אַ פעלד און אַז אויף דעם באָדן וועלן וואַקסן שיינע אידישע בלומען. אָט זעט איר ווי אין אונדזער ישוב, אין מאַנטערריי, איז אַ קליין קול־טור־קינד אויפגעוואָקסן, מעגן מיר האָבן דערפון פאַרגעניגן ווי אַ פאָטער האָט פון אַ קליין קינד, כאָטש אַמאָל האָט ער עגמת נפש, ווייל דאָס קינד ענטפערט דעם טאַטן מיט העזה. און אַזוי ווי איך בין דאָ אָן עלנטער, איינער אַליין, אָן משפחה, אָן קינדער, איז דער דערפאָלג פון דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט פאַר מיר די גרעסטע באַפרידיקונג, ווי דאָס וואָלט געווען מיין פאַמיליע און מיינע קינ־דער. אָט זעט דעם ביישפּיל פון די אַמעריקאַנער אידן. זיי האָבן קיינעם פון די ניי־אָנגעקומענע אימיגראַנטן נישט געקענט און דאָך האָבן זיי געשטיצט די „בני ברית", כדי די אינסטיטוציע זאָל קע־נען געבן שטיצע פאַר אַלעמען, פאַר רוסישע, פוילישע און ליטווי־שע אידן. און אַז מיר קענען זיך יאָ איינער דעם צווייטן, דאַרפן מיר דאָך אוודאי טאָן נוצלעכע אַרבעט פאַר דער געזעלשאַפט.

— אויב אַזוי — זאָגט מיר מיין מיטשמועסער — טאָ קלייבט אייך אייער געזעלשאַפטלעכן קאַפּיטאַל. איך פון מיין זייט זאָג אייך צום, אַז אויב איך וועל נישט קענען אייך העלפן, וועל איך אָבער אוודאי נישט שטערן אין אייער אַרבעט. ווי זאָגט איר? אַ קולטור־קינד איז אין מאַנטערריי געבוירן געוואָרן.

— יאָ — זאָג איך ווידער — און הלוואי אויף לאַנגע יאָרן. דערווייל האָב איך פון אים צער גידול בנים, אָבער איך האָף, אַז איך וועל נאָך אַמאָל אויך האָבן נחת פון אים.

— הלוואי — האָט דער פראַגע־שטעלער פון פריער מיט מיר איינגעשטימט.

מ א י ר   ר אַ פּ אָ פּ אָ ר ט

דעם 11־טן יולי 1930 איז קאָנסטיטואירט געוואָרן די נייע פאַר־וואַלטונג פון אידישן קלוב אין מאָנטעריי. משה וועגנער איז דער־ווײלט געוואָרן אַלס פאָרזיצער. צבי גאָטליב איז געווען דער וויצע־פּאָרזיצער. לעוויאש — סעקרעטאַר, מאיר ראַפּאָפּאָרט — ביבליאָ־טעקאַר, חיים לאַשאַק — קאַסירער, און יעקב ניומאַן דער ווירט־שאַפטלעכער אויפזעער... עס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן נייע סטאַטוטן פאַרן קלוב, כדי זיי צו פאָרלייגן אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג.

דעם 24־טן יולי האָט מען באַשלאָסן צו אויסשרייבן אידישע צייטונגען פון אייראָפּע. מיר האָבן געשיקט 5 דאָלאַר צום „טאָג” קיין ניו יאָרק, צום „מאָמענט” קיין ווארשע און צו דער „קאָוונער אידישער שטימע”, כדי זיי זאָלן אונדז שיקן די צייטונגען זייערע רעגולער פאַרן קלוב.

# אידישע שמחות אין מאָנטערײ

אין יולי 1931 איז דורכגעפירט געוואָרן ווידער אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, כאָטש דעם עולם איז שוין געווען צוגעגעסן פון אַזעלכע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען. אָבער דאָסמאָל זיינען אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג אָנגענומען געוואָרן זייער וויכטיקע זאַכן.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו איינקויפן נאָך מעבל פאַר דעם קלוב און אויך צו איינאָרדענען אַ כשרן רעסטאָראַן. דער לעצטער פונקט איז געווען זייער וויכטיק פאַר די אומפאַרהייראַטע יונגעלייט און אויך פאַר די אידן וועמענס פרויען זיינען נאָך געווען אין דער אַלטער היים. דאָס איז אויך געווען וויכטיק פאַר דורכפאָרענדע געסט.

די אָנפירונג פון רעסטאָראַן איז איבערגעגעבן געוואָרן צו הערלעווין, וועלכער האָט געדאַרפט צאָלן דעם קלוב 30 פּעזעס אַ מאָנאַט פאַר דער קאָנצעסיע און ער האָט זיך אויך אונטערגענומען צו קויפן גאַרדינען פאַר די טירן און פענצטער פון קלוב.

עס זיינען גלייכצייטיק באַשטעטיקט געוואָרן די נייע סטאַטוטן פון קלוב. איינער פון די פונקטן פון די סטאַטוטן האָט פאָרויסגעזען, אַז די פרויען פון די מיטגלידער פון קלוב קענען אויך האָבן שטים־רעכט אויף די פאַרזאַמלונגען, כאָטש זיי אַליין צאָלן גאָרנישט.

דעם 16־טן סעפּטעמבער האָט דער שוחט ר׳ יעקב פּאָסטיק איינגעאָרדנעט אין לאָקאַל פון קלוב אַ סיום הספר פון אַ ספר תורה וואָס זיינע קרובים פון סאַן אַנטאָניאָ האָבן געבראַכט קיין מאָנ־טעריי צו מזכה זיין די אידן מיט אַ מצוה. די פרויען האָבן באַוויזן, אַז זיי קענען באַקן גוטע און כשרע טאָרטן אויף דער שמחה און דער עולם האָט זיך זייער פיין משמח געווען. מען האָט געלעקט די פינגער פון די געשמאַקע טאָרטן. און דער קלוב האָט אויך גע־האָט אַ פיינע הכנסה. אויף דער פייערונג פון סיום הספר איז גע־ווען דער ראַביי פּיליפּס און איך האָב מיט אים גערעדט וועגן דער וויכטיקייט פון אַ אידישער שולע אין מאָנטעריי. דער ראַביי האָט דאָס אויסגענוצט אין זיין רעדע און ער האָט אונטערגעשטראָכן די גרויסע באַדייטונג דערפון פאַר אַזאַ ישוב ווי מאָנטעריי. דער עולם איז געווען פריילעך און עס איז געזאַמלט געוואָרן אַ גרעסע־רע סומע געלט פאַרן איינשרייבן אותיות אין דער ספר תורה.

דעם 25־טן סעפּטעמבער איז אויף אַ זיצונג פון קלוב באַטראַכט געוואָרן די פראַגע אויף וואָס צו אויסגעבן דאָס געלט וואָס איז אַריינגעפאַלן פון דעם סיום הספר. איך בין שוין געקומען צוגעגרייט צו דער זיצונג מיט אַ פּאַרטיקער איניציאַטיוו־גרופּע און פּאַרלאַנגט, אַז דער קלוב זאָל אויסגעבן 300 פּעזעס אויף צו קויפן אַ קהלשע ספר תורה. דאָס געלט וואָס וועט פעלן וועלן מיר זאַמלען ביי די אידן פון שטאָט. און דערנאָך זאָל מען איינאָרדענען אַ סיום הספר און די הכנסה פון דער פייערונג איינצאַנצן באַשטימען פאַר אַ פאָנד צו גרינדן אַ אידישע שולע אין מאָנטעריי.

די פאַרוואַלטונג האָט צו דעם צוגעשטימט און זי האָט פון איר זייט געבעטן ביי מיר, אַז דער דראַמאַטישער קרייז זאָל ווי־

דער ווערן טעטיק. דעם 9־טן אָקטאָבער איז געשפּילט געוואָרן „פּעד־טראָ קאַראָזאָ״. די הויפּט־ראָלן האָבן געשפּילט משה בלאַכמאַן און רחל ווענגער. עס איז אויך אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס צו מאַכן אַ מנין אויף ימים נוראים אין זאַל פון קלוב.

# איז געקומען צעפאָרן אַ חזנדל אין שטעטל...

קיין מאָנטעריי איז געקומען צופאָרן אַ אידישע פאַמיליע פון אייראָפּע, פון שטעטל ווישקאָוו אין פוילן. איך האָב דעם יונגער־מאַן פון דער פאַמיליע אויפגענומען מיט גרויס שמחה. ביי אים אין לאַץ האָב איך באַמערקט אַ שוואַרצע סטענגע. פרעג איך אים, וואָס באַדייט דאָס. זאָגט ער מיר, אַז פאַר זיין אַרויספאָרן קיין מעקסי־קע האָט ער פאַרלוירן זיין עלטסטן זון פון 13 יאָר וואָס איז גע־שטאָרבן. אַזאַ טראַגעדיע פון אַ אידישער פאַמיליע, טראַכט איך ביי זיך. טאָמער איז שוין איר באַשערט זיך צו אַרויסרייסן פון פוי־לישן גיהנום, דאַרף ביי איר פּאַסירן אַזאַ אומגליק. איך טרייסט דעם אידן און זאָג אים: „משנה מקום משנה מזל". און אַז גאָט וועט אים פאַרגיטיקן אין דעם נייען וואוין־אָרט.

דער איד דערציילט מיר גלייך, אַז ער האָט שוין אַ דירה און ער וויל שוין אָנהייבן צו טאָן עפּעס טאָן.

ראש השנה האָבן זיך זיינע ווישקאָווער לאַנדסלייט אַרומגע־זען, אַז ער קען דאַווענען פאַרן עמוד און ער האָט געדאַווענט שחרית. קיין בעל תפילה איז ער נישט געווען. דאַווענען האָט ער אַביסל יאָ און אַביסל נישט געקענט. אָבער נאָכן דאַווענען האָבן אים עטלעכע אידן באַגריסט און אויסגעדריקט אַ „יישר כוח" און דערביי האָבן

זיי געזאָגט, אַז עס קומט דעם חזן פאַר זיין דאַוונען אַ גרעסער גלעזל וויין ביים קידוש.

די אידן האָבן געמיינט, אַז זיי וועלן הערן אַ חזנישן קידוש און זיי האָבן דאָס געגעבן אָנצוהערן.

מיטאַמאָל איז דער בעל תפילה געוואָרן אַ פאַרציטערטער ווי ער וואָלט געוואָרן אָפּגעבריט און ער האָט אָנגעהייבן צו שרייען:

— וואָס פאַרא חזן בין איך אייך? איך בין גאָר אַ בונדיסט, נאָר מיינע ווישקאָווער לאַנדסלייט האָבן זיך צו מיר צוגעטשעפּעט, אַז איך זאָל דאַוונען פאַרן עמוד. מען האָט מיר פאַרדרייט דעם קאָפּ און איך האָב געדאַוונט.

— הע, הע, הע, — האָבן זיך אייניקע אָפּגערופן אין שפּאַס, אויב איר האָט שוין אַזוי שטאַרק מורא פאַר חזנות, בלייבט איר שוין ביי אונדז אַ חזן. קיין אַנדער נאָמען וועט איר שוין נישט האָבן ביי אונדז, נאָר „חזן".

מען האָט דאָס מקיים געווען אויף אַלע הונדערט פּראָצענט. איינמאָל איז געווען ביי אונדז אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג און איך האָב אַלס סעקרעטאַר פאַרשריבן די נעמען פון די אָנוועזנדע. מיט־אַמאָל האָב איך זיך פאַררעדט מיט איינעם פון דער פאַרוואַלטונג און עס איז מיר פאַרשוואונדן געוואָרן די ליסטע פון די אָנוועזנדע מיטגלידער וועמענס נעמען איך האָב רעגיסטרירט. איינער אַ בחור האָט מיר די ליסטע צוגעטראָגן און ווען איך האָב אַ קוק געגעבן אין פּאַפּיר האָבן איך דערזען דעם נאָמען פון ווישקאָווער בונדיסט מיטן צושריפט „חזן".

שפּעטער, ווען די פאַרזאַמלונג איז אָנגעגאַנגען און מען האָט דעבאַטירט אַ פאַרשלאַג, רופט זיך אָפּ איינער:

— דעם חזנס פאַרשלאַג איז טאַקע אַ גוטער, אָבער ער דאַרף נאָך אַביסל ווערן „אויסגעזונגען".

דער „חזן" האָט זיך ווידער אויפגערעגט דערהערנדיק, אַז מען רופט אים ווייטער „חזן".

נאָך דער פֿאַרזאַמלונג, ווען מיר זיינען אַרויסגעגאַנגען אויפֿן גאַס, זיינען עטלעכע פּערזאָן צוגעגאַנגען צו דעם „חזן" און מען האָט אָנגעהייבן זיך דערציילן מעשיות וועגן חזנים.

דערציילט איינער אַזאַ וויץ:

אין אַ שטעטל איז געקומען צופֿאָרן אַ חזן, אַ גרויסער אָרע־מאַן און ער האָט געוואָלט דאַוונען אַ שבת. ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל פֿאַרן דאַוונען דריי רובל. זאָגט צו אים דער גבאי, אַז דאָס שטעטעל איז אַזוי אָרעם, אַז מען קען נישט באַצאָלן צי די שכירות פֿאַרן שמש, וואָס פֿאַרדינט קוים עט־לעכע גילדן אַ וואָך. רופֿט זיך אָפּ דער חזן: אָדער איר גיט מיר דריי רובל און איך וועל דאַוונען דעם שבת, אָדער איר גיט מיר פֿינף רובל און איך וועל נישט דאַוונען. קוקט אים אָן דער גבאי זייער פֿאַרוואונדערט און זאָגט אים, אַז דאָס שטעטל איז דאָך זייער אָרעם. ענטפֿערט דער חזן, אַז ער ווייסט וואָס ער רעדט. עס זיינען שוין געווען אַזעלכע חכמים ווי איר — זאָגט ער צום גבאי — איך האָב געדאַוונט אין אַ שטאָט פֿאַר דריי רובל און די באַלעבאַטים האָט שפּעטער באַנג געטאָן, וואָס זיי האָבן מיר נישט געגעבן אפילו קיין צען רובל, אַבי איך זאָל נישט דאַוונען. זייט אַזוי גוט און גיט דאָס איבער אייערע באַלעבאַטים, וועט איר זען, אַז זיי וועלן מיר געבן אַ פֿינפֿערל, אַבי איך זאָל נישט דאַוונען ביי אייך...

זעט איר, חזן — האָט דער וואָס האָט דערציילט דעם וויץ זיך געווענדעט צו דעם ווישקאָווער — יענער חזן האָט גאָר שטאָלצירט דערמיט וואָס ער פֿלעגט פֿאַרנודזשען דעם עולם. און איר דאַרפֿט זיך דעריבער גאָרנישט נעמען צום הארצן, ווען מען זאָגט אייך, אַז אייער דאַוונען איז נישט אַזוי גוט. ביי אונדז האַלטן זיך אַלע אידן

אַלס מבינים אויף חזנות. אויף אַנדערע געביטן װעלן זיי נישט װאַגן צו זאָגן מבינות, אָבער אויף אַ חזן איז יעדער איינער אַ מבין.

רופט זיך אָפּ אַ צווייטער:

ביי אונדז אין שול האָט געדאַוונט דער באַרימטער חזן ר׳ גימפּעלע גאָרגלמאַן.

רייסט אים איבער מיטאַמאָל איינער און שרייט:

— ווען האָסטו געקענט הערן אַ חזן, אַז שבת און יום טוב פלעגסטו דאָך אַרומלויפן מיט די בונדיסטן.

— אַזוי גאָר? — קאָכט זיך דער ערשטער — און דו פאַרגעסט גאָר, אַז יעדן טאָג טאַקע ממש, טאָג איין און טאָג־אויס, האָט ר׳ גימפּלס האָן געקרייט ביי מיין טאַטן אויפן דאַך און נאָך אינגלווייז בין איך געפאָרן רייטנדיק אויף ר׳ גימפּלס ציגן. וואָרום פון די היינטיקע חזנים האָט דאָך קיינער פון זיי קיין ציג נישט. און ווי אַזוי קען טאַקע דאַוונען אַ חזן, אַז ער האָט נישט קיין ציג פון וועמען וועט ער לערנען ווי זיך צו ציקלען?

— אָט האָט איר מבינות אויף חזנות — חכמהט זיך נאָך איינער — טאָ צו וואָס האָט איר דאָס באַדאַרפט האָבן, חזן?

— און טאַקע וואָס מיינט איר — זאָגט נאָך איינער — אַז איר קומט אַפילו צו אַ אידן פאַרקויפן אַ פּליטע פון אַ באַרימטן חזן, קרימט ער זיך. דער איד זאָגט אייך: וואָס, זינגעכץ פון אַ חזן? ער הייבט אָן דיין, דיין, און באַלד נאָכדעם מיט אַ קוויטש און אַביסל וויינענדיקס, אַז מען דאַרף טאַקע זיין שטאַרקער פון אייזן, כדי נישט צו אַוועקחלשען... אָט האָב איך געהערט אַ פּליטע פון אַ חזן, וואָס זינגט מיט אַ גראָבן קול, אָבער ווערטער הערט מען, זאָג איך אייך לויטער גאָלד. איך האָב עס געוואָלט קריגן צו קויפן, אָבער עס איז שוין נישטאָ. איצט פאַרשטייט איר שוין, חזן, ווי עס האַלט היינט מיט מבינות אויף חזנות.

— מילאַ, — רופט זיך אָפּ דער „חזן" — איך האָב עס טאַקע נישט באַדאַרפט, אָבער מיינע ווישקאָווער לאַנדסלייט האָבן זיך צו מיר צוגעטשעפּעט. פּאַקטיש האָבן זיי מיר קיינמאָל נישט גע־הערט דאַוונען אַלס חזן אין דער אַלטער היים, נאָר בלויז אין דעם דראַמאַטישן קרייז וואו איך האָב געשפּילט. צוליב דעם האָבן זיי געמיינט, אַז איך דאַרף אויך זיין אַ חזן.

פון זיינע רייד האָבן איך געדרונגען, אַז ער איז אַ סך מער אַרטיסט ווי חזן. זאָג איך צו אים:

— איך זעה אַז אין טעאַטער שפּיל זענט איר גראַמאָטנע, דאַן וועל איך שוין פאַר אייך אָרגאַניזירן אַ כאָר און אַרטיסטן און איר וועט קריגן אַפּלאָדיסמענטן אַלס אַקטיאָר.

וכך הווה: אָט דער „חזן" איז שפּעטער זייער שטאַרק צונויץ געקומען דער מאָנטערייער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט, אָבער דווקא נישט אויפן געביט פון זינגען. אָבער איך וועל זיך נאָך שפּע־טער אומקערן צו דעם.

# קרן קימת־טעטיקייט אין מאָנטעריי

אַ גליקלעך יאָר פון געזעלשאַפטלעכע דערגרייכונגען אין אידישן לעבן אין מאָנטעריי איז געווען דאָס יאָר 1930. אין דעם יאָר האָט דער אידישער ישוב זיך געשטעלט אויף די פיס אין קולטור־רעל־געזעלשאַפטלעכן זין.

אין דער הויפּטשטאָט, אין מעקסיקע, האָט אין יענעם יאָר אָנגעהייבן צו אַרויסגיין אַ אידיש וואָכנבלאַט „דער וועג", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך הער משה ראָזענבערג, אַן ענערגישער אידישער שרייבער און קולטור־בויער פון פּוילן, וועלכער האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז אין אַזאַ קליינעם אידישן ישוב פון מעקסיקע זאָל אויך דערשיינען דאָס אידישע וואָרט. „דער וועג" האָט אָנגעהייבן דערשיינען אַלס וואָכנבלאַט, נאָכדעם ווי ראָזענבערג האָט זיך גענוג אָנגעליטן. אין דער הויפּטשטאָט האָט מען שוין דאַן געוואוסט וועגן אידישן ישוב אין מאָנטעריי און אַז מען קען דערוואַרטן אויך עפּעס פון די דאָרטיקע אידן.

איינמאָל האָב איך געקריגן אַ בריוו פון משה ראָזענבערגן, אין וועלכן ער האָט מיר געשריבן, אַז עס איז די פליכט פון די אידן פון מאָנטעריי אויך צו העלפן אויסהאַלטן די איינציקע אידישע וואָכנ־צייטונג אין מעקסיקע. איך האָב גלייך געזאָרגט דערפאַר, אַז אַלע אידן פון מאָנטעריי זאָלן זיך אַבאָנירן. מאָנטעריי האָט זיך אין דעם

זין אָפּגערופן פיל ווארעמער ווי אַנדערע אידישע ישובים פון דער מעקסיקאַנער פּראָווינץ. אויף צוויי טעג צייט איז משה ראָזענבערג אַליין געקומען קיין מאָנטעריי און ער האָט געוואָלט האַלטן אַ לעקציע אין קלוב. ניין אַזייגער ביינאַכט האָבן מיר ביידע זיך אַוועק־געזעצט שרייבן די איינלאַדונגען צו דער לעקציע. משה ראָזענבערג האָט גערעדט אויף דער טעמע „די באַדייטונג פון אַ אידישער ציי־טונג אין אַ נייען ישוב". קיין סך נייע אַבאָנענטן האָט ער נישט געקענט מאַכן, ווייל איך האָב שוין פון פריער געזאָרגט דערפאַר, אַז אַלע אידן פון מאָנטעריי זאָלן זיך אַבאָנירן אויפן „וועג", אָבער ראָזענבערג האָט געקריגן געלט פון אייניקע אידן און אויך אַ צו־זאָג, אַז מען וועט אַריינגעבן געזעלשאַפטלעכע באַגריסונגען אין דער צייטונג און אויך אַנאָנסן און גראַטולאַציעס צו שמחות אין מאָנ־טעריי. פריינט ראָזענבערג האָט מיר פאָרגעלייגט אַ געוויסן פּראָ־צענט פון די אַנאָנסן וואָס וועלן אַריינפאַלן פון מאָנטעריי, אָבער איך האָב זיך דערפון אָפּגעזאָגט, ערשטנס ווייל איך האָב פון גע־זעלשאַפטלעכער אַרבעט נישט געוואָלט פאַרדינען און צווייטנס — ווייל איך האָב געוואוסט, אַז משה ראָזענבערג איז געווען עקאָנאָ־מיש אויף צרות אין יענער צייט און אַז ער האָט פּראָסט פשוט זיך געטיילט מיט זיינע חברים מיט דעם אָרעמען ביסן...

שפּעטער איז מיר צוגעקומען נאָך אַרבעט פאַרן קרן קימת לישראל אין מאָנטעריי. צוערשט איז די אַרבעט פאַרן קק"ל געטאָן געוואָרן דורך מיר און דורך דעם חבר אהרן בלייבערג, אַ גאַליציאַ־נער כחור. דאָס געלט וואָס פלעגט דורך אונדז געזאַמלט ווערן פלעגן מיר אָפּשיקן קיין סאַן אַנטאָניאָ. נאָכדעם ערשט, אין יאָר 1930, האָבן מיר זיך פאַרבונדן מיטן לאַנד־דירעקטאָריום פון קרן קימת אין מעקסיקע. דער חבר יוסף שפּירא האָט געבראַכט קיין מאָנטע־ריי די ערשטע פּושקעס פון קרן קימת פון מעקסיקע. זיין שוואָגער,

דער דענטיסט ד"ר י' ד. מינץ, איז געווען דעמאָלט דירעקטאָר פון קרן קימת. איך האָב די פושקעס צעטיילט אין אַלע אידישע היי־זער און געבעטן נאָך פושקעס פון דער הויפטשטאָט. מען האָט מיר אויך צוגעשיקט קבלה־ביכעלעך צו זאַמלען געלט אויף פלאַנצן ביי־מער אין ארץ ישראל. פאַר 25 סענט פלעג אין אויסשטעלן דע־מאָלט אַזאַ קבלה. דאָס איז געווען דער קליינער אָנהייב פון קרן קימת־אַרבעט אין מאָנטעריי. איך מיטן חבר בלייבערג פלעגן מיר פאַרקויפן די קבלות צו 25 סענט און אַלע דריי חדשים פלעגן מיר אויסליידיקן די פושקעס פון קרן קימת. אָנהייבנדיק פון אַזעלכע קליינע אַרבעטן האָבן מיר געלייגט דעם באָדן פאַר דער טעטיקייט פון קרן קימת. אַזוי אַרום איז מאָנטעריי געווען די וויכטיקסטע שטאָט פאַרן קרן קימת אויף דער מעקסיקאַנער פּראָווינץ.

דער אידישער ישוב פון מאָנטעריי האָט זינט דאַן שטענדיק זיך אויסגעצייכנט אין זיינע הילפס־אַרבעטן און זאַמלונגען פאַר ארץ ישראל און פאַר אַלע אידישע נאַציאָנאַלע הצטרכותן.

דאָס איז אויך געקומען צום אויסדרוק ווען מען האָט אין מאָנ־טעריי דורכגעפירט די זאַמלונג פאַר דעם פאַרטיידיקונגס־פאָנד פון ארץ ישראל. מיט דעם קאַמפּיין האָט מאָנטעריי זיך אָנגעשלאָסן צו דעם לאַנד־דירעקטאָריום פון קרן קימת לישראל אין מעקסיקע.

עס איז כדאי צו מאַכן אַ קליינעם סך הכל פון די קולטורעלע אונטערנעמונגען וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרן אין מאָנטעריי אין יאָר 1930. אויסער די טאַנץ־אָוונטן, וואָס מיר וועלן נישט רע־כענען, זיינען אויך דורכגעפירט געוואָרן ערנסטע קולטור־געזעל־שאַפטלעכע אונטערנעמונגען.

גלייך אין יאַנואַר איז דורכגעפירט געוואָרן אַן אָוונט לכבוד דעם נייען בירגערלעכן יאָר. שפּעטער, אין פעברואַר, דעם 6־טן, איז דורכגעפירט געוואָרן אַ קעסטל־אָוונט מיטן אָנטייל פון 70 באַ־

זוכער. דעם 7־טן פעברואַר איז דורכגעפירט געוואָרן אַ פאַרזעצונג פון דעם קעסטל־אָוונט און עס זיינען געקומען צען געסט מער. דעם 20־טן פעברואַר איז דורכגעפירט געוואָרן אין קלוב אַ רעפעראַט פון דעם מעקסיקאַנער פּראָפעסאָר הערנאַנדעז און עס זיינען געווען 110 צוהערער. דער פּראָפעסאָר האָט גערעדט אויף דר טעמע „די אַנט־וויקלונג־געשיכטע פון מעקסיקע. דעם 24־טן פעברואַר איז דורכ־געפירט געוואָרן נאָך אַ רעפעראַט אויף דער זעלבער טעמע מיט דער זעלבער צאָל באַזוכער. דעם 27־טן פעברואַר איז דורכגעפירט געוואָרן אַ ליטעראַרישער משפּט איבער שעקספּירס „אָטעלאָ” מיט זייער פיל באַזוכער. דעם 14־טן מערץ איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ מאַסקן־באַל לכבוד פּורים. דעם 27־טן מערץ איז דורכגעפירט געוואָרן אַ פאָרלעזונג פון גיאָואַי דעמאָפּאָסאַנס בוך „דער עלטערן־מערדער” און עס זיינען געקומען 100 באַזוכער. נאָכדעם איז געשאַפן געוואָרן די בינע אין סאַלאָן פון קלוב און עס איז געשפּילט געוואָרן „דער גט” פון שלום עליכם און פּעטראָ קאַרוזאָ, דער „אַמעריקאַנער חתן”. עס זיינען אויפגעפירט געוואָרן אַרטיסטיש־מוזיקאַלישע אָוונטן און אַ פאָרשטעלונג פון אַן אַמעריקאַנער אידישן אַקטיאָר און אויך קליי־נע אָוונטן פון קונסט און פאָרלעזונגען. אין די לעצטע חדשים פון יאָר 1930 זיינען אויך דורכגעפירט געוואָרן פאַרשידענע קעסטל־אָוונטן. אין אַלגעמיין איז דאָס געווען אַ יאָר אין וועלכן די אידי־שע קולטור־אַרבעט איז געווען אינטענסיוו אין מאָנטעריי.

# דער געדאַנק וועגן אַ אידישער שולע וועדט רייפער

אין מיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אין אידישן קלוב אין מאָנ־טעריי, האָב איך געהאַט אַן אינטערעס, אַז די הויפּט־אַמטן פון פּאָרזיצער און גענעראַל־סעקרעטאַר זאָלן זיין דווקא פאַרנומען דורך אַנדערע. עס איז אויך געווען נייטיק נישט צו דערלאָזן צו רייבונ־גען און שפּאַלטונגען אין דער פאַרוואַלטונג.

איך בין דאַן געווען, ווי מען זאָגט, אַ שטילער טוער מיט איינ־פלוס הינטערן „טראָן". דאָס איז געווען אַ שווערער וועג פול מיט שטערונגען און שוועריקייטן. עס איז געווען נייטיק שטענדיק דעם עולם צו מונטערן און וועקן, ווייל דער געזעלשאַפטלעכער ענטוז־יאַזם פלעגט כסדר זיך אָפּקילן ביי די עסקנים אין אַזאַ קליינעם ישוב.

אַזוי איז אויך געווען מיט דער איניציאַטיוו פון דער גרופּע וואָס האָט אונטערן מיין אָנפירונג גענומען 200 פּעזעס אין קלוב מיט דעם באַדינג צו שאַפן אַ פאָנד פאַר דער גרינדונג פון אַ אי־דישער שולע אין מאָנטעריי. די פאַרוואַלטונג פון קלוב האָט דערצו מסכים געווען מיטן אַן האַלבן מויל, ווייל זי האָט געהאַט אַנדערע פּראָיעקטן. זי האָט געוואָלט פאַרשענערן דעם לאָקאַל פון קלוב, מאַכן

נייע גאַרדינען פאַר די טירן און פענצטער און אַריינשטעלן נייע מעבל. נאָר דאָס געלט איז געלעגן איינגעלייגט ביים הער ישראל פרענקעל, איינער פון דער איניציאַטיוו-גרופּע פון דער שולע.

איך האָב באַמערקט, אַז די פאַרוואַלטונג איז נישט צופרידן מיט דעם. זי האָט געהאַלטן, אַז מיט דער שולע דאַרף מען נאָך אַ היפּש ביסל אונטערוואַרטן. אַזוי אַרום, אַז מיר האָבן באַשלאָסן איבערגעבן דאָס געלט צו דער פאַרוואַלטונג, נישט וועלנדיק ברענגען צו קיין מחלוקת און קריגנדיק אַ פאַרזיכערונג, אַז די 200 פּעזאָס וועלן צו דער געהעריקער צייט געגעבן ווערן אויף צו קויפן אַ ספר תורה, לויט אַ פריערדיקן אָפּמאַך מיט דער פאַרוואַלטונג.

עס האָבן זיך געשאַפן צוויי ריכטונגען אין דער פאַרוואַלטונג: איינע האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף די שולע גרינדן וואָס פריער. און די צווייטע ריכטונג איז געווען מיט דער מיינונג, אַז מיט דעם ענין דאַרף מען נאָך אונטערוואַרטן.

נישט וועלנדיק אַריינגיין אין קריגערייען האָב איך געוואַרט אויף אַ פּאַסיקן מאָמענט די זאַך צו באַוועגן פאַראויס. אויסנוצנדיק אַ מאָמענט וואָס די מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג זייַנען אָפּגעפאָרן פון מאָנטעריי, האָב איך דעם 29-טן יאַנואַר 1931 פאַררופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון אַלע אידן פון ישוב. אויף דער פאַרזאַמלונג איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיטעט צו דורכפירן אין לעבן די איניציאַטיוו צו גרינדן די אידישע שולע.

עס איז כדאי דאָ צו ברענגען אַ קיצור פון ערשטן פּראָטאָקאָל, וואָס איז געשריבן געוואָרן אויף דער דאָזיקער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג.

דאָנערשטיק, דעם 29-טן יאַנואַר 1931 איז אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון אַלע מאָנטערייער אידן, וואָס איז פאַרופן געוואָרן פון דער איניציאַטיוו-גרופּע צו גרינדן אַ אידישע שולע אין

מאַנטערײ: מאיר ראַפּאַפּאָרט, לייבל בערקמאַן, זלמן ווישאַנסקי און חיים־יוסף קליימאַן, אויסגעוויילט געוואָרן אַ שול־קאָמיטעט. אין דעם דאָזיקן קאָמיטעט זיינען אַריין: ישראל פּרענקעל, מאיר ראַפּאַ־פּאָרט, לייבל בערקמאַן קלמן טישמאַן, חיים־יוסף קליימאַן און משה טישמאַן. דער פּראָטאָקאָל איז געווען אונטערגעשריבן דורך דעם פּאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג לייבל בערקמאַן און דורך דעם סע־קרעטאַר משה טישמאַן.

אַזוי אַרום איז אָפיציעל און עפנטלעך געוואָרן באַשטעטיקט די גרינדונג פון אַ אידישער שולע אין מאַנטערײ. דאָנערשטיק, דעם 5־טן פעברואַר 1931, זיינען איינגעטיילט געוואָרן די אַמטן אין דער שול־פאַרוואַלטונג. דער פאָרזיצער איז געווען ישראל פרענקעל. דער סעקרעטאַר — משה טישמאַן. פינאַנץ־סעקרעטאַר — חיים יוסף קליי־מאַן און מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג: מאיר ראַפּאַפּאָרט, לייבל בערקמאַן און קלמן טישמאַן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו איינאַר־דענען אַ טאַנץ־אָוונט אין לאָקאַל פון קלוב און די הכנסה פון דער אונטערנעמונג זאָל זיין באַשטימט אויף צו קויפן אַ ספר תורה. מען האָט אויך באַשלאָסן צו בעטן די 200 פּעזעס וואָס די פאַרוואַלטונג פון קלוב האָט נאָך פון פריער זיך מתחיב געווען צו געבן פאַרן צוועק פון קויפן די ספר תורה.

די פאַרוואַלטונג פון קלוב האָט געענטפערט, אַז קודם כל זאָל מען באַצאָלן פּופּציק פּעזעס פאַרן נוצן דעם סאַלאָן אויפן טאַנץ־אָוונט און אַז די פאַרוואַלטונג וועט צוגעבן נאָך 150 פּעזעס און דאָס רעשט זאָל שאַפן דער שול־קאָמיטעט, כדי צו קויפן אַ קהלשע ספר תורה. מען האָט אונדז צוגעזאָגט, אַז פאַר דער פייערונג פון סיום הספר וועט דער קלוב געגעבן ווערן אומזיסט. מען האָט דערביי אונדז אויך פאַרזיכערט, אַז דער לאָקאַל פון קלוב וועט קענען גענוצט ווערן

פֿאַר דער שולע אָן געלט. אַלץ איז באַשטעטיקט געוואָרן און פֿאַר־שריבן געוואָרן אין פּראָטאָקאָל.

אָבער פֿון די צוזאָגן איז גאָרנישט געוואָרן. עס איז בלויז גע־בליבן 58 פּעזעס אין מזומן געלט. טאָ פֿונוואַנען האָט מען געקענט נעמען די סומע וואָס איז געווען נייטיק אויף צו קויפֿן דעם ספר? איך האָב געראָטן דער פֿאַרוואַלטונג, אַז מען זאָל צו איר צוקאָאָפּ־טירן זלמן וויזשאַנסקין. דאַן האָב איך אָפּגעמאַכט מיט מיין טייערן חבר זלמן, אַז מיר זאָלן עטלעכע טעג נישט עסן מיטאָג, כדי צו אויסנוצן די צייט און אַרומפֿאָרן מיט זיין פֿערד און וועגעלע זאַמ־לען געלט פֿאַר דער ספר תורה. און מיר האָבן טאַקע דאָס געלט געשאַפֿן, פּריוויטיק, דעם 26־טן יוני 1931 האָב איך אַוועקגעשיקט דאָס געלט פֿאַר דער ספר תורה און געבעטן, אַז מען זאָל מיר שיקן דעם ספר מיט דער פּאָסט דורך לאַרעדאָ. איך האָב אויסגערעכנט, אַז דורך די באַקאַנטע אידן פֿון לאַרעדאָ וועט די ספר תורה אָנקו־מען פֿיל שנעלער. אָבער מיטאַמאָל דערהאַלט איך אַ בריוו, אַז מען האָט די ספר תורה געשיקט מיט אַ שיף דורך טאַמפּיקאָ, כדי עס זאָל קאָסטן וויניקער פּראַכט־הוצאות. איך האָב ווידער געוואַרט עטלעכע וואָכן און פֿון טאַמפּיקאָ איז גאָרנישט אָנגעקומען. האָב איך געשריבן צו באַקאַנטע אידן אין טאַמפּיקאָ און זיי האָבן אויס־געפֿונען, אַז דער ספר איז געלעגן אין אַ לאַגער, ביי אַ צאָל־אַגענט. דער אַגענט האָט זיך נישט געאיילט מיטן אַרויסגעבן דעם ספר, ווייל ער האָט נישט געוואוסט וואָס דאָס איז און ער האָט געטראַכט, אַז דאָס וועט אים גאָרנישט אַריינברענגען. אָבער די אידן האָבן אים געגעבן צו פֿאַרשטיין וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך און אַז דאָס איז די „סאַנטאַ ביבליאַ", האָט ער צענומען דאָס פּעקל און אָפּ־געשאַצט. פֿאַר דעם ספר מיט די עץ חיימס האָט ער גאָרנישט גע וואָלט נעמען, אָבער דערפֿאַר האָט מען אין צאָל אַמט אָפּגעשאַצט

אַז דאָס מענטעלע איז אַ שטיק צירונג און מען האָט דערפאַר גע־נומען מערער אָפּצאָל, ווי עס וואָלט געקענט קאָסטן שיקן די ספר תורה דורך לאַרעדאָ. דאָס האָט זיך אויסגעלאָזט פון דער בערישער טובה וואָס מען האָט מיר געטאָן דורכן שיקן דעם ספר מיט דער שיף. דאָך האָבן מיר זיך געפרייט זייענדיק, אַז די ספר תורה איז שוין דאָ אין מאָנטעריי.

מוצאָי ראש השנה תרצ״ב האָט דער שול־קאָמיטעט גערופן ווידער אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג. דאָסמאָל האָט זיך געהאַנדלט וועגן באַשטימען אַ טערמין פאַרן סיום הספר. עס איז באַשלאָסן גע־וואָרן מיט אַ מערהייט צו דורכפירן חנוכה דעם גרויסן יום טוב.

דעם דריטן נאָוועמבער איז דורכגעפירט געוואָרן אַ ספּעציעלע זיצונג, כדי צו אויסאַרבעטן די פּרטים פון דער פייערונג. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז יעדער איינער מוז מיט עפּעס צוהעלפן. איך האָב פאָרגעשלאָגן, אַז ערשטנס וועל איך רעגיסטרירן אַלע קינ־דער אין שול־עלטער. און צווייטנס, וועל איך אָרגאַניזירן אַ חנוכה־אָוונט, צוגרייטן אַ פּאַסיקן פּראָגראַם מיט דעקלאַמאַציעס און לי־דער און אויך מיט אַ כאָר. איך האָב אויך צוגעזאָגט זיך צו דורכ־שרייבן מיט סאַן אַנטאָניאָ און איינלאַדן פון דאָרט חשובע געסט צו דעם יום טוב, ווי דעם שוחט לובעל, דעם חזן קאַנטאָר און אַנ־דערע געסט פון ביידע לאַרעדאָס. אַנדערע פאַרוואַלטונגס־מיטגלי־דער האָבן גענומען אויף זיך צו קויפן משקה און צו אָרגאַניזירן די סעודה. איך האָב אויך איבערגערעדט מיט דעם פרויען הילפס־פאַר־איין וואָס האָט באַשלאָסן צו אַרויסהעלפן אין בופעט.

דעם 10־טן נאָוועמבער 1931 האָב איך שוין געהאַט אַ פאַרטי־קע רשימה פון די קינדער אין שול־עלטער וואָס איך האָב רעגיס־טרירט. אין סך הכל האָב איך רעגיסטרירט אַכט און פערציק קינ־דער פון דעם פאָלגענדן עלטער: פון פיר ביז זעקס יאָר — 26 קינ־

דער, פון זעקס ביז צען יאָר — 16 קינדער און פון צען יאָר און העכער זיינען געווען זעקס קינדער. אַלע אידן זיינען געווען צופרידן וואָס דר יום טוב פון סיום הספר ווערט אַ פאַקט און וואָס מיר דערנענטערן זיך צו דער גרינדונג פון דער אידישער שולע אין מאַנ־טעריי.

# דער קלוב „התקוה" האָט גרויסע שוועריקייטן

דער גרויסער אינטערעס אין דער גרינדונג פון דער אידישער שולע אין מאָנטעריי האָט געבראַכט מיט זיך אַן אָפּשוואַכונג אין דער אַרבעט פאַרן קלוב. דאָס האָט געבראַכט צו זייער אַ שווערער סיטואַציע. מען האָט נישט געצאָלט רעגולער קיין דירה-געלט און עס זיינען דורכגעפירט געוואָרן זייער ווייניק אונטערנעמונגען. עס איז געקומען שוין אַזוי ווייט, אַז מען האָט געטראַכט זיך צו אי־בערציען אין אַ פיל קלענערן לאָקאַל, כדי צו פאַרקלענערן די הוצ־אות.

אַזוי ווי מען האָט נישט געצאָלט קיין דירה-געלט האָט דערווירט פון הויז נישט געהאַט קיין אינטערעס צו פאַריכטן דעם לאָ־קאַל און דער רעגן האָט אָנגעהייבן אַריינגיסן אין קלוב. דאָך האָט מען געפּרואווט אַרבעטן אונטער אַלע אומשטענדן.

דעם 4-טן נאָוועמבער 1930 איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קעסטל־אָוונט און עס איז אַנאָנסירט געוואָרן, אַז קולטור-אונטערנעמונגען וועלן דורכגעפירט ווערן יעדן דינסטיק. זייער ווייניק מענטשן זיי־נען געקומען צו דעם אָוונט, ווייל זייער פיל יונגעלייט האָבן שוין געהאַט אייגענע פאַמיליעס און זיי האָבן געהאַט אַ גרויסן אינטע־רעס אין דער אידישער שולע. שפּעטער האָט מען דורכגעפירט אַ

טאַנץ־אָוונט פאַר דער יוגנט און אַ פאַרווײַלונג לכבוד דעם נייען יאָר 1931. ווידער איז מען געוואָרן פאַרנומען מיטן אויסמאָנען די חובות קלוב, ווייל די קאַסע איז געבליבן ליידיק און מען האָט געדאַרפט האָבן דאָס געלט וואָס מען האָט צוגעזאָגט פאַר דער ספר תורה.

אין יענער צייט איז דורכגעפאָרן דורך מאָנטעריי די באַרימטע אַמעריקאַנער טרופּע פון ה. נ. דזשאָלסן. אין שייכות מיט דעם האָט זיך אונדזער דראַמאַטישער קרייז באַקלאָגט. אַז די אַרבעט זיינע איז אינגאַנצן אָפּגעשטעלט געוואָרן. אָבער איך האָב די יוגנטלעכע געזאָגט, אַז אין דער צייט ווען עס איז נישטאָ מיט וואָס צו צאָלן דירה־געלט, קען מען דאָך נישט טראַכטן וועגן טעאַטער...

דעם 12־טן מאַי 1931 איז גערופן געוואָרן נאָך אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג צו באַטראַכטן די לאַגע פון קלוב. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו אויפמאָנען אַלע חובות און אפילו אויסשליסן די וואָס וועלן נישט וועלן באַצאָלן. נאָכדעם זיינען געווען נאָך צוויי פאַרזאַמלונגען, דעם 26־טן מאַי 1931 און דעם 28־טן מאַי. די פאַרוואַלטונג פון קלוב האָט געפאָדערט אויף די פאַרזאַמלונגען, אַז מען זאָל נעמען געלט פון שול־קאָמיטעט, אָבער די פאַרזאַמלטע מיטגלידער זיינען געווען קעגן. דעריבער האָט די פאַרוואַלטונג פון קלוב דעמיסיאָנירט און עס איז דערווײַלט געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג. די נייע פאַרוואַלטונג איז קאָנסטיטואירט געוואָרן דעם 31־טן מאַי אונטערן פאָרזיץ פון הער לייבל בערקמאַן. וויצע־פאָרזיצער איז געווען משה קאַפּלאַן, סעקרעטאַר — חיים לאַשאַק און ביבליאָטעקאַר מאיר ראַפּאַפּאָרט. קאַסירער — משה טישמאַן און אַדמיניסטראַטאָר — זלמן וויזשאַנסקי.

די נייע פאַרוואַלטונג האָט באַשלאָסן נישט צו בייטן דעם לאָקאַל, נאָר בעסער איינאָרדענען אַ טאַנץ־אָוונט לטובת דעם קלוב.

מען האָט אַפּעלירט צום עולם, אַז זיי זאָלן שטיצן די נייע אונטער־נעמונג. מען האָט געמאַכט אַלע צוגרייטונגען צו דעם טאַנץ־אָוונט וואָס איז געווען באַשטימט אויף דעם 11־טן יוני 1931. אַביסל געלט איז אַריינגעפלאָסן פון דעם אָוונט אין דער קלוב. האָט זיך ווידער געמאַטערט.

שפּעטער איז באַשלאָסן געוואָרן צו דורכפירן אַ ליטעראַרישן משפט איבער שלום אשם דראַמע „גאָט פון נקמה". דער אָוונט איז געווען אויף צו להכעיס אַ רעגנדיקער און אַ סך מענטשן זיינען געבליבן זיצן אין דער היים. אָבער אפילו די קליינע גרופּע מענטשן וואָס איז געקומען צו דעם „משפט" האָט נישט געקענט אַריינגיין אין קלוב, ווייל אין אַלע צימערן האָט אַריינגערעגנט. מען האָט קוים געפונען אַ פּלאַץ וואו זיך צו אויסזעצן אין רעסטאָראַן.

שווייגנדיק און טרויעריק זיינען מיר אַלע געגאַנגען צוריק אַהיים. אויפן וועג פרעגט מיר אַ פריינט:

— וואָס האָט פּאַסירט מיט אונדזערע אידן פון מאָנטעריי? זאָל איך זאָגן, אַז אַזוי ווי די מענטשן פון מאָנטעריי האָבן אין מעקסיקע אַ נאָמען פאַר קאַרגע מענטשן, האָבן זיך אונדזערע אידן אויך אָפּגעלערנט די מידה? וואָרום אויף נישט צו געבן איז גענוג דער קלענסטער אויסרייד...

איך האָב מיין פריינט געענטפערט, אַז אין מאָנטעריי פעלט נאָר דער געהעריקער ווילן צו טאָן גוטע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט מיט אַ ברייטן פאַרנעם, ווייל אין דער אַלטער היים האָבן די אידן גע־זען ווי שפּלדיק און אָרעם דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן איז געווען. און אויסער דעם זיינען נאָך פאַראַן אונטערשושקערס און אונטער־זאָגערס, וואָס דערשרעקן די אידן פאַר אַן עין הרע. איר וועט נאָך זען — האָב איך געזאָגט צו אים — ווען דער ישוב וועט ווערן

עלטער, ווען דאָס קליינע קערנדל וואָס מיר האָבן פאַרפלאַנצט ברייט זיך צעוואַקסן.

— יאָ — זאָגט מיר מיין פריינט — אָט זעט איר, אַז דער רעגן האָט שוין אויפגעהערט צו גיסן ווען מיר גייען זיך איצט פאַנאַנ־דער. הלוואי זאָלט איר זיין גערעכט. איך בין אייך מקנא מיט אייער אָפּטימיזם.

# דער סיום הספר און די ערשטע שריט צו גרינדן די שולע

דינסטיק, כ"ח אין כסלו פון יאָר תרצ"ב (דעם 8־טן דעצעמ־בער 1931) איז דורכגעפירט געוואָרן די גרויסע שמחה פון סיום הספר אין מאָנטערייַ.

דער זאַל פון קלוב איז געווען זייער שיין דעקאָרירט און די בינע האָט געשיינט פון די דעקאָראַציעס וואָס האָט געמאַכט אברהם אפרת. עס זיינען געווען צעשטעלט טישן מיט כל טוב. דער אַריינ־גאַנג איז געווען פריי פאַר אַלעמען און עס זיינען געקומען פיל געסט פון סאַן אַנטאָניאָ און פון אַנדערע שטעט. עס זיינען אויך געווען חשובע געסט פון ביידע לאַרעדאָס. עס איז געקומען דער שוחט לי־בעל פון סאַן אַנטאָניאָ און דער חזן קאַנטאָר אויך פון דער אַמע־ריקאַנער שטאָט. עס זיינען געקומען שאַפּירס שוועסטערס און שוואָ־גערס. שאַפּיר אַליין האָט געשיינט פון פרייד און ער האָט מיר צו־געזאָגט צו שענקען פאַר דער שולע דעם ביינערנעם טייטל פון זיין דרדקי־מלמד...

דער עולם האָט זיך געפילט באמת זייער יום טובדיק. דער שוחט רב יעקב פאָסטיק איז געזעסן אויף דער בינע ביי אַ טישל מיטן ספר און דער עולם האָט געקויפט אותיות. איידער מען האָט פאַר־

ענדיקט די לעצטע שורה אין ספר האָבן מיר דערוויייל אַריינגעכאַפּט אַ ריקודל מיטן זמרל: שישו ושמחו בשמחת תורה. דערנאָך זיינען אויפגעטראָטן מיינע „אַרטיסטן", די קינדער זאָלן געזונט זיין, אין אַ פּראָגראַם פון אידישע לידער און דעקלאַמאַציעס. אַנדערע האָבן אויך געזונגען סאָלאָ. אַמערסטען פון אַלעמען האָט זיך אויסגעצייכנט דאָס צען יאָריקע אינגעלע שלום מאַרקוס, וועלכער האָט דעקלאַמירט אַ. ליעסאַנס „חנה און אירע זיבן זין", אונטער דעם טרויעריקן איינדרוק פון דער טרויעריקער איבערלעבונג, וואָס ער האָט געהאַט ערב זיין אָפּפאָר פון פּוילן קיין מעקסיקע, צוליב דעם טויט פון זיין עלטערן ברודערל. איז ביי יעדער פראַזע אַרויסגעזאָגטע פון אים, וועגן דעם אומקום פון יעדן קינד האָט ער דאָס איבערגעגעבן מיט אַזאַ הארציק וויינענדיק געפיל: אַז דער גאַנצער עולם אין זאל האָט מיט אים מיטגעוויינט און לובל דער שוחט פון סאַן אַנטאָניאָ זאָגט מיר:

— צום ערשטן מאָל קומט מיר אויס צו האָבן אַזאַ שטאַרקע איבערלעבונג, הערנדיק ווי אַ יונג קינד דעקלאַמירט מיט אַזוי פיל האַרץ און געפיל צוליב דעם אַליין איז מיר שוין געווען כדאי צו קומען צו פאָרן צו אייך.

אָבער גלייך נאָכדעם איז ווידער געוואָרן לעבעדיק און פריילעך. דער כאָר האָט געזונגען אידישע לידער און מען האָט זיך פאַרוויילט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, פּשוט נישט וועלענדיק אַוועקגיין. און עסן און טרינקען איז אויך געווען לרוב. דוד שאַפּיר האָט דאָ אויסגעפונען זיינעם אַ קאָלעגע, אַ קאַוואַלעריסט, יעקב חדש, און מען האָט זיך צערעדט פון מיליטערישע איבערלעבונגען און מאַניוורעס. דער קאַוואַלעריסט האָט דערציילט וועגן די קאַמפן אין מאַנדזשוריע וואו ער האָט אָנטיילגענומען אַלס דריי בענדלדיקער אונטער־אָפיציר, ווי אַזוי ער מיט נאָך צען קאַוואַליעריסטן זענען צוגעפאָרן צו אַ רייכן כינזישן גוטבאַזיצער און געבעטן אים אַז ער זאָל פאַרקויפן עסנווארג, און מיר ווייזן אים גאָלדענע פינפערלעך

וואָס דער קאָמאַנדיר האָט מיטגעגעבן צו באַצאָלן, זאָגט ער: איך האָב גאָרנישט, מיר הערן אָבער ווי געגזעלעך שרייען ביי אים אין שטאל, האָבן די כלאַפציעס געעפּענט די שטאַל און אַרויסגענומען די געגזעלעך, און דער כינעזער האָט מיר געגעבן אַ אונטערשריפט אויף די גאָלדענע פינפערלעך וואָס ער האָט פון מיר באַקומען און מיר האָבן געהאַט אַ וואָך מיט פעטע באָרשטשעס אַז אַלע האָבן געלעקט די פינגער.

און זייענדיק אין פלען ביי יאַפּאַן איז פאַר פסח האָב איך באַקו־מען פון דער יאַפּאַנישער רעגירונג ווייסע מעל, און איך האָב גע־באַקן מצות פאַר אַלע יידישע סאָלדאַטן.

— קיין הגדה האָבן מיר נישט געהאַט — האָט דער קאַוואַ־לעריסט דערציילט — אָבער יעדער איינער פון אונדזערע אידישע געפאַנגענע האָט געזאָגט שטיקער פון דער הגדה אויף אויסנווייניק. קיין למדנים האָבן מיר צווישן אונדז נישט געהאַט, האָט מען טאַ־קע געזאָגט זייער ווייניק. האָט יעדער איינער פון אונדז דערציילט פסחדיקע אַנעקדאָטן פון דער אַלטער היים און עס איז געווען לי־הודים. מיר האָבן געקאָכט פיש און אפילו באָרשטש אָן פלייש. מיר האָבן געלעבט די אַכט טעג יום טוב ווי פּריצים, ווייל מיר זיינען געווען באמת פריי. די יאַפּאַנעזער האָבן געוואוסט, אַז מיר וועלן נישט אַנטלויפן, ווייל עטלעכע אידן האָבן גענומען אויף זיך די פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאַר די אידישע געפאַנגענע.

— הערט נאָר, לערער — רופט זיך אָפּ שאַפּיר — איר הערט אוים אונדזערע מעשיות און איר שטייט דאָ נעבעך אַ פאַרשמאַכ־טער. העי! רעסטאָראַנטשיק, ברענגט נאָר אהער אַ גוט פלעשעלע שנאַפּס פאַרן לערער.

איך האָב שוין גלייך זיך געוואָלט אַרויסרוקן, אָבער שאַפּיר האָט מיר ווידער געכאַפּט און ער האָט מיר נישט געוואָלט לאָזן אוועקגיין.

— ניין, לערער, איר גייט נאָך נישט אוועק. איר דאַרפט עפּעס טרינקען מיט אונדז.

איך האָב זיך פאַרענטפערט, אַז איך בין מיד פון איינשטודירן מיט די קינדער אַ גאַנצן טאָג. אָבער שאַפּיר איז צוגעשטאַנען צו מיר:

— לחיים, לערער. איר הערט? הלוואי זאָל איך דערלעבן צו הערן, אַז מיינע קינדער רעדן אַזאַ געשמאַקן אידיש ווי דאָס צען יאָריקע אינגעלע שלום מאַרקוס. מיט קיין שום זאַך בין איך נישט מקנא זיין טאַטן ווי מיט אַזאַ זונעלע, וואָס רעדט אַזוי שיין.

איך האָב שאַפּירן פאַרזיכערט, אַז מיר וועלן איינאָרדענען אָוונט־קורסן און זיינע קינדער וועלן אויך קענען קומען לערנען אידיש.

די געקומענע געסט פון אַנדערע שטעט האָבן אויך ווידעראַמאָל אַרויסגעזאָגט זייער באַוואונדערונג פאַר דער געלונגענער דעקלאַמאַציע פון צען יאָריקן אינגעלע און זיי האָבן אויך געזאָגט, אַז לויט זייער מיינונג איז געווען זייער פּאַסיק פון אונדז צו אויסקלייבן חנוכה פאַר דעם סיום הספר.

איך האָב זיי אויפגעקלערט, אַז בכלל האָט דער יום טוב חנוכה זייער אַ גרויסע און ממש סימבאָלישע באַדייטונג פאַר אונדזער אידישן ישוב אין מאָנטעריי. אין חנוכה איז דערעפנט געוואָרן דער ערשטער געזעלשאַפטלעכער קלוב, אין חנוכה האָבן מיר דורכגעפירט דעם סיום הספר און אַזוי ווייטער. מיר פּלאַנען איצט אויך צו אָנצינדן נאָך אַ ליכטעלע פון אידישן וויסן און אידישקייט אין מאָנטעריי דורכן עפענען די אידישע שולע. די שיינע חלומות אונדזערע פון חנוכה וועלן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ווירקלעכקייט.

דינסטיק, דעם 22־טן דעצעמבער 1931, שוין נאָך יום טוב, איז באַריכטעט געוואָרן אין קלוב, אַז די הכנסה פון סיום הספר איז גע־

מ א י ר ר אַ פּ אָ פּ אָ ר ט

ווען דריי הונדערט פּעזעס אין מזומן און חובות 136 פּעזעס, וואָס מען קומט אונדז נאָך. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אויף מאָרגן צו פאַרופן נאָך אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, כדי צו באַטראַכטן די נעקס־טע שריט פאַר דער גרינדונג פון דער שולע.

# נייע פאָרשריט פון דער דראַמאַטישער סעקציע פון קלוב התקוה

דער קלוב האָט זיך ווידער געפונען אין זייער אַ קריטישן צושטאַנד און עס איז ווייטער נישט געווען מיט וואָס צו באַצאָלן דירה־געלט. האָט מען זיך באַטראַכט, אַז דער איינציקער אויסוועג וועט זיין ווידער צו אויפלעבן די טעטיקייט פון דעם דראַמאַטישן קרייז.

דער גורל איז ווידער געפאַלן אויף מיר. איך האָב זיך גענומען אַליין צו אָרגאַניזירן און דאָ האָט זיך פאַר מיר אָנגעהייבן אַ קאַפּיטל צרות מיט אונדזערע „אַרטיסטן". ווייל דער ענין איז איצט שוין נישט געווען אַזוי פּשוט. פריער, ווען איך האָב געהאַט צו טאָן מיט יוגנטלעכע וואָס זיינען קיינמאָל נישט געווען אויף דער בינע, זיינען זיי געווען צופרידן מיט וואָס פאַרא ראָליע מען פלעגט זיי געבן. אָבער איצט אַז מיר האָבן שוין געהאַט עטלעכע געשולטע קרעפטן און אַרטיסטן אפילו, וואָס האָבן געשפּילט אין דער אַלטער היים אויף דער בינע, האָבן זיי געפאָדערט פאַר זיך געוויסע ראָלן און נישט קיין אַנדערע.

איינמאָל האָבן מיר געטראַכט צו אויפירן קאָברינס „דער דאָרפס־יונג" און עס זיינען געווען נייטיק עטלעכע און צוואַנציק אַרטיסטן אויף דער בינע. האָט זיך באַלד אָנגעפאַנגען אַ דינגעניש. איינער,



די אידישע דראַמאַטישע סעקציע ביים קולטור קלוב התקוה, מאָנטעריי, נ. ל.

צום ביישפּיל, זאָגט מיר, אַז אויב ער וועט נישט האָבן די ראָליע פון שדכן, וועט ער נישט אַנטיילנעמען. האָב איך אים צוגעזאָגט. אַז ווען מיר וועלן שפּילן שלום עליכמס „דאָקטער" וועט ער קריגן די ראָליע פון שדכן און ער איז געבליבן צופרידן. מיט אַן אַנדער אַקטיאָר האָב איך געהאַט גאָר אַן אַנדער צרה: ער זאָגט מיר, אַז אויב מיר ווילן, אַז ער זאָל שפּילן מיט אונדז, דאַרפן מיר אים געבן גרים. זאָג איך אים, אַז ווייסע פּודער איז דאָ, רויטע און שוואַרצע פאַרב איז אויך פאַראַן, טאָ וואָס נאָך דאַרף ער? ניין, ענטפערט ער מיר, ער מוז האָבן אַלע זיבן קאָלירן פון רעגנבויגן, אַ נישט קען ער נישט שפּילן...

אַלע האָבן געלאַכט פון דעם קאַמפּיין און פון דער פאָדערונג, אָבער ער האָט נישט געוואָלט שפּילן אָן די זיבן פאַרבן. טאָ וואָס טוט מען? אין מאָנטעריי האָט מען געקענט קריגן פאַרשידענע קאָס-טיומען און אפילו קייזערלעכע קליידער אויף פּראָקאַט, אָבער גרים איז נישט געווען אַזוי לייכט צו קריגן. מיר האָבן אפילו נישט גע-וואוסט וואו מען קען דאָס קריגן אין מעקסיקע. אָבער אַ גליקלע-כער צופאַל האָט מיר דאַן צענויפגעפירט מיט דעם באַקאַנטן אי-דישן אַרטיסט פון מעקסיקע, מאָריס געלבער, און די סיטואַציע איז געראַטעוועט געוואָרן.

נאָך אַ צרה איז געווען מיט די יונגע „אַרטיסטקעס" אונדזערע: אַזוי ווי מיר האָבן געדאַרפט האָבן עטלעכע יונגע מיידלעך צו פאַר-שידענע סצענעס, האָבן מיר צווישן זיי אויסגעקליבן איינע זייער אַ שיינע און יונגע פריילין. אָבער די רעפּעטיציעס פלעגן זיך פאַר-ציִען אַמאָל ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין און איר מוטער האָט געשטעלט דעם באַדינג, אַז זי וועט לאָזן איר טאָכטער קומען צו די רעפּעטיציעס, נאָר מיט דעם באַדינג, אַז איך אַליין זאָל זי אָפּפירן

צוריק אַהיים. און איך האָב נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה און גענומען אויף זיך די פליכט...

מיר האָבן רעפּעטירט אייניקע וואָכן צייט און די פאָרשטעלונג איז אַרויסגעקומען גאַנץ שיין. עס איז אויך געווען אַ פיינע הכנסה פאַרן קלוב. די הויפּט־ראָלן זיינען גלענצנד געשפּילט געוואָרן דורך אברהם מאַרקוס, משה בלאַכמאַן, זלמן וויזשאַנסקי, משה קאַפּלאַן און דעסיאַטניק. די פרויען־ראָלן זיינען געשפּילט געוואָרן דורך: רחל ווענגער, פרוי ביילים, גאָלדע אָסטראָוויאַק, גאָלדבערג און פרוי זאַראַק.

נאָכדעם האָבן מיר אויך דורכגעפירט אַ מאַסקן־באַל לכבוד פּורים און די אונטערנעמונג האָט אויך אַריינגעבראַכט געלט. דאָס האָט געהאָלפן צו אַרויספירן אַביסל דעם קלוב פון דעם פינאַנציעלן קריזיס אין וועלכן ער האָט זיך דאַן געפונען.

# צוגרייטונגען צו דער גרינדונג פון דער שולע

מיטוואָך, דעם 23־טן דעצעמבער 1931 איז דורכגעפירט געוואָרן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג נאָך פון די מענטשן וואָס זיינען געווען פאַראינטערעסירט אין דער גרינדונג פון דער שולע. אויפן טאָג־אָרדענונג האָט פיגורירט: אַ באַריכט פון דער קאַסע און דאָס אויס־קלייבן אַ פאַרוואַלטונג פאַר דעם שול־קאָמיטעט.

קיין גענויען באַריכט פון דער קאַסע האָט מען נישט געהערט, אָבער מיר האָבן געוואוסט, אַז אין מזומן איז שוין געווען אַרום דריי הונדערט פעזעס און עס זיינען אויך איינגעקאַסירט געוואָרן איניקע חובות.

אין דער פאַרוואַלטונג פון שול־קאָמיטעט זיינען דערוויילט גע־וואָרן: מאיר ראַפּאַפּאָרט, לייבל בערקמאַן, משה טישמאַן, יצחק ראַמבערג, זלמן וויזשאַנסקי, משה טשאַרני און אברהם מאַרקוס. די אַמטן זיינען לויט אַ מערהייט שטימען פאַרטיילט געוואָרן אויף דעם פאָלגענדן אופן: מאיר ראַפּאַפּאָרט איז דערוויילט געוואָרן אַלס פאַר־זיצער. וויצע־פאַרזיצער — לייבל בערקמאַן, קאַסירער — משה טיש־מאַן, סעקרעטאַר — זלמן וויזשאַנסקי און מיטגלידער פון קאָמיטעט זיינען געווען יצחק ראַמבערג און משה טשאַרני עס איז באַשלאָסן

געוואָרן צו קויפן מעבל פאַר דער שולע און זיך אינפאָרמירן וועגן דער מעגלעכקייט פון ברענגען אַ לערער פון מעקסיקע.

גלייך אויפן צווייטן טאָג בין איך געגאַנגען מיט משה טיש־מאַנען קויפן מעבל פאַר דער שולע. מיר האָבן דערווייל געקויפט איינריכטונגען פאַרן קינדער־גאָרטן און ווען מיר האָבן געבראַכט די קליינינקע טישעלעך מיט די בענקעלעך, האָט דער עולם אין קלוב געקליבן נחת. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז עס איז גע־ווען אַ געלעגנהייט צו אָפּקויפן שול־בענק און טישן אין אַ שולע וואָס האָט זיך איבערגעצויגן אויף אַן אַנדער פּלאַץ און מיר האָבן דאָס געקריגן זייער ביליק.

וועגן אַ לערער פאַר דער שולע פון מעקסיקע האָב איך זיך דורכגעשריבן מיט דעם דירעקטאָר פון דער ערשטער אידישער שו־לע פּריינט מאיר בערגער. ער האָט מיר אינפאָרמירט, אַז דער איינ־ציקער פרייער לערער אין שטאָט איז דאַן געווען יוסף וויניעצקי. איך האָב זיך דערוואוסט, אַז וויניעצקי איז אַוועק פון דער אידי־שער שולע, ווייל ער האָט נישט געשטימט מיטן דירעקטאָר בער־גער. מיר האָבן גלייך באַשלאָסן צו שיקן וויניעצקין זעכציק פּעזעס אויף הוצאות און ער איז געקומען צו אונדז קיין מאָנטעריי.

דעם ערשטן פעברואַר 1932 אינדערפרי האָט יוסף וויניעצקי געגעבן די ערשטע לעקציע פאַר די אידישע קינדערלעך פון מאָנ־טעריי. ער האָט גערעדט מיט די קינדער עטלעכע ווערטער אין אי־דיש און זיי האָבן אים נאָכגעזאָגט. דאָס איז געווען אונדזער ערש־טער אָנפאַנג. אַזוי איז אונדזער חלום וועגן אַ אידישער שולע אין מאָנטעריי פאַרווירקלעכט געוואָרן.

# די אָפיציעלע דערעפענונג פון דער שולע

אונדזער שול־קאָמיטעט האָט אָפּגעהאַלטן אייניקע זיצונגען און אָנגענומען וויכטיקע באַשלוסן. אויף איינער פון די זיצונגען אין פעב־רואַר 1932 איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער שכר לימוד זאָל זיין אין דער הויך פון 5 ביז 6 פּעזעס אַ חודש. אַן אויסנאַם איז געמאַכט געוואָרן פאַר עלטערן וואָס האָבן געהאַט עטלעכע קינדער אין דער שולע. זיי האָבן גענאָסן פון אַן הנחה. מיר האָבן אויך אָנגעשטעלט דער פריילין פריידע שוחט, די טאָכטער פון ר׳ שמואל שוחט, אַז זי זאָל טאָן געוויסע אַרבעטן אין דער שולע און דערפאַר האָט זי געקריגן דרייסיק פּעזעס אַ חודש. גלייכצייטיק האָבן מיר באַשלאָסן, אַז דעם 18־טן פעברואַר זאָל דורכגעפירט ווערן די פייערלעכע און אָפיציעלע דערעפענונג פון אונדזער שולע...

ווען אונדזער זיצונג האָט איינמאָל געהאַלטן שוין ביים ווערן פאַרענדיקט, קומט מיטאָמאָל אַריין דער קאַסיר פון קלוב, חיים לאַ־שאַק און אַוועקלייגנדיק זיין קאַסע־ביכל אויפן טיש, האָט ער אונדז געזאָגט:

— אויך רעזיגניר, ווייל איך קען שוין מער נישט אַרבעטן פאַרן קלוב.

גלייך נאָכדעם איז ער זיך רואיק אַוועקגעגאַנגען. מיר האָבן קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט און געמוזט איבערנעמען אויך די אַרבעט פון קלוב.

דערנאָך האָבן מיר זיך גענומען מיט מער ענטוזיאַזם צו דער פייערלעכער דערעפענונג פון דער אידישער שולע. אין דער אַרבעט האָט אונדז אַרויסגעהאָלפן אַ פרויען־קאָמיטעט, וואָס האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז דער אָוונט זאָל אַרויסקומען זייער דערפאָלגרייך. אין אַלגעמיין איז געווען זייער פיל צו פאַרדאַנקען די פרויען וואָס די אַרבעט אין דער שול איז געגאַנגען זייער גוט. אין יענער צייט האָבן אונדז אין דער שול־אַרבעט אַרויסגעהאָלפן אַלס לערערינס די פרויען חווה ווינִיעצקי, פרוי שרה לאַדערבוים־מילער, פרוי בערטאַ גאָלד־מאַן און פרוי בלאַכמאַן. זיי האָבן געלערנט מיט די קינדער, לויט די אָנווייזונגען פון לערער ווינִיעצקי.

דער דערעפענונג־אָוונט האָט אַריינגעבראַכט אַ היפּש ביסל געלט, אָבער דער דעפיציט פון קלוב איז געווען נאָך אַ גאַנץ גרוי־סער. אַזוי אַרום, אַז מיר האָבן אויף אַ זיצונג פון דער שול־פאַר־וואַלטונג באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַ מאַסקן־באַל לכבוד פורים אויף דעם 23־טן מערץ 1932. גלייכצייטיק האָב איך אָרגאַניזירט די דראַ־מאַטישע סעקציע, כדי מיר זאָלן דורכפירן אַן אונטערנעמונג לכבוד דעם 50־טן יובילייִ פון באַרימטן אידישן שרייבער און דראַמאַטורג פּרץ הירשביין, אויפירנדיק זיין „אינטעליגענט". מיר האָבן אויך איינגעזען, אַז מיט דעם קליינעם און מינימאַל שכר לימוד וועט זיך די שולע אַליין נישט קענען אויסהאַלטן, דעריבער האָב איך גע־בראַכט אַ פאָרשלאַג, אַז מיר זאָלן גרינדן אַ שול־פאַריין צו וועלכן עס זאָלן געהערן אַלע אידן פון ישוב, אפילו די נישט־פאַרהייראַטע און בחורים וואָס האָבן נישט קיין פאַמיליעס. די שולע איז דאָך אויך פאַר די וואָס וועלן אין דער צוקונפט האָבן קינדער...

דער פּראָיעקט איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן פון דער פאַרוואַלטונג און דעם 25־טן מערץ 1932 האָב איך צווויסן געטאָן די אידן פון מאָנטעריי, אַז עס האָט זיך געגרינדעט אַזאַ פאַריין וואָס



אידישע שולע אין מאָנטעריי. פֿאַרוואַלטונגס מיטגלידער לערער און א
טייל פֿון די קינדער.

דאַרף אונטערשטיצן די עקזיסטענץ פון דער שולע איך האָב זיך גענומען גלייך ווערבירן מיטגלידער פאַר דער אָרגאַניזאַציע. און איך האָב געהאַט דערפאָלג אויף. קיין גרויסעביישטייערונגען האָט מען נאַטירלעך דאַן נישט געקענט אַרויסקריגן.

די פאָרשטעלונג פון דער דראַמאַטישער סעקציע איז דורכגעפירט געוואָרן אַזוי ווי עס איז געווען באַשטימט און אויף ל״ג בעומר ביינאַכט האָבן מיר פאַרופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, כדי צו אויסוויילן אַ נייע פאַרוואַלטונג פאַר דעם קלוב. דער טערמין פון דער פריערדיקער פאַרוואַלטונג האָט זיך שוין געהאַט פאַרענדיקט. דעם 7-טן יוני האָב איך אויף דער פאַרזאַמלונג איבערגעגעבן אַ באַריכט פון מיין אַרבעט אַלס סעקרעטאַר און קאַסירער פון דער פאַרוואַלטונג זינט לאַשאַקס רעזיגנאַציע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער דעפיציט פון קלוב איז געווען פולשטענדיק געדעקט און אַז דאָס דירה-געלט און אַלע אַנדערע חובות זיינען באַצאָלט געוואָרן צו דער צייט. עס איז נאָך געבליבן עפּעס געלט אין קאַסע.

אַזאַ מין גוטער באַריכט האָט צוגעגעבן השק צו גיין אַרבעטן אין דער פאַרוואַלטונג פון קלוב און עס זיינען דערוויילט געוואָרן: משה בלאַכמאַן אַלס פאָרזיצער, דוד באַרמאַק אַלס וויצע-פאָרזיצער, משה-לייב קעסלער סעקרעטאַר. און אַלס מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג: נחום בערדאָווסקי, שלמה זבאר לייבל אָסטראָוויאַק און חיים קליימאַן די נייע פאַרוואַלטונג האָט דערנאָך פאַרגעלייגט, אַז די שולע זאָל צאָלן דירה-געלט דעם קלוב. דער פאָרשלאַג איז אָבער נישט אָנגענומען געוואָרן. דער קלוב אַליין האָט שוין גע-האַט אַ זיכערן ביודזשעט און ער האָט געקענט רואיק אַרבעטן.

# אומצופרידנקייט אין דער שולע

די אידישע שולע אין מאָנטעריי, האָט ווי יעדע נייע זאַך, אַרויס־גערופן צום אָנפאַנג גאָר אַ גרויסן אינטערעס. איבערהויפּט זיינען אַלע געווען אינטערעסירט אין קינדער־גאָרטן וואו עס האָבן זיך גע־פונען אַכצן קליינע אידישע קינדערלעך. יעדעס אידיש וואָרט וואָס אַ קליין קינד האָט אַרויסגערעדט האָט מען עס אויפגעכאַפּט ווי פּערל. די עלטערע תלמידים האָבן שוין געקענט אַביסל לייענען און שרייבן אידיש. און אַדאַנק די׳ קלענערע קינדער וואָס זיינען געקו־מען מיט זייערע עלטערן פון אייראָפּע און האָבן נאָך גערעדט אַ גוטן אידיש, האָט מען געקענט האָבן אַ ווירקונג אויף די געבוירע־נע אין מאָנטעריי קינדער.

אַלץ איז צום אָנפאַנג געווען גוט און נאָרמאַל. אָבער מיטאַמאָל האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז עפּעס איז נישט אין אָרדענונג און אַז די רעדער פון אונדזער שול־וואָגן האָבן אָנגעהייבן צו סקריפּען...

דער לערער וויניעצקי איז דאַן געווען זייער אַ קאַפּריזנער און אַמביציעזער יונגערמאַן, מיט היים בלוט און ער האָט נאָר געוואָלט דורכפירן זיינע אַמביציעס. דאָס ערשטע האָט ער גענומען פּאַרלאַנ־גען, אַז מען זאָל באַזייטיקן פון דער שולע די פריילין שוחט, די טאָכטער פון ר׳ שמואל שוחט, וואָס האָט געאַרבעט אין דער שולע פּאַר דרייסיק פּעזעס אַ מאָנאַט. וויניעצקי האָט געזאָגט, אַז ער וויל

איר פאַר קיין פאַל נישט האָבן אין דער שולע, אפילו אויף צו אויס־קערן די צימערן. די פאַרוואַלטונג האָט אים דעם פאַרלאַנג נאָכגעגעבן.

עס זיינען געווען עטלעכע אומצופרידענע מוטערס פון קינדער. איינציקע זיינען געקומען רעדן מיטן לערער און דערנאָך האָבן זיי געזאָגט, אַז ער האָט זיי נישט געגעבן קיין צופרידנשטעלנדיקן ענטפער. אַנדערע מוטערס האָבן אָפּגענומען זייערע קינדער און זיי אַריינגעגעבן אין אַ מעקסיקאַנער שולע די פאַרוואַלטונג האָט וועגן דעם געוואוסט, אָבער זי האָט באַשלאָסן די זאַך צו פאַרשווייגן, ביז עס איז אונטערגעקומען אַן ערנסטערע געשיכטע:

דער פאַרוואַלטער פון רעסטאָראַן אין קלוב, אַ געוויינלעכער אידישער יונגערמאַן, איז עפּעס וויניעצקין נישט געפעלן געוואָרן. גענומט דער לערער און שרייבט אַן אין „וועג" פון מעקסיקע אַ פעליעטאָן וועגן דעם יונגערמאַן און שטעלט אים אַרויס אין זייער נישט קיין שיינעם ליכט. וויניעצקי האָט דאָס אָנגעשריבן אונטער אַ פאַרשטעלטן נאָמען, אָבער באַלד האָבן זיך אַלע געכאַפּט, אַז דאָס איז געווען זיין אַרבעט. דער רעסטאָראַטאָר האָט זיך באַקלאָגט פאַר דער פאַרוואַלטונג און אפילו זייטיקע מענטשן זיינען דערפון געוואָרן אויפגערעגט. עס איז געקומען צו אַ זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג און מען האָט באַטראַכט די פראַגע פון דעם פעליעטאָן. מען האָט אויפגעוויזן, אַז צוליב דעם איז נישט נאָר באַליידיקט געוואָרן דער רעסטאָראַטאָר פון קלוב, נאָר עס איז אַרויסגעקומען אַ שאָדן פאַר דער גאַנצער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט פון מאָנטעריי. מען האָט אויך אָנגעוויזן, אַז אַ שרייבער דאַרף זיך היטן מיט זיין פען. מען האָט קריטיקירט און דערנאָך איבערגעגאַנגען צו דער טאָג־אָרדענונג. אין יענע צייט איז געקומען קיין מאָנטעריי נאָך אַ שרייבער פון מעקסיקע און ער האָט אונדז מזכה געווען מיט אַ רעדע אין

וועלכער ער האָט אַרויסגעבראַכט מאָדנע געדאַנקען וועגן דער איי־גענער קולטור און וועגן באַגנוגענען זיך מיט „עטוואָס אויפן שפּיץ פינגער". מען האָט דעם בעל דרשן געזאָגט, אַז מיר נייטיקן זיך נישט אין קיין עצות.

דאָנערשטיק, דעם 26-טן מאַי 1932 איז פאַרופן געוואָרן ווידער אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג מיטן צוועק צו דיסקוטירן די לאַגע אין דער שולע. עס האָט גענומען אַ וואָרט משה טישמאַן און געמאַכט פאָרוואורפן די עלטערן, הלמאי זיי רעדן נישט אָפן וועגן זייער אומ־צופרידנקייט, ווייל דאָס רעדן הינטער די קוליסן איז זייער שעדלעך פאַר דער שולע. עס איז אָנגענומען געוואָרן דער באַשלוס צו צו־קאָאָפּטירן אייניקע עלטערן צום ראַט פון דער שולע. אָבער די אומ־צופרידנקייט פון די עלטערן האָט זיך פאַרגרעסערט. דעם 2-טן יוני 1932 איז פאַרופן געוואָרן נאָך אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג איז געלייענט געוואָרן אַ בריוו פון יוסף וויניעצקי אין וועלכן ער האָט געמאָלדן, אַז ער רעזיגנירט פון דער שולע, צוליב זיינע מיינונג-פאַרשידנהייטן מיט מיר וועגן פּראָגראַם פאַר דער דערציאונג-אינסטיטוציע. אָבער גלייך אויפן אָרט איז דער־קלערט געוואָרן, אַז דעם פּראָגראַם האָט נישט אויסגעאַרבעט מאיר ראַפּאָפּאָרט, נאָר ער איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דעם גאַנצן שול-ראַט.

די רעזיגנאַציע פון דעם לערער איז איינשטימיק אָנגענומען גע־וואָרן, אָבער דאָ האָט וויניעצקי פאַרגעלייגט, אַז ער וויל נאָך בלייבן צייטווייליק אַרבעטן אין דער שולע. עס איז גלייכצייטיק אויך אָנגע־נומען געוואָרן דער באַשלוס צו גרינדן אַ קינדער-קלוב ביי דער שולע.

מיר האָבן זיך אינפאָרמירט אין מעקסיקע און מיר האָבן זיך דערוואוסט, אַז קיין פרייער לערער פאַר אונדז איז דאָרט נישטאָ. און אגב האָט מען זיך דערוואוסט פון שמועסן וואָס מען האָט גע־

האט מיט וויניעצקין, אז ער וויל יא בלייבן אין דער שולע ווייטער, נאר ער וויל אויך, אז עס זאל אויסגעקליבן ווערן א פארוואלטונג פון בלויז עמי הארצים, כדי ער זאל אליין קענען דורכפירן זיין שול־פראגראם. אייניקע האבן געלאכט דערפון, אבער אנדערע האבן גע־זאגט, אז עס איז נישטא קיין אנדער ברירה און מען מוז דאס נאכ־געבן. מיר האבן דעריבער באשלאסן צו אנגעבן זיך אין דעמיסיע. דינסטיק דעם 19־טן יולי 1932 איז פארופן געווארן אן אלגעמיינע פארזאמלונג, כדי צו אויסקלייבן א נייע פארוואלטונג. איך האב גע־עפנט די אסיפה און גלייך פארגעלייגט, אז מען זאל אומבאדינגט אויסוויילן א נייע פארוואלטונג פאר דער שולע. עס האט זיך גענוג געטומלט, אבער מיר זיינען געווען אנטשלאסן צו רעזיגנירן פון דער פארוואלטונג. שפעטער זיינען דערוויילט געווארן: משה ווענגער, חיים מאן, אברהם מארקוס, יחיאל האלאנד, דוד בורשטיין און מאיר סאנדלער.

דעם 21־טן יולי איז געקומען די אוועקגייענדיקע פארוואלטונג אין באשטאנד פון די פאלגענדע פערזאנען משה טישמאן, לייבל בערקמאן, מאיר ראפאפארט, זלמן וויזשאנסקי, יצחק ראמבערג און משה טשארני, כדי צו אפהאלטן די לעצטע זיצונג איך האב אי־בערגעגעבן אלע דאקומענטן און 143 פעזעס פון דער קאסע און 5 פעזעס פון א בוררות וואס איך האב אויסגעגלייכט. אינמיטן דערינען רופט זיך אפ איינער פון די „אויסגעצייכנטע" עמי־הארצים:

— איר ווייסט, אז אייער ארבעט איז געווען קוואטש, קוואטש און שוואטש...

אייניקע האבן געשמייכלט, אבער טישמאן איז א כהן און איך זע, אז ער גרייט זיך צו ענטפערן אים און ער איז געווארן אויפ־גערעגט. האב איך אים א צי געטאן ביים ארבל און געזאגט „אל

תען כסיל באולתו". איינער פון אונדז האָט נאָך געזאָגט „אַ דאַנק פאַרן קאָמפּלימענט" און מיר זיינען אַלע אַוועק.

איך האָב זיך דערנאָך גענומען אַרבעטן פאַר דער פאַרשטאַר־קונג פון שול־פאַריין און געשאַפן נאָך צען מיטגלידער פאַר דער אָרגאַניזאַציע.

די קינדער פון דער שול האָבן זיך געגרייט צו דער פאָרשטע־לונג „דאָס מעסערל" פון שלום עליכם. אין יענער צייט האָב איך באַקומען פיל אָנקלאַגעס פון די עלטערן, אַז אין דער שולע דער־ציילט מען די קינדער יעדן טאָג, אַז די אַלטע פאַרוואַלטונג איז גע־ווען זייער אַ שלעכטע און אַז זי האָט געוואָלט צומאַכן די שולע. די עלטערן האָבן מיר געפרעגט, צי דאָס דאַרף מען לערנען מיט די קינדער. זיי האָבן געצוואונגען די עלטערן וועמענס קינדער האָבן געבראַכט די געשיכטעס פון דער שולע צו רופן אַן אַלגעמיינע פאַר־זאַמלונג, כדי די זאַך צו אויפקלערן. אויף דער זיצונג האָט מען גע־הערט נאָך באַשולדיקונגען און דער לערער, יוסף וויניעצקי, האָט אַנערקענט, אַז ער איז שולדיק און ער האָט צוגעזאָגט, אַז מער וועט אַזעלכעס נישט פאָרקומען אין דער שולע. ער האָט געבעטן ביי אַלע־מען אַנטשולדיקונג און גענומען אַליין אויף זיך אַ שטראָף: צו שענ־קען צען ביכער פאַר דער ביבליאָטעק פון קלוב, כדי דאָס זאָל זיין פאַר מיר אַ סאַטיספאַקציע, ווייל איך בין געווען דער ביבליאָטע־קאַר פון קלוב.

עס איז ווידער געווען שלום על ישראל, אָבער די אַרבעט אין קלוב איז שוין נישט געגאַנגען ווי אַמאָל.

עס האָבן זיך אונטערגערוקט נייע שוועריקייטן. אין קינדער־גאָרטן האָט מען צוגענומען אַ נייע פרעבליסטין, אַ מעקסיקאַנער. דעם לערער וויניעצקי האָט מען פאַר זאָגט, אַז מען זאָל מיט די קינ־דער נישט זינגען קיין אידישע רעליגיעזע לידער, כאָטש די פרע־

בליסטין האָט נישט געקענט וויסן אויף וואָס פאַרא שפּראַך מען זינגט און וואָס פאַרא סאָרט לידער. נאָר דאָס איז ווייזט אויס גע־ווען אַ „באַפעל פון אויבן".

דערנאָך איז אונטערגעקומען אַ נייע געשיכטע: די פאַרוואַלטונג האָט גערופן צו זיך דעם שוחט און דעם איינציקן אידישן קצב פון שטאָט און פאָרגעלייגט דעם לעצטן, אַז ער זאָל צונעמען נאָך אַ שותף צו זיין יאַטקע. דער קצב האָט געטענהט, אַז ער קען דאָס נישט טאָן, ווייל ער קען אַליין פאַר זיך אויך קיין לעבן נישט מאַכן. דאָס איז געטאָן געוואָרן בשתיקה און איך האָב דערפון נישט גע־וואוסט ביז צו דער לעצטער מינוט. דערביי איז געווען דער בייזער געדאַנק צו מאַכן אַ סוף צו דער כשרות אין מאָנטעריי.

אין סעפּטעמבער 1932 האָבן די פאַרוואַלטונגען פון קלוב און פון דער שולע אָפּגעמאַכט, אַז די הכנסות פון ימים נוראָימדיקן דאַוו־נען וועלן צעטיילט ווערן גלייך אויף גלייך צווישן די צוויי אינס־טיטוציעס. נאָך די ימים טובים האָט לייבל אָסטראָוויאק צוגעשטעלט דעם חשבון פון דער הכנסה: 593 פּעזעס. הוצאות זיינען דערפון אַראָפּ 150 פּעזעס.

דעם 2־טן נאָוועמבער 1932 איז דערוויילט געוואָרן אַ נייע פאַר־וואַלטונג אין באַשטאַנד פון: משה־לייב קעסלער, דוד באַרמאַק, מאיר ראַפּאָפּאָרט, משה טישמאַן, שלמה זבאר, יוסף וויניעצקי, נחום בער־דאָווסקי.

די אידישע שולע אין מאָנטעריי איז געווען ווי אַ קינד, וואָס אויב מען דערנערט עס נישט, וואַקסט עס נישט און עס ווערט אויס־געמאָגערט. דעם 8־טן נאָוועמבער 1932 איז באַריכטעט געוואָרן אויף אַ זיצונג פון דער שול־פאַרוואַלטונג, אַז די צאָל קינדער אין דער שולע האָט זיך פאַרקלענערט. פון 48 קינדער זיינען געבליבן בלויז זעכצן. אין קינדער־גאָרטן זיינען געבליבן נישט מער ווי פיר קינ־

דער. די עלטערן פון די קינדער וואָס לערנען אין קינדער-גאָרטן האָבן געטראַכט, אַז אַזוי ווי מען האָט צוגענומען אַ מעקסיקאַנער פּרע-בליסטין און אידיש לערנט מען במילא זייער ווייניק, איז שוין גליי-כער צו אַריינגעבן דאָס קינד אין אַ שפּאַנישער שולע.

דעם 12-טן נאָוועמבער 1932 האָט מען ווידער גערעדט וועגן פאַרבעסערן דעם מצב פון דער אידישער שולע אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג. מען האָט באַשלאָסן צו באַזייטיקן דער מעקסיקאַנער פּרעבליסטין און צו אָרגאַניזירן אַ קאָמיסיע פון משה וועגנער, מאיר ראַפּאָפּאָרט און יעקב לעדערבוים, אַז זיי זאָלן באַזוכן די עלטערן און זיי פאַרלייגן, אַז זיי זאָלן ווידער שיקן זייערע קינדער אין דער אידישער שולע. מען האָט אויך געזאָרגט דערפאַר, אַז דער שול-פאַריין זאָל פאַרגרעסערן זיין שטיצע פאַר דער שולע.

די גוטע רעזולטאַטן פון דער אַרבעט האָבן נישט לאַנג געלאָזט וואַרטן אויף זיך. אינגיכן איז פאַרדאָפּלט געוואָרן די צאָל תלמידים אין דער שולע, אָבער דער קינדער-גאָרטן איז נאָך נישט געווען איינגעאָרדנט. דאָנערשטיק, דעם 19-טן נאָוועמבער איז אויף אַ ניי-ער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג באַשלאָסן געוואָרן צוקאָאָפּטירן צו דער שול-פאַרוואַלטונג די פריינט משה בלאַכמאַן, מאיר ראַפּאָפּאָרט און דוד באַרמאַק, עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו אָנשטעלן אַ אי-דיש מיידל וואָס זאָל אַרויסהעלפן אין דער אַרבעט פון קינדער-גאָרטן. אויף אַן אויסעראָרדנטלעכער זיצונג פון דער שול-פאַרוואַל-טונג איז באַריכטעט געוואָרן וועגן פאַרשידענע לויפנדיקע פּראָבלע-

מען דערביי איז אויפגעשוואומען די פראַגע וועגן לערנען מיט די קינדער אין די שבתים און זונטיקס, ווען זיי זיינען פריי פון דער אַלגעמיינער שולע. אָבער מיט אַ מערהייט איז געוואָרן אָפּגע-שטימט, אַז שבת זאָל מען נישט לערנען און זונטיק און אין די קריסטלעכע חגא-טעג יאָ.

# קולטורעלע אויפלעבונג אין אידישן קלוב אין מאָנטערייי

אין נאָוועמבער 1932 איז אויף אַ זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג פון קלוב באַשלאָסן געוואָרן צו רעאָרגאַניזירן די ביבליאָטעק. מען האָט אָנגעהייבן צו גרייטן אַ קאָנצערט, כדי פון דער הכנסה צו קע־נען איינקויפן נייע אידישע ביכער. איך האָב צוגעזאָגט צו צוגרייטן די דראַמאַטישע סעקציע וואָס זאָל שטעלן אַן איינאַקטער, דעם „דאָקטער" פון שלום עליכם. פריילין קעסלער האָט צוגעזאָגט צו געבן אַ פּיאַנאָ־קאָנצערט און מאַדאַם שרה לעדערבוים האָט צוגע־זאָגט צו זינגען אידישע לידער.

הער קעסלער האָט פאָרגעלייגט, אַז מען זאָל צוגרייטן אַ גוטע פּראָפּאַגאַנדע, אָפּדרוקן איינלאַדונגען מיטן פּרייז פון איינטריט — אַ פּעזע פאַר אַ מאַן און 50 סענט פאַר אַ פרוי.

עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו אויסשרייבן די אידישע צײַ־טונגען פון אייראָפּע און אַמעריקע, ווי דעם „היינט" פון װאַרשע, די קאָוונער „אידישער שטימע", דעם „טאָג" און די „צוקונפט" פון ניו יאָרק. דער שול־ראַט האָט באַשלאָסן צוצוגרייטן אַ מיטינג כדי צו אויפקלערן די פּראָבלעמען פון דער שולע.

דער קאָנצערט איז אַדורכגעפירט געוואָרן מיט אַ גרויסן דער־פאָלג. דעם 12־טן דעצעמבער 1932 איז דורכגעפירט געוואָרן אַ רע־פעראַט פון הער לייב דולצין פון מעקסיקע אויף דער טעמע „די לאַגע אין ציוניזם". דולצין האָט דערציילט ביי דער געלעגנהייט, אַז אין אויגוסט 1929, ווען די ווילדע אַראַבער האָבן דורכגעפירט שחי־טות קעגן די אידן אין שכם און חברון, האָבן די ישיבה בחורים געשטעלט אַ ווידערשטאַנד אין חברון און עס זיינען אויך געווען אייניקע געפאַלענע צווישן די אַראַבישע אָנפאַלער.

אויף דעם 19־טן דעצעמבער איז אַנאָנסירט געוואָרן אַ רעפע־ראַט פון הער קעסלער אויף דער טעמע „אַמעריקע פאַר קאָלומבוסן". דער שול־ראַט האָט שוין אויך אַנאָנסירט אַ חנוכה־אָוונט אין זאַל פון קלוב. דער קלוב האָט אויך באַשלאָסן צו דורכפירן אַ ניי יאָר־אָוונט לכבוד דעם בירגערלעכן ניי יאָר 1933.

דער חנוכה־אָוונט איז געווען גאָר אַ גרויסער דערפאָלג, אַדאַנק דער ענערגישער אַרבעט פון דער גאַנצער פאַרוואַלטונג. עס איז גע־בליבן ריינע הכנסה 130 פעזאָס. עס איז אויסגעדריקט געוואָרן אַ דאַנק דעם לערער יוסף וויניעצקי פאַרן צוגרייטן די קינדער צו דעם אָוונט.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דאָס יאָר 1932. איך האָב פאַר זיך אליין געמאַכט אַ שטיקל סך הכל פון מיינע אַכט יאָר אין מאָנ־טעריי. איך האָב אַנאַליזירט מיינע אויפטוען אויפן געביט פון אי־דישער דערציאונג און אידישער געזעלשאַפטלעכקייט, מיינע דער־גרייכונגען אויפן געביט פון רעליגיע און אידישקייט, מיין בייזיין ביי דער טראַגעדיע מיטן ערשטן אידישן קרבן משה פינקלער. די טראַגעדיע פון קליינע אידישע קינדער וואָס ליגן שוין אויפן אי־דישן בית החיים. איך אַליין בין אויך געווען אויף גרויסע צרות, געקרענקט געַנוג, נישט געהאַט קיין רו סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט.

און מיין איינציקע טרייסט איז געווען די אידישע שולע. די שולע איז איצט א יאר אלט. דאס איז געווען א קערנדל וואס איך האב פארפלאנצט אין דער ערד פון מאנטעריי. איצט אין שוין די שולע א יונג ביימעלע וואס דער ווינט שליידערט און רייסט אומברחמ־נותדיק. אפשר וועט די שולע מער מזל האבן אין דער צוקונפט. אפשר וועט מען נישט פאלגן יענעם גאסט פון מעקסיקע וואס האט געראטן, אז מען זאל זיך שטארק דערנענטערן צום לאנד... אידן וועלן זיכער טאן פארן לאנד דאס בעסטע, אבער זיי ווילן בלייבן אידן און דערציען זייערע קינדער אויך אלס אידן.

# געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אין יאָר 1933

ווען הער קעסלער איז געוואָרן דער פאָרזיצער פון אידישן קלוב אין מאָנטעריי, איז פיל פארבעסערט געוואָרן די פינאַנציעלע לאַגע פון דער אינסטיטוציע. מען האָט זיך צוגעהערט צו מיינע פאָר־שלאָגן וועגן פארבעסערן די ביבליאָטעק און דעם לייען־זאַל. עס זיי־נען שוין אָנגעקומען די צייטונגען וואָס מיר האָבן באַשטעלט אין אַמעריקע און אייראָפּע.

דעם 28־טן יאַנואַר 1933 האָבן מיר אָרגאַניזירט אַ קעסטל־אָוונט און דעם 2־טן פעברואַר אַ רעפעראַט פון הער קעסלער אויף דער טעמע „עמיל זאָלאַ, זיין לעבן און שאַפן". יוסף וויניעצקי האָט אויך געגעבן אַ ליטעראַרישן רעפעראַט וועגן דיכטער ח. נ. ביאַליק.

אין פעברואַר 1932 האָב איך באַקומען אַ בריוו פון הער לייב־קע כ"ץ פון לאַרעדאָ, אַז איך זאָל באַזאָרגן מיט עטלעכע פעזעס און רייזע־הוצאות קיין מעקסיקע פאַר אַן אָרעמען אידן פון אַמעריקע, וואָס פאָרט זוכן אַרבעט. איך האָב גערעדט מיט דעם מענטשן און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז נעבעך אַ יורד, אַ טראַגיש־ליידנדער מענטש. דער פרויען הילפס־פאַריין האָט אים מיט עפּעס אַרויסגעהאָלפן און איך האָב געמוזט גיין זאַמלען נאָך געלט פאַר אים ביי דער אידישער באַפעלקערונג פון מאָנטעריי.

סוף יאַנואַר 1933 איז דורכגעפירט געוואָרן ווידער אַן אַלגע־מיינע פאַרזאַמלונג פון שולע כדי צו אויסוויילן אַ נייע פאַרוואַלטונג

אויפן אָרט פון דער וואָס האָט רעזיגנירט. עס זיינען דערוויילט געװאָרן אין דער נייער פאַרוואַלטונג: מאיר ראַפּאַפּאָרט, פרוי לעדערבוים, פרוי פרענקעל, יחיאל האָלאַנד, יהודה זאַסלאַוו, דוד בורשטיין, גרשון קאַפּיליעוויטש. די אַמטן זיינען פאַרטיילט געוואָרן אויף דעם פאָלגענדן אופן: פאָרזיצער מאיר ראַפּאַפּאָרט, וויצע־פאָרזיצערין פרוי פרענקעל, סעקרעטאַרין פרוי לעדערבוים, קאַסיר יהודה זאַסלאַוו, וואָקאַלן: דוד בורשטיין, גרשון קאַפּילעוויטש.

די פריערדיקע פאַרוואַלטונג האָט איבערגעלאָזט אין קאַסע אַ סומע פון 36 פּעזעס מיט 72 סענט. דער לערער וויניעצקי האָט פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל אויסשרייבן אידישע לערן־ביכער פאַרן ערשטן און צווייטן קלאַס. אָבער אַזוי ווי דער, פּרייז איז געווען אַ טייערער, האָט מען באַשלאָסן, אַז די פאַרוואַלטונג זאָל באַצאָלן אַ העלפט און די אַנדער העלפט זאָלן צאָלן די קינדער. עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן, אַז איך זאָל איבערעדן מיט די עלטערן פון די שילער וועגן פאַרבעסערן דעם ביודזשעט פון דער שולע. עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ פּעדאַגאָגישער ראַט פון די הערן וויניעצקי, ראַפּאַפּאָרט, פרוי לערערבוים, פרוי פרענקעל און פרוי בלאַכמאַן.

גלייכצייטיק האָב איך אָנגעפאַנגען די טעטיקייט פאַרן קרן קימת לישראל אין מאַנטעריי. איך בין געווען אויף אַ ברית ביים הער אליהו סובאלסקי און געזאַמלט דאָרט צען פּעזעס פאַרן קרן קימת. גלייכצייטיק האָב איך פאַרענדיקט די הרקה פון די קרן קימת־פּושקעס און באַוויזן צו אַרויסנעמען עטלעכע און זיבעציק פּעזעס. מען האָט מיר אויך געבעטן צו אָרגאַניזירן אַ דירעקטאָריום פון קרן קימת אין מאַנטעריי און אויך צו קלייבן געלט צו איינשרייבן די מאַנטערייער אידישע קהלה אין ספר הזהב פון קק״ל. ביי אייניקע מענטשן האָב איך געקריגן ביישטייערונגען צו 5 פּעזעס און איך

האָב זיך אויך געווענדעט צו דער פאַרוואַלטונג פון קלוב, אַז זי זאָל מיר דערלויבן מאַכן אין איר לאָקאַל אַ פאַרזאַמלונג פון קרן קימת.

די פאַרזאַמלונג איז דורכגעפירט געוואָרן י״ז אדר תרצ״ג. געקומען זיינען אכצן פערזאָן. איך האָב אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון דער קרן קימת אַרבעט אין ארץ ישראל און אויפגעוויזן וואָס פאַר אַ ברייט פעלד פון אַרבעט פאַרן אידישן נאַציאָנאַלן פאָנד עס איז פאַראַן אין די גלות-לענדער. עס זיינען דערוויילט געוואָרן אין דירעקטאָריום פון קרן קימת: מאיר ראַפּאָפּאָרט אַלס דירעקטאָר, לייבל בערקמאַן, יוסף פּאָסטיק, אהרן בלייבערג, שלמה זבאר, יוסף וויניעצקי, יהודה זאַסלאַוו, אהרן לעווינזאָן און ניסן פּאָסטיק. אַזוי האָט זיך אָפיציעל געגרינדעט דער קרן קימת-דירעקטאָריום אין מאָנטערריי כ״א אדר אין יאָר תרצ״ג.

עטלעכע טעג שפּעטער איז געווען די חתונה פון יחזקאל בערדאָווסקי און איך האָב שוין געהאַט אַרויסהעלפער ביים זאַמלען געלט פאַרן קרן קימת. ניסן פּאָסטיק און דוד ליפסקי האָבן מיר אַרויסגעהאָלפן. דער חתן אַליין האָט מיר געגעבן פינף פּעזעס. ביי דער נאָנטסטער זיצונג פון דירעקטאָריום האָב איך איבערגעגעבן צו דעם קאַסירער יהודה זאַסלאַוו 84 פּעזעס מיט 67 סענט. איך האָב נאָכדעם געזאַמלט נאָך געלט אויף אַ ברית און אויף נאָך שמחות. אַזוי אַרום האָב איך מקיים געווען „אם לא אעלה ירושלים על ראש שמחתי״.

# נייע פראָיעקטן פאַר דער אידישער שולע

כ״ח טבת תרצ״ג איז ביי אַ זיצונג פון דער שול-פאַרוואַלטונג באַטראַכט געוואָרן די פראַגע, וועגן פאַרוואַנדלען אונדזער אידישע שולע אין אַ גאַנצער טאָג-שולע מיט די שפּאַנישע לימודים אויך. אַלע האָבן אַנערקענט די נוצלעכקייט פון דעם פּראָיעקט, אָבער צום באַדויערן איז דאָס נישט געווען מעגלעך צו דורכפירן אין מאָנטע-ריי. אין מעקסיקע זיינען געווען די מנדבים וואָס פלעגן געבן גרויסע סומעס פאַר דער דאָרטיקער אידישער שולע, אָבער אין מאָנטעריי פלעגן די קינדער ממש מיט קריעת ים סוף אַרויסרייסן עטלעכע גראָשנס פאַר דער שולע.

מיר האָבן זיך דעריבער געמוזט באַגנוגענען מיט דעם וואָס מיר האָבן געהאַט. אין אַנדערע שטעט איז נאָך די לאַגע געווען ערגער. עס איז געקומען אַ איד פון גואַדאַלאַכאַראַ און דערציילט, אַז דאָרטן זיינען פאַראַן פערציק אידישע פאַמיליעס, אשכנזים און ספרדים און זיי האָבן נישט קיין שולע. די ספרדים האָבן אַ מלמד וואָס לערנט דאָרט איין שעה אין טאָג אידישקייט מיט די ספרדישע קינדער. ער איז אויך דער „כאכאם״ זייערער, אָבער ער איז נישט קיין שוחט און נישט קיין מוהל. ווען עס ווערט געבוירן אַ קינד ביי אָרעמע אידישע עלטערן, דאַרף מען וואַרטן חדשים לאַנג אויפן מוהל פון מעקסיקע וואָס ווערט געבראַכט צו אַ קינד פון רייכע עלטערן. עס

איז אפילו געווען אַ פֿאַל פון אַ קינד וואָס האָט שוין געהאַט אַכט חדשים און מען האָט עס נישט מל געווען, ביז מען האָט עס גע־בראַכט צו אונדז קיין מאָנטעריי. ימים נוראים דאַוונען די אידן פון גוואַדאַלאַכאַראַ ביי די מאַסאָנען אין טעמפּל און זיי לייענען אין דעם ספר וואָס געהערט צו די מאַסאָנען. די אידן זיינען דאָרט נישט קיין פּעדלערס, נאָר די מערהייט האַנדלט מיט שיך און דער אַנטיסעמי־טיזם איז דאָרט זייער גרויס. די אידן האָבן פּשוט מורא צו טאָן געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. דאָס איינציקע וואָס די אידן פאַרמאָגן דאָרט איז אַ אידישער בית עולם. דאָס הייסט, אַז נאָכן טויט קען מען שוין זיין פריי אַ איד...

אויך אין מאָנטעריי האָט מען אָנגעהייבן צו אַרויסווייזן „ליב־שאַפט" צו אונדז. איינמאָל האָט מען מיט שטיינער אויסגעבראָכן די שויבן פון דער אידישער שולע. אָבער וועגן די נישט־אָנגענעמע זאַכן איז גלייכער צו שווייגן...

כ"ה אדר תרצ"ג בין איך בייגעווען אין דער אידישער שולע די ערשטע לעקציע אין העברעאיש וואָס דער לערער יוסף וויניעצ־קי האָט געגעבן. ווי פאַר אַן אָנפאַנג איז דאָס געווען זייער צופרידנ־שטעלנדיק. „והיה ראשיתך מצער ואחריתך ישגא מאד"...

# קאָאָפּעראַציע אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט

אַ מאָדנע זאַך איז אויסגעקומען מיט אונדזערע געזעלשאַפטלע־כע טוערס. עפּעס ווי אַ פאַטאַליטעט וואָלט זיי געווען פאַרפאָלגט. אַלע די וואָס האָבן געטאָן קהלשע אַרבעט פלעגן ווערן נישט גע־זונט. אין אידישן פרויען הילפס־פאַריין איז געווען טעטיק, צום ביי־שפּיל, די פרוי קאָרענשטיין, האָט זי אָנגעהייבן זייער אָפט ווערן קראַנק און די אַרבעט האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

אויף פּורים תרצ״ג האָבן מיר באַשלאָסן, טראָץ די אומעטיקע שטימונגען, צו אָרגאַניזירן אַ פּורים־אָוונט מיט דער הילף פון פרויען־פאַריין. די פרויען זאָל מען געבן 25 פּראָצענט פון דער ריינער הכנסה.

מיר האָבן אַלע באַשלאָסן זיך צו מאַכן פריילעך אין טאָג פון המנס מפּלה. פּורים ביינאַכט האָט מען ביים שוחט ר׳ יעקב פּאָסטיק געלייענט די מגילה. צומאָרגנס אינדערפרי האָט מען געדאַוונט מיט קריאת התורה און ר׳ יעקב פּאָסטיק האָט פאַר זיין תלמיד, משהלע האָלאַנד, אַליין פאַבריצירט מיט דער האַנט אַ פיינעם הילצערנעם גראַגער און מיר האָבן געשלאָגן המנען

פּורים צען אַזייגער אינדערפרי זיינען מיר שוין געווען אין שו־לע. די קינדערלעך האָבן אונדז באַגעגנט מיט יום טובדיקע פּנימער.

מיר האָבן זיך געזעצט אַרום די פֿיין־צוגעגרייטע טישן. מיט מיר לעבן טיש זיינען געזעסן יהודה זאַסלאַוו, הער קעסלער, ישראל פרענקעל, בערל קליימאַן, יחיאל האַלאַנד, שרה לעדערבוים, גושע סאַנדלער, חוה וויניעצקי, פרוי טישמאַן, פרוי מאַרקוס און שרה קיר־זשנער. מען האָט די קינדער געטיילט המן־טאַשן און אַנדערע נאַ־שערייען. די קינדער האָבן געזונגען און דעקלאַמירט. מען האָט דער־ציילט פורימדיקע וויצן.

אין אָוונט איז דורכגעפירט געוואָרן אַ פרייליכער פורים־קאָנ־צערט אין קלוב. די דראַמאַטישע סעקציע האָט אויפגעפירט „דאָס גרויסע געווינס" פון שלום עליכם. קעסלערס קלענסטע טעכטערל האָט זייער שיין געטאַנצט און פרוי שרה לעדערבוים האָט געזונגען אידישע לידער. דער אָוונט איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג. עס איז געווען אַן הכנסה פון 140 פעזעס. 25 פּראָצענט דערפון האָט באַקו־מען דער פרויען הילפס־פאַריין.

גראַד זיינען געווען נאָך שמחות. ביים הער גרשון קאַפּילע־וויטש איז געבוירן געוואָרן אַ מיידעלע. אין אַ גרויסער שטאָט מאַכט עס אַ קליינעם רושם, אָבער אין אַזאַ קליינעם ישוב ווי אין מאָנטע־ריי מאַכט יעדע קליינע שמחה אַ גרויסן איינדרוק אויף אַלעמען. מיר האָבן זיך געפרייט אויף דער שמחה פון הער גרשון קאַפּילעוויטש און שוין געטראַכט, אַז נאָך אַ שילערין איז צוגעקומען פאַר דעם אידישן קינדערגאָרטן. מען האָט געזאַמלט צען פעזעס פאַרן קרן קימת. מען האָט געזונגען און זיך געפרייט. געווען איז דאָרט אויך פריינט גורוויטש פון לאַרעדאָ. מיטאַמאָל מישט זיך אַריין דער שטן. עס ווערט אַ טומל און אַ געשלעג. אַ קליינע מיידעלע, ליבעלע באַר־מאַק, האָט מען אויסגעשלאָגן אַ ציינדעלע און די פרוי זאַראַק האָט געחלשט. ביסלעכווייז האָט מען דעם עולם באַרואיקט און נאָך איינס אַזייגער ביינאַכט איז מען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אַהיים.

# אַ געמאַכטע פרייל‏עכקייט אין חדש אדר תרצ״ג אין מאָנטעריי

דער גרויסער אומגליק וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער די קעפּ פון די אידן אין דייטשלאַנד אין פרילינג תרצ״ג האָט אונדז אין מאָנטעריי שווער געטראָפן. אונדזער פריילעכקייט אין חודש אדר תרצ״ג איז געווען נישט קיין נאַטירלעכע, נאָר געמאַכט.

פאַראַיאָרן איז געגאַנגען מיט מיר זאַמלען געלט אויף מעות חטים הער דוד שאַפּיר. היי יאָר בין איך געגאַנגען מיטן הער דוד באַרמאַק. הער קעסל‏ער האָט מיר געבעטן, אַז איך זאָל אין קלוב האַלטן אַ רעפעראַט וועגן מיינע אַכט יאָר געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אין מאָנטעריי. איך האָב דאָס אים צוגעזאָגט צו טאָן.

ווען איך בין געקומען דעם נעקסטן זונטיק אין קלוב צו האַלטן דעם רעפעראַט האָב איך באַמערקט, אַז אַלץ איז געווען אויסגעפּוצט און עס זיינען געשטאַנען טישן מיט פרוכטן און צובייסעכץ, מיט וויינען און כל טוב. מען האָט מיר אויפגענומען ווי אַ חתן און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָ האָט מען איינגעאָרדנט גאָר אַ באַנקעט לכבוד מיר. איך האָב אַלעמען האַרציק געדאַנקט.

איך האָב געהאַלטן מיין רעפעראַט וועגן די אַכט יאָר געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אין מאָנטעריי און דער עולם האָט זיך דערמאָנט מיט פרייד און בענקשאַפט אַמאָליקע צייטן. דער אָוונט איז געווען

זייער אַ געלונגענער און אָנגענעמער. מען האָט מיר אויך צוגעטראָגן צום אָנדענקונג אַ בייטעלע און אַ קעשענע-פּאָרטפּעל און דער עיקר — אַ גאָלדענע „פלאַקאַ" מיט אונטערשריפטן פון אַלע אידן פון מאָנטעריי. אין די טאָסטן וואָס זיינען געהאַלטן געוואָרן אויפן באַנקעט האָב איך געפילט באמת אַן אויפריכטיקע פריינשאַפט פון אידן וואָס פילן דאַנקבאַרקייט צו דעם מענטשן וואָס האָט עפּעס פאַר זיי געטאָן אויפן גייסטיקן געביט. די שענסטע מתנה איז פאַר מיר געווען די האַרציקע ווערטער וואָס איך האָב געהערט.

אָבער אַזוי ווי קיין פולע שמחה איז ביי קיינעם און אין ערגעץ נישט פאַראַן, האָב איך שוין באַצאָלט פאַר דער פרייד מיט אַ שלאָפלאָזער נאַכט און מיט אַ צעבראָכענעם קערפּער צומאָרגנס דעם גאַנצן טאָג.

איך האָב געקריגן אַ בריוו פון לאַרעדאָ און מען האָט מיר געבעטן, אַז איך זאָל זען צו שיקן אַ געוויסע סומע פאַר אַ קראַנקן אידן וואָס געפינט זיך דאָרט. מיר האָבן באַשלאָסן צו איבערשיקן אים געלט פון די מעות חטים וואָס מיר האָבן געזאַמלט.

דעם 13-טן אַפּריל 1933 האָבן מיר געהאַט בדעה צו רופן אַ פאַרזאַמלונג אין קלוב מיטן צוועק צו באַטראַכטן די פראַגע וועגן גרינדן אַ לייַ-קאַסע אין מאָנטעריי. אָבער עס זיינען געקומען זייער ווייניק מענטשן און די פאַרזאַמלונג איז נישט צושטאַנדגעקומען.

פסח האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ מנין אין קלוב און די הכנסה איז צעטיילט געוואָרן פאַרן קלוב און פאַר דער שולע.

דעם 13-טן אַפּריל 1933 האָבן מיר געהאַט בדעה צו רופן אַ פאַרזאַמלונג צו קלייבן געלט פאַר דעם מושב זקנים פון צפת. די אינסטיטוציע האָט געהאַט שטיצער אין מאָנטעריי און הער וואָלפסאָן פלעגט אונדז באַזוכן פון צייט צו צייט מיטן צוועק צו זאַמלען געלט פאַר דעם אַנשטאַלט.

# אַז ערנסטע לאַגע שאַפט זיך פאַר אידן

די קליינע אידישע געמיינדע אין מאָנטעריי איז אויפגעשוי־דערט געוואָרן, צוגלייך מיט די אידן פון דער גאַרער וועלט, פון די פינצטערע ידיעות וואָס זיינען צו אונדז דערגאַנגען וועגן די היט־לעריסטישע פּאָגראָמען קעגן די אידן אין דייטשלאַנד. מיר אַלע האָבן געפילט, אַז עס הייבט אָן צו הענגען אַ שווערד איבערן האַלדז פון דער גאַנצער מענטשהייט און אין דער ערשטער רייע קעגן אונדזער פאָלק.

מיר האָבן אויך אין מאָנטעריי געגומען פילן, אַז קעגן אונדז הייבט זיך אויף אַ דייטש־אַנטיסעמיטישע לאַפּע און מען איז גע־וואָרן זייער אומרואיק. אַ סך צווישן אונדז זיינען געווען אויפגע־רעגט און קראַנק, מען האָט דורכגעמאַכט שלאָפלאָזע נעכט.

מיר האָבן באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַ פּראָטעסט־מיטינג קעגן דער אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק פון היטלערס רעגירונג אין דייטש־לאַנד. דער פּראָטעסט־מיטינג איז אָפּגעלייגט געוואָרן און די ידיעות וואָס פלעגן אָנקומען פון דייטשלאַנד זיינען געוואָרן אַלץ ערגערע און ערגערע. אונדזער פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג איז ענדלעך פאָרגעקו־מען דעם 10־טן מאַי 1933. דער עולם אין זאַל פון קלוב איז געווען דערשיטערט און אויפגערעגט. הער קעסלער האָט געעפנט די פאַר־זאַמלונג מיט עטלעכע צוגעפּאַסטע ווערטער און איך האָב שפּעטער

דערמאָנט דעם עולם, אַז די דייטשן זיינען נישט די ערשטע צו פאַר־ברענען אידישע גייסטיקע ווערטן. דאָס האָבן נאָך מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק געטאָן די רוימער, וואָס האָבן איינגעוויקלט דעם תנא רבי חנינא בן תרדיון אין אַ ספר תורה און צוזאַמען פאַרברענט. די רוימישע אכזרים האָבן געמיינט, אַז זיי מאַכן אַ סוף צו דעם אידן מיט זיין תורה, אָבער זיי האָבן געמאַכט אַ ביטערן טעות. דער גייסט פון רבי חנינא בן תרדיון איז נישט פאַרברענט געוואָרן. שפּעטער האָבן די שפּאַנישע אינקוויזיטאָרן אויך געוואָלט טאָן דאָסזעלבע וואָס די רוימער. און די שפּאַנישע אידן האָבן מיט „שמע ישראל" אויף זייערע ליפּן זייערע נשמות אויסגעהויכט אויף די שייטער־הויפנס די אותיות פון אונדזער תורה זיינען פון די פלאַמען געפלויגן צום הימל און אויף דורות וועלן זיי שטענדיק באַלייכטן די מענטש־הייט. קעגן די באַרבאַרישע דייטשע „טעאָריעס" פון ראַסן־האַס שטעלן מיר אַרויס די אידייען פון שלום און פעלקער־ליבע...

יוליוש דעמאַר, אַ דייטשער איד וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה אַלס סאַלדאַט אין דער דייטשער אַר־מיי, האָט דערציילט ווי די דייטשע אָפיצירן און גענעראַלן האָבן געשריען אויף אַלע פראָנטן, אַז עס איז נישטאָ קיין שום אונטער־שייד צווישן דייטשן און אידן... „אַלע ברענגען קרבנות און אַלע וועלן שפּעטער געניסן פון די פּרוכטן פון זיג".

לייבל בערקמאַן האָט אויך גערעדט און אָנגעוויזן אויף דעם פינצטערן מיטלאַלטער וואָס האָט זיך מיטאַמאָל אַראָפּגעלאָזט אי־בער דייטשלאַנד. די דייטשן פאַרברענען איצט די מענטשלעכע צי־ווילציזאַציע און זיי ווילן בלייבן מיט זייער באַרבאַריזם. אָבער זיי וועלן באַצאָלן שטראָף אין דער צוקונפט פאַרן טאָלערירן איבער זיך אַלס הערשער אַ ווילדע חיה.

עס האָבן אויך גערעדט אויף דעם מיטינג הער זיידעל, זלמן וויזשאַנסקי און נאָכדעם איז אָנגענומען געוואָרן אַ פּראָטעסט־רע־זאָלוציע מיט דעם פאָלגענדן טעקסט:

„דער אידישער קיבוץ פון מאָנטעריי, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אין זאַל פון אידישן קלוב מיטוואָך, דעם 10־טן מאַי 1933, כדי צו פּראָטעסטירן קעגן דער ווילדער דייטשער ראַסן־שנאה, קעגן דער פאַרברענען פון ביכער פון אידישע מחברים און קעגן אַלע גרויזאַמע פאַרפאָלגונגען וואָס אידן האָבן איצט אַלס פאָלק צו אויסשטיין אין דייטשלאַנד, דריקט אויס זיין צער און ווייטאָג איבער די גרוילטאַטן פון מיטלאַלטער וואָס זיינען איצט געלאָזט געוואָרן אין גאַנג אין דייטשלאַנד. מיר זיינען איינפאַרשטאַנען מיט די באַשלוסן פון אַמעריקאַנער אידישן קאָנגרעס און מיר שטעלן אַרויס קעגן די דייטשע ראַסן־משוגעתן אונדזערע פאָדערונגען פאַר פולע רעכט און געוויסן־פרייהייט פאַר די אידן אין דייטשלאַנד".

מיר האָבן נאָך דאַן נישט געקענט גלויבן, אַז דאָס דייטשע פאָלק זאָל קענען פאַלן אַזוי נידעריק און זיין גרייט אויף סאַדיזם און מערדעריי. ווער האָט זיך געקענט ריכטן אויף אַזאַ טראַגעדיע, וואָס מיר האָבן שפּעטער צוגעזען?...

# אַ גערעטעניש אויף קאַמפּיינען אין מאָנטעריי

דעם 4-טן יוני 1933 איז דורכגעפירט געוואָרן אַ זיצונג פון ביי־דע פאַרוואַלטונגען אין קלוב און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מיר זאָלן זיך נישט באַגנוגענען בלויז מיט דער פּראָטעסט־רעזאָלוציע קעגן די דייטשע אכזריותן, נאָר מיר זאָלן אויך זיך ביישטייערן און שיקן מאַטעריעלע הילף פאַר די אידן אין דייטשלאַנד. איך האָב אויף דער זיצונג דערציילט, אַז איך האָב גערעדט מיט אַ אידן וואָס איז געקומען פון דייטשלאַנד און ער האָט געשילדערט די טראַגישע לאַ־גע און די נויט אין וועלכער די אידן געפינען זיך איצט דאָרטן.

איך בין געגאַנגען מיטן פאָרזיצער, הער קעסלער, צו זאַמלען געלט פאַר די דייטשע אידן. מיר האָבן געזאַמלט 76 פּעזעס. שפּע־טער האָב איך אַליין באַוויזן צו אויפזאַמלען 149 פּעזעס און מיר האָבן איבערגעשיקט 225 פּעזעס.

דער לערער וויניעצקי האָט מיר דערציילט, אַז זיינער אַ חבר, דער לערער רעזניק און רבי גרויבארד ווילן קומען קיין מאָנטעריי כדי צו זאַמלען געלט פאַר דעם געווערקשאַפטן קאַמפּיין פון די אַר־בעטער אין ארץ ישראל. אי.ך האָב אים געזאָגט, אַז איך וועל דאָס איבערגעבן אויף דער זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג.

אזוי ווי די נאכט איז געווען א רעגנדיקע זיינען געקומען זייער ווייניק מענטשן צו דער זיצונג פון דער פארוואלטונג. אנוועזנד געווען קעסלער, בארמאק, וויניעצקי און איך. מיר האבן אלע אפגעשטימט צו געבן דעם זאל פון קלוב פארן רעפעראט פון די אמעריקאנער געסט. אויף דער זיצונג האט קעסלער איבערגעגעבן 50 דאלער צו קויפן ביכער פאר דער ביבליאטעק.

דעם 10-טן יוני 1933 איז דורכגעפירט געווארן נאך א זיצונג צו באהאנדלען די פראגע פון די אמעריקאנער געסט. עס איז געקומען צו א שארפער דיסקוסיע צווישן קעסלערן און וויניעצקין. דער ערשטער האט געוואלט, אז עס זאל דורכגעפירט ווערן בלויז א פארזאמלונג מיטן אנטייל פון די געסט, אבער נישט קיין קאמפיין, ווייל עס האט זיך שוין געגרייט דער קאמפיין פאר די אידן אין דייטשלאנד צו ארויספירן זיי קיין ארץ ישראל. וויניעצקי האט זיך זייער שטארק אויפגערעגט און ער האט געמאלדן, אז ער זאגט זיך אפ פון דער פארוואלטונג פון קלוב און ער האט גלייכצייטיק געזאגט, אז אין חודש אויגוסט פארלאזט ער די שולע און מאנטערריי בכלל. די דאזיקע מחלוקת האט געבראכט צרות פאר די אידן אין מאנטעריי אויף יארן לאנג.

הער קעסלער האט אויף זיין אייגענער איניציאטיוו ארויסגעהאנגען א מעלדונג אין קלוב, אז ער איז קעגן דעם מיטינג מיט די געסט פון אמעריקע און אז ער איז נישט פאראנטווארטלעך פאר די רעזולטאטן וואס קענען ארויסקומען, אויב די פארזאמלונג וועט פארקומען.

דאנערשטיק, דעם 13-טן יולי איז דורכגעפירט געווארן די פארזאמלונג פארן געווערקשאפטן-קאמפיין און עס זיינען אויפגעטראטן די צוויי געסט פון די פאראייניקטע שטאטן. די געסט האבן געזאגט, אז אויב עס וועט נישט דורכגעפירט ווערן דער קאמפיין אינטערע-

סירט זיי נישט דער גאַנצער ענין. איך האָב געזאָגט, אַז איך וועל פּראָקלאַמירן די זאַמלונג נאָכן רעעפּראַט זעענדיק די גרויסע יסו־רים וואָס וויניעצקי האָט געליטן. איך האָב פּראָקלאַמירט דעם קאַמ־פּיין און עס האָבן זיך בייגעשטייערט בלויז צוויי פּערזאָן: וויניעצקי און איך. די געסט האָבן איבערגעלאָזט קבלה ביכלעך און זיינען אַוועקגעפאָרן נישט קיין צופרידענע. שפּעטער איז שוין נישט אַריינ־געפאַלן קיין שום באַשטייערונג און איך האָב אויסגענוצט די בי־כעלעך פאַר געבן באַשטעטיקונגען נאָכן אויסליידיקן די פּושקעס פון קרן קימת.

די געשיכטע האָט אין ישוב אַרויסגערופן אַ גרויסע מחלוקת. אומעטום איז געווען צו מערקן פאַרדרוס און אָפּהענטיקייט. דער דעפּיציט פון קלוב איז ווידער געוואַקסן און די שולע האָט געהאַט נאָך אַ גרעסערן דעפּיציט און דער קינדער־גאָרטן איז שוין מער נישט געווען. דער לערער האָט געהאַלטן ביים אַוועקפאָרן און מיר האָבן געהאַט ידיעות, אַז קיין אַנדער לערער איז נישטאָ.

איך האָב געהאַט אַביסל טרייסט אין דער קרן קימת־אַרבעט און איך האָב דעם 12־טן יולי 1933 אָפּגעשיקט קיין מעקסיקע געלט פון דער הרקה 62 פּעזעס און נאָך 86 פּעזעס, איך האָב אויך באַ־קומען פון מעקסיקע שקלים פאַר דעם ציוניסטישן קאָנגרעס צו פאַרקויפן אין מאָנטעריי.

די דראַמאַטישע סעקציע ביי דעם קלוב האָט דעם 29־טן יוני אויפגעפירט „שמע ישראל" פון יוסף דימאָוו, עס איז אויסגעקליבן גע־וואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג אין פרויען הילפס־פאַריין. אין דער ניי־ער פאַרוואַלטונג זיינען אַריין די פרויען קאָרענשטיין, רבקה קליי־מאַן, גושע סאַנדלער און מאיר ראַפּאָפּאָרט אַלס סעקרעטאַר. איך האָב זיי געראָטן צו העכערן דעם מיטגלידס־אָפּצאָל פון 50 סענט אויף אַ פּעזע אַ חודש.

דעם 11־טן יוני האָט די פאַרוואַלטונג פון קלוב באַטראַכט די פראַגע פון גרינדן אַ ליי־קאַסע אין מאָנטעריי עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיסיע אין באַשטאַנד פון משה וועגנער, ישראל פרענ־קעל, יצחק ראמבערג, לייבל בערקמאַן, גרשון קאַפּילעוויטש, יודל זאַסלאַוו און מרדכי אָסטראָוויאַק. מען האָט באַשלאָסן צו שאַפן אַ פאָנד פון 5 טויזנט פּעזעס און אַרויסלאָזן אַקציעס צו 25 פּעזעס יעדע איינע.

ל״ג בעומר תרצ״ג זיינען מיר אַרויסגעפאָרן מיט די קינדער־לעך פון דער שולע אין אַ שיינעם פּאַרק. די קינדער זיינען געווען זייער צופרידן. זיי האָבן געשוואומען אין אַ שווים־באַסיין און גע־שמאַק געגעסן נאָכן אָפּפרישן זיך. מיר האָבן זיי דערציילט מעשה־לעך פון ל״ג בעומר און די קינדערלעך האָבן דערנאָך אַ גאַנצע וואָך געהאַט צו דערציילן וועגן דעם אַרויספאָר.

איך האָב געקריגן אַ בריוו פון מעקסיקע, פון דעם דירעקטאָר פון דער אידישער שולע, מאיר בערגער, אין וועלכן ער האָט מיר געשריבן, אַז עס איז דאָ אַ גוטע העברעאישע לערערקע, וואָס האָט געלערנט נאָך אין איראָפּע אין אַ אידישער שולע. איך האָב דאָך געוואָלט, אַז יוסף וויניעצקי זאָל פאַרבלייבן אין מאָנטעריי.

# די אומנארמאַלע לאַגע פון אידישן ישוב אין מאַנטעריי

צוליב די פילע מיינונג-פארשידנקייטן און אויפרעגונגען האָט זיך געשאַפן אַן ערנסטע סיטואַציע אין אידישן קלוב. דער פּרעזי־צער, הער קעסלער, האָט רעזיגנירט פון דער פאַרוואַלטונג און אין שולע איז שוין נישט געווען קיין קינדער-גאָרטן, ווייל דער לערער וויניעצקי האָט זיך נישט געוואָלט מיט דעם פאַרנעמען. איצט האָט ער שוין געטראַכט אינגאַנצן צו אַוועקפאָרן.

דעם 26-טן יולי האָט זיך אָרגאַניזירט אַ נייע פאַרוואַלטונג אין קלוב אין באַשטאַנד פון לייבל בערקמאַן, דוד בארמאק, גרשון קאָ־פּילעוויטש און הערמאַן פרידשטאט. צו דער פאַרוואַלטונג פון דער שולע זיינען צוגעקאָאָפּטירט געוואָרן די הערן משה וואַגנער, נחום בערדאָווסקי און בערל קליימאַן. עס איז באַלד אויפגעקומען דער פּראָיעקט, אַז מען זאָל לערנען שבת אַ גאַנצן טאָג און אויך זונטיק אַן האַלבן טאָג. נאָך לאַנגע דעבאַטן איז באַשלאָסן געוואָרן אַז מען זאָל געבן אַ געלעגנהייט אויך די קינדער די קינדער אין רעגירונגס שולן צו באַזוכן די אידישע שולע. דערנאָך האָט מען אַ דריי געגעבן אויף צוריק און באַשלאָסן, אַז מען זאָל שוין גלייך איצט לערנען שבת און זונטיקס, אפילו מיט די קינדער וואָס האָבן ביז איצט געלערנט

א גאַנצן טאָג. אזוי ווי דער לערער וויניעצקי האָט די גאַנצע צייט געוואָלט האָבן וויניקער וואָס צו טאָן, האָט ער דערצו צוגעשטימט. אָבער איך בין געווען דער איינציקער קעגנער. און איך האָב דורכגעפירט אַ פאָרשלאַג, אַז מען זאָל גיין צו די עלטערן רעדן וועגן דעם פּלאַן. איך האָב באַשלאָסן צו גיין באַזונדער און אַגיטירן קעגן דעם פאָרשלאַג.

איך בין געווען רעווידירן די חשבונות פון דעם פרויען הילפס-פאַריין פאַר די חדשים מאַי און יוני 1933. הוצאות זיינען געווען 89 פעזעס און אַ דעפיציט אין קאַסע איז געווען 13 פעזעס, אָבער עס איז נאָך געבליבן צו אויפמאַנען מיטגלידס-אָפּצאָל.

דעם 11-טן אויגוסט איז געווען אַ זיצונג פון שולראַט און וויניעצקי האָט דאָרט פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל לערנען דריי טעג אין דער וואָך. איך בין ווידער געווען קעגן דעם.

איך האָב געפאָדערט, אַז עס זאָל אויסגעקליבן ווערן אַ קאָמיסיע צו דורכפירן דעם קאַמפּיין פאַר די דייטשע אידן. צוליב קעמלערס דעמיסיע איז דער פּלאַן פון דער אַקציע אָפּגעלייגט געוואָרן. מיט גרויסער שוועריקייטן איז געלונגען צו שאַפן אַ נייע קאָמיסיע אין באַשטאַנד פון: יצחק ראַמבערג, מאיר ראַפּאָפּאָרט, חיים יוסף קליימאַן און פערסיקאָוויטש.

צוליב דעם באַשלוס פון פריערדיקן שולראַט צו לערנען שבת און זונטיק, האָבן זייער פיל עלטערן אָפּגענומען זייערע קינדער פון דער אידישער שולע. דעריבער האָבן וויזשאַנסקי, קריגער און בערדאָווסקי מיר געבעטן, אַז איך זאָל גיין רעדן מיט די עלטערן, אַז זיי זאָלן ווידער שיקן זייערע קינדער אין דער שולע. איך האָב אָבער געפאָדערט, אַז עס זאָל ווערן פאָרפּראָטאָקאָלירט, אַז מען זאָל אין דער שולע לערנען זעקס טעג אין דער וואָך. דאָס האָט געבראַכט רעזולטאַטן און אַ סך עלטערן האָבן צוריק געשיקט זייערע קינדער

אין דער אידישער שולע. איך האָב אויך אָרגאַניזירט אַ מוטער־קאָמיטעט צו אַרויסהעלפן דער שולע און צוריק צו איינשטעלן דעם קינדער־גאָרטן.

דעם 1־טן סעפּטעמבער 1933 איז דורכגעפירט געוואָרן אין קלוב אַ פאַרזאַמלונג וועגן די געלטער וואָס זיינען געזאַמלט געוואָרן פאַר די דייטשע אידן. איך אַליין האָב געזאַמלט הונדערט פּעזעס און די קאָמיסיע האָט געזאַמלט 2 הונדערט. עס איז באַשלאָסן געוואָרן דאָס געלט צו אָפּשיקן. עס איז אויך גערעדט געוואָרן וועגן אַ מנין אויף ימים נוראָים. די שולע האָט געבעטן אַזוי ווי פאַריקע יאָרן אַ העלפט פון דער הכנסה, אָבער די ליַיטונג פון קלוב האָט דאָסמאָל געזאָגט, אַז זי וועט געבן וויפל זי וועט האַלטן פאַר נייטיק. מען האָט באַשלאָסן זיך צו ווענדן נאָך אַ דערלויבעניש ביי דער שטאָט־רעגירונג צו דאַווענען ימים נוראָים אין קלוב. און דאָ איז געשען אַ מאָדנע זאַך: מען האָט אַרויסגעגעבן אַ דערלויבעניש צו פייערן די ימים טובים, נאָר אָן „רעליגיעזע צערעמאָניעס". עס איז געקומען אַן אינספּעקטאָר פון דער רעגירונג, כדי צו קאָנטראָלירן צי מען פירט נישט דורך רעליגיעזע צערעמאָניעס. דער גוי האָט דאָך גאָרנישט געוואוסט וואָס ביי אידן קומט פאָר אין אַזאַ פאַל, האָט ער געזען, אַז עפּעס פעלט דאָ, גיט ער אַ פרעג „און וואו זענען עפּעס אייערע רעליגיעזע פּאַנען און הייליקע בילדער" בקיצור, מען האָט אים געמוזט געבן צו פאַרשטיין, אַז אַזוי ווי מיר האָבן געקריגן אַ דערלויבעניש פון דער רעגירונג בלויז צו „פייערן יום טוב" פירן מיר נישט דורך קיינע שום רעליגיעזע צערעמאָניעס. און דער אינספּעקטאָר איז אַוועק אַ צופרידענער...

שמחה תורה האָבן מיר שוין געדאַווענט ביים שוחט אין שטוב, ווייל די קינדערלעך האָבן שוין יאָ געהאַט פּענער, שמחת תורה־

פענער. זיינען מיר דאָרטן געגאַנגען מיט די הקפות און געטאַנצט מיט דער תורה.

צום באַדויערן זיינען אין די טעג פון יום טוב פיל קינדער קראַנק געוואָרן. ביים הער סעם גארי איז געשטאָרבן אַ קליין קינד. אויך ביי דער פרוי לעדער בוים איז געשטאָרבן אַ קינד און זי אַליין איז אויך געווען ערנסט־קראַנק.

פון מעקסיקע האָט מען מיר דאָן געשריבן, אַז איך זאָל גרינדן אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין מאָנטעריי. איך האָב וועגן דעם גערעדט מיט דוד ליפּסקין און מיט נאָך אייניקע מענטשן און עס איז געבליבן, אַז מיר זאָלן רופן אַ פאַרזאַמלונג וועגן דעם... די פאַר־זאַמלונג איז צושטאַנדגעקומען און עס זיינען אויך געקומען פיל מענטשן, אָבער אַזוי ווי דער ערשטער רעדנער און דער ערשטער קעגנער פון דער אידייע איז געווען יוסף וויניעצקי, איז פון דעם גאָרנישט געוואָרן.

אָבער איך האָב אויסגענוצט די פאַרזאַמלונג כדי צו אַפּעלירן צו דעם עולם, אַז מען זאָל העלפן ווידער אָרגאַניזירן דעם קינדער־גאָרטן ביי דער אידישער שולע. איך האָב פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל זיך ביישטייערן כדי צו קויפן אַ פּיאַנאָ פאַרן קינדער־גאָרטן, וועט מיט דעם זיין לייכטער און אָנגענעמער צו לערנען מיט די קליינע קינדערלעך. איך האָב געבראַכט דעם פאָרשלאַג, אַז מיר זאָלן דורכפירן אַ „ריפאַ" פון אַ פּיאַנאָ מיט 250 בילעטן און ווער עס וועט די פּיאַנאָ „אַרויסציען" וועט זי שענקען פאַרן קינדער־גאָרטן. דער נאָמען פון דעם געווינער און שענקער וועט אויסגע־קריצט ווערן אויף דער פּיאַנאָ. דעם עולם איז געפעלן געוואָרן די אידייע. איך האָב געמאַכט די בילעטן און דער עולם האָט זיי גע־קויפט גאַנץ גערן.

דערווייל איז דער אינערלעכער צושטאַנד אין דער שולע אַלץ ערגער געוואָרן. עס איז שוין אפילו נישט געווען מיט וואָס צו באַצאָלן דעם לערער. פון טאַמפּיקאָ האָט מען געשריבן צום לערער וויניעצקי און מען האָט אים פאַרגעשלאָגן, אַז ער זאָל פאָרן דאָרט לערנען אין דער אידישער שולע. עס איז געוואָרן אַ צערודערונג ביים עולם און דעם 22־טן נאָוועמבער 1933 האָבן מיר גערופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, כדי צו באַטראַכטן די לאַגע אין דער שולע. איך האָב געבעטן דעם עולם, אַז מען זאָל גאַנץ אָפן זיך אַרויסזאָגן, צי איז טאַקע די שולע אַ נויטווענדיקייט פאַר דעם אידישן ישוב פון מאָנטעריי, אָדער דאָס איז נישט מער ווי אַ קאַפּריז פון ראַפּאָפּאָרטן...

איינשטימיק האָבן אַלע דערקלערט, אַז די שולע איז באמת אַ נויטווענדיקייט פאַר דעם אידישן ישוב אין מאָנטעריי. האָב איך פאָרגעלייגט, אַז מען זאָל מיט מעשים פאַרשטאַרקן די רייד. איך האָב קאָנקרעט פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל אָרגאַניזירן אַ קאַמפּיין נאָר פאַר דער שולע. באַלד איז אויפן אָרט אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיסיע אין באַשטאַנד פון נחום בערדאָווסקי, קלמן טישמאַן, מאיר ראַפּאָפּאָרט, חיים יוסף קליימאַן און חיים מאַן. דער לערער האָט געמאָלדן, אַז ער וועט בלייבן ווייטער אַרבעטן אין דער שולע. אויב מען וועט אים צאָלן צוויי הונדערט פּעזעס אַ מאָנאַט. די קאָמיסיע האָט אים פאָרגעלייגט גלייך צו געבן 175 פּעזעס און נאָך דעם קאַמפּיין די צוויי הונדערט און ער האָט צוגעשטימט.

זונטיק, דעם 3־טן דעצעמבער 1933 זיינען מיר אַרומגעפאָרן איבערן שטאָט, כדי צו אויפקלייבן די באַשטייערונגען פאַרן קאַמפּיין און מיר האָבן געזאַמלט 493 פּעזעס. דער שולראַט האָט באַשלאָסן צו דורכפירן אַ חנוכה־אָוונט דעם 12־טן דעצעמבער מיטן אָנטייל פון די קינדער פון דער שולע צו דעם ערשטן ליכטל. דער

פראָגראַם איז געווען אַ שוואַכער און אויך די הכנסה פון דעם אָוונט אַ גאַנץ שוואַכע.

דער דראַמאַטישער קרייז האָט געמאַכט רעפּעטיציעס צו אויפירן די „משפחה" פון ח. ד. נאָמבערג און עס איז נישט געווען ווער עס זאָל זיין דער סופליאָר. און מען איז ווידער געגאַנגען לויטן אַלטן כלל, אַז במקום שאין איש, קומט מען אָן צו דעם „אותו האיש דאָס הייסט צו מיר אַליין. איך האָב זיך אונטערגענומען צו סופלירן. מיר האָבן די פּיעסע נישט געקאָנט אויפירן צו דער ריכטיקער צייט, ווייל די שטענדיקע אידישע טרופּע וואָס האָט דאָן געשפּילט אין מעקסיקע, האָט אונדז געשריבן, אַז זי גרייט זיך צו קומען קיין מאָנטעריי אויף אַן אויפטריט אָדער אויף עטלעכע פאָרשטעלונגען. אונדזער פאָרשטעלונג האָט דעריבער געמוזט ווערן אָפּגעלייגט. די אַרטיסטן פון מעקסיקע זיינען געקומען און אונדזער עולם האָט געהאַט אַ געלעגנהייט צו זען, אַז זייערע פאָרשטעלונגען זיינען געווען גאַנץ שוואַכע, פול מיט ביליקע און פלאַכע וויצן. מיר האָבן איינגעזען, אַז אונדזער דראַמאַטישער קרייז שפּילט שוין אַ סך ערנסטער.

באַלד נאָך די ימים נוראים האָב איך איבערגעשיקט קיין מעקסיקע פון דער הרקה און פון די לוחות צום נייען יאָר 62 פּעזעס מיט 50 סענט. איך האָב געקריגן אַ פאָרשלאָג צו דורכפירן אַן אַקציע פאַרן כפר אוסישקין. דאָנערשטיק, דעם 28-טן דעצעמבער ,האָב איך גערופן אַ זיצונג פון דער קרן קימת-קאָמיסיע כדי צו דיסקוטירן דעם פּלאַן ווי אַזוי צו דורכפירן די אַקציע פאַרן כפר אוסישקין. מען האָט באַשטימט, אַז איך זאָל געבן אַ רעפעראַט און אַן איבערבליק איבער דער אַרבעט פון קרן קימת לישראל אין ארץ

ישראל. מען האָט אויך באַשטימט, אַז אַזוי ווי עס איז נאָך נישט קאָמפּלעטירט די סומע וואָס מיר דאַרפן שאַפן כדי צו איינשרייבן אונדזער ישוב אין ספר הזהב, זאָלן מיר די געשאַפענע סומע פון כפר אוסישקין אויך צורעכענען צו אונדזער סומע וואָס מיר דאַרפן שאַפן פאַר דער איינשרייבונג אין ספר הזהב.

# אַ סך הכל פון דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אין יאָר 1933

דאָס יאָר 1933 איז געווען אַ יאָר פון צעשטערונג אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. פון די 54 קינדער וואָס האָבן געלערנט אין דער אידישער שולע זיינען געבליבן 21. דער קינדער-גאָרטן האָט שוין אינגאַנצן נישט עקזיסטירט. שכר לימוד איז אַריינגעפאַלן פון די קינדער בלויז 110 פּעזעס אַ חודש און דעם לערער אַליין האָט מען געדאַרפט צאָלן צוויי הונדערט פּעזעס אַ חודש.

אויף אַ זיצונג פון דער שול-פאַרוואַלטונג, דעם 26-טן דעצעמבער 1933, האָט מען געמאָלדן, אַז נאָך לאַנגע דינגעניש האָט די פאַרוואַלטונג פון קלוב באַשלאָסן צו געבן פערציק פּראָצענט פון אַלע עליות אין קלוב. די עליות פון די ימים טובים האָבן געדעקט דעם דעפיציט אין קלוב.

אין יאָר 1933 האָבן מיר געהאַט אַ יאָר פון גרויסע אָנשטרענגונגען און מאַטערנישן אויף אַלע געביטן. עס איז געווען אַ יאָר פון קרענק ביי זייער פיל מענטשן און ביי קליינע קינדער אין מאָנטעריי. זייער פיל קינדער זיינען קראַנק געוואָרן אויף ספּעציפישע קינדער-קראַנקהייטן. אַ סך מענטשן האָבן אויך דורכגעמאַכט ערנסטע אָפּעראַציעס. די פרוי לעוויאַש האָט אין געציילטע חדשים באַ-

גראָבן אירן אַ ברודער אויפֿן היגן אידישן בית עולם. דער ברודער איז אַלט געווען נישט מער ווי 23 יאָר און איצט האָט זי אויך באַגראָבן איר קינד. פון טאָררעאָן האָט מען געבראַכט צו אונדזער בית החיים דעם דאָקטער אַליוועסקי, וועלכער איז געשטאָרבן דאָרט פּלוצלונג. ער איז געווען אַ געוויסע צייט אין מאָנטעריי. ער איז געווען אַ נאַציאָנאַלער איד, זייער פיל באַלעזנט און באַוואוסט־זיניק. זיין גרעסטער שטרעבונג איז געווען צו עולה זיין קיין ארץ ישראל ביי דער ערשטער געלעגנהייט. ער איז נישט געווען פאַר־הייראַט און ער האָט נישט געהאַט קיינע שום קרובים. אין טאָררעאָן האָט ער געוואוינט איינער אַליין אין אַ דירה און דאָרט איז אויך געווען זיין קאָנסולטאָריע. אין איין שיינעם פרימאָרגן האָט מען אים געפונען אַ טויטן. איך קוק איצט אויף דעם פאַרלייטן בלע־כענעם ארון וואָס מען האָט נישט דערלויבט צו עפענען און מיט טרערן אין די אויגן טראַכט איך, אַז הלוואי זאָל דאָס שוין זיין דער לעצטער קרבן און אַ אָנהויב פון פריילעכערע צייטן.

דאָס לעצטע יאָר (1933) איז געווען זייער אַ שלעכט יאָר און האָט פאַרשלונגען פיל קרבנות. נישט אַלע צרות האָב איך באַוויזן צו אויסשרייבן, ווייל עס וואָלט געווען זייער טרויעריק צו לייענען. זאָל שוין טאַקע צו די צרות נעמען אַ סוף און זאָלן שוין אידן גע־האָלפן ווערן איבעראַל.

מיטוואָך, דעם 24־טן יאַנואַר 1934 האָט די קאָמיסיע פון קרן קימת באַשלאָסן צו דורכפירן אַ פאַרזאַמלונג וועגן דער אַקציע פאַרן כפר אוסישקין מיר האָבן וועגן דעם געשריבן קיין מעקסיקע צו דעם לייטער פון לאַנד־דירעקטאָריום פון קרן קימת, י. ד. מינץ און דער־ווייל האָבן מיר געשיקט 32 פעזעס פון דער לעצטער הרקה. דעם 25־טן יאַנואַר איז דורכגעפירט געוואָרן די פאַרזאַמלונג, אָבער צום באַדויערן איז זי געווען אַ שוואַך באַזוכטע. עס איז באַשלאָסן גע־

וואָרן, אַז יהודה זאַסלאַוו מיט לייבל בערקמאַנען זאָלן אַרומפאָרן צו נעמען דיביישטייערונגען ביי יעדן איינעם. אָבער לײדער האָבן זיי די זאַך גאָר פאַרביליקט און גענומען צו קליינע געלטער. נאָכ־דעם בין איך געגאַנגען מיט אהרן לעווינזאָן און בייטאָג מיט בן ציון פאַסטיק און געזאַמלט פיל מער ווי יענע אין דריי וואָכן צייט.

מיר האָבן באַשלאָסן צו איבערשיקן קיין מעקסיקע סיי דאָס געלט פון דער אוסישקין־אַקציע סיי דאָס געלט פון דער זאַמלונג פאַר דער איינשרייבונג אין ספר הזהב און אויך פון דער הרקה וואָס מיר האָבן דורכגעפירט. צוזאַמען איז דאָס געווען אַ סומע פון 232 פעזעס מיט 26 סענט.

מיר האָבן זיך דערוואוסט, אַז יוסף וויניעצקי האָט געקריגן אַ סערטיפיקאַט צו פאָרן קיין ארץ ישראל צוזאַמען מיט זיין פרוי, אָבער ער האָט אונדז גאַרנישט געזאָגט וועגן דעם. ערשט דעם 14־טן פעברואַר האָט ער אונדז געמאָלדן, אַז ער פאָרט טאַקע אַוועק אינ־גיכן. איך האָב פאָרגעלייגט, אַז מיר זאָלן פאַרגעסן אונדזערע מיי־נונג־פאַרשידנהייטן מיט אים און אָרגאַניזירן פאַר אים אַ באַנקעט צו זיין אָפּפאָר קיין ארץ ישראל. דאָנערשטיק דעם 24־טן פעברואַר איז דורכגעפירט געוואָרן דער באַנקעט.

איך האָב דאַן געשיקט 60 פעזעס צו דער פריילין שושנה קליפּ, אַ לערערין פון מעקסיקע, אַז זי זאָל קומען קיין מאָנטעריי צו לער־נען אין דער אידישער שולע אויף וויניעצקים פּלאַץ.

אין יענער צייט איז ביים הער חיים מאָלדאַווער געשטאָרבן זיין קליינע מיידעלע, אַ תלמידה פון אונדזער קינדער־גאָרטן. מיר זיינען געשטאַנען אַ מנין אידן אויפן בית עולם ביי דער קבורה פון דער קליינער מיידעלע און דער פאָטער, אין גרויס פאַרצווייפלונג, האָט זיך געריסן די האָר פון קאָפּ און געשריען:

— זעט וואָס עס איז געוואָרן פון מיין קינד, פון מיין לעבעדיק קלוג קינד!...

איך בין געשטאַנען און געקוקט אויף דער מצבה פון אונדזער ערשטן קרבן, מיין חבר משה פינקלער, וואָס איז געשטאָרבן דעם 17־טן יוני 1925. אָט קוק איך אויפן קבר פון דעם פאַר־לעצטן קרבן, פון דעם דר. אָליוועשנסקי, וואָס האָט נאָך נישט געהאַט קיין מצבה און איך האָב זיך דערמאָנט די ווערטער וואָס דער יונג־פאַרשטאָר־בענער דאָקטער האָט צו מיר געזאָגט:

— לערנט מיט די קינדער העברעאיש. דערמיט מאַכט איר זיי פאַר אידן. זאָלן זיי קענען דאַווענען און אַריינקוקן אין תנ"ך...

צו די גרויסע קרבנות זיינען אויך צוגעקומען קליינע אומשול־דיקע קינדער. איך בין ווייטער געשטאַנען אויפן בית החיים און געטראַכט, אַז הלוואי זאָל שוין דאָס זיין דער לעצטער קרבן, גאָ־טעניו אין הימל...

# אַ כוואַליע פון אַנטיסעמיטיזם אין מאָנטעריי

מיטאַמאָל האָט זיך אַ לאָז געטאָן קעגן די אידן פון מאָנטעריי אַ ביטערע אַנטיסעמיטישע כוואַליע. דאָס האָט אויך פּאַסירט אין דער הויפּטשטאָט און גלייכצייטיק אויך אויף דער פּראָווינץ. מען האָט גלייך פאַרבאָטן די אימיגראַציע פון אידן. יעדער אימיגראַנט האָט געמוזט ווייזן, אַז ער האָט צוואַנציק טויזנט פּעזעס. גיפטיקע אַנטיסעמיטישע פּראָקלאַמאַציעס און אַפּישן זיינען אויסגעהאַנגען געוואָרן איבער די גאַסן און אויך אויף די אידישע קראָמען. מען פלעגט באַשטראָפן די אידן וואָס האָבן געוואַגט צו אַראָפּרייסן די אַפּישן.

אין מאָנטעריי האָבן אונדזערע צרות נישט אויפגעהערט. טאָמער איז נאָך ווייניק געווען די טראַגעדיע מיט חיים מאָלדאַווערס קינד, זיינען נאָך אידישע קינדער קראַנק געוואָרן. זייער פיל פון זיי האָבן צו זיך נישט געקענט קומען נאָך דער קראַנקהייט.

איך האָב באַזוכט דער קראַנקער פרוי לאה סאַנדלער און הער אַביגדור פינקעלשטיין ווען מען האָט אָפּערירט אַן האַנט.

דעם 27־טן מערץ בין איך געגאַנגען קלייבן געלט פאַרן מושב זקנים אין צפת מיטן הער חיים וואָלפּסאָן. נאָך וויניעצקים אַפּאַר־

פלעג איך לערנען יעדן פאַרנאַכט מיט די קינדער אין דער שולע און זונטיק האָב איך אויך געלערנט מיט זיי בייטאָג. ערשט דעם 18־טן אַפּריל איז די נייע לערערין, שושנה קליפּ, אָנגעקומען קיין מאָנטעריי.

די נייע לערערין האָט זיך פריער באַקאַנט מיט די קינדער און דעם 22־טן אַפּריל איז פאַרופן געוואָרן אַ זיצונג פון דער שול־פאַר־וואַלטונג. די לערערין האָט עקזאַמינירט די קינדער און איינגע־שטעלט זיי אין באַזונדערע גרופּעס און אויך באַשטימט די צייט פון די לימודים. פון 9 ביז 12 פאַרמיטאָג פלעגט זי זיך פאַרנעמען מיטן קינדער־גאָרטן. פון האַלב זעקס ביז 6 מיט 15 מינוט האָט געלערנט איין גרופּע. אַ צווייטע גרופּע האָט געלערנט ביז 7 און די דריטע גרופּע — ביז אַכט אין אָוונט. אַזוי האָט מען זיך געמוזט דערווייל באַגנוגענען מיט אָוונט־קורסן האַפנדיק, אַז די שולע וועט קענען אינגיכן ווערן אַ נאָרמאַלע טאָג־שולע שוין מיט די שפּאַני־שע לימודים אויך.

דעם 29־טן אַפּריל איז אויף אַ זיצונג פון שול־ראַט באַריכטעט געוואָרן, אַז זייער ווייניק קינדער באַזוכן דערווייל די שולע, דערי־בער איז באַשלאָסן געוואָרן צו מעלדן די עלטערן, אַז פאַר דעם חודש וועט מען נישט נעמען קיין געלט און פאַר דעם אַנדער חודש וועט מען אויך קיינעם נישט העכערן דעם שכר לימוד, אבי זיי זאָלן שיקן די קינדער אין דער שולע.

אויף אַ זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג פון קלוב בין איך דער־ווײלט געוואָרן אין אַ קאָמיטעט צו באַקעמפן אַנטיסעמיטיזם. דעם 30־טן מאַי בין איך געווען אויף אַ זיצונג פון דעם קאָמיטעט און מען האָט אונדז אינפאָרמירט, אַז קעגנאיבער וועננגערס געשעפט, אויף דער גאַס מאָרעלאָס, האָט מען אַרויסגעהאָנגען אַ פּלאַקאַט, וואָס איז פול מיט שנאה צו אידן. דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן

זיך צו ווענדן צו דער שטאַט-מאַכט, אַז מען זאָל דעם פּלאַקאַט אַראָפּנעמען.

אויף אַ זיצונג פון דער שול-פאַרוואַלטונג זיינען באַטראַכט געוואָרן מאָסמיטלען וואָס צו טאָן כדי צו אויפלעבן דעם קינדער-גאָרטן, ווייל די נייע לערערין האָט זייער ענערגיש דאָס פאַרלאַנגט. עס איז באַשלאָסן געוואָרן נישט צו וואַרטן לענגער מיטן קויפן די פּיאַנאָ, נאָר גלייך אַרונטערנעמען פון שול-פאָנד 200 פּעזעס און דאָס קויפן גלייך און די ריפּא וואָס איז געווען געפּלאַנט וועט מען שפּעטער דורכפירן. איך בין געווען אויף אַ זיצונג פון דער קלוב-קאָמיסיע וואָס איז געפירט געוואָרן אונטערן פאָרזיץ פון יוסף כינישט. ער איז צופעליק אויסגעקליבן געוואָרן אויף דעם אַמט. אַליין איז ער געווען אַ גאַנץ רויער מענטש און אין אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן קיינמאָל נישט געאַרבעט און נישט געוואוסט ווי צו אָנפירן אַ געזעלשאַפט. אויף יעדער זיצונג פון קלוב האָט ער מער נישט געוואַרט ווי ביז מען האָט געמאַכט די חשבונות פון דער הכנסה און דער הוצאה און איז דערנאָך אַוועק שפּילן לאָטאָ, זאָגנדיק, אַז די אַנדערע פראַגן פון סדר היום אינטערעסירן אים נישט. פון אַזאַ מין פירונג האָט די שולע זייער פיל געליטן. איינמאָל, צום ביישפּיל, האָב איך פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל איבערגעבן אַ באַריכט פון בית עולם, אָבער מען איז ווידער אַוועק שפּילן אין לאָטאָ מיטן פּרעזידענט כינישט. אַן אָרעמער אימיגראַנט האָט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אים אַרויסהעלפן מיט שטיצע כדי ער זאָל קענען פאָרן קיין מעקסיקע. האָט בורשטיין פאָרגעלייגט אויף דער זיצונג אויף וועלכער דער ענין איז באַטראַכט געוואָרן, אַז דער קלוב זאָל איבערנעמען די פירונג פון דער שטיץ-קאַסע, אָבער דער פּרעזידענט איז ווידער אַוועק שפּילן אין לאָטאָ. די שטענדיקע זאַמלערס האָבן געמוזט שאַפן געלט פאַר דעם אָרעמען אימיגראַנט.

איך בין געגאַנגען איינמאָל אין אַ זונטיק צוזאַמען מיט חיים קליימאַן און קלמן טישמאַן אין אַ מיליטערישן לאַגער צו אָנקוקן אַ פּיאַנאָ וואָס האָט זיך פאַרקויפט. די פּיאַנאָ האָט מען אונדז געבראַכט דעם 11־טן יוני 1934 און דאָס איז געווען פאַר אונדז אַלעמען זייער אַ פריילעכער טאָג. די פּיאַנאָ האָט מען געבראַכט אין לאָקאַל פון דער שולע. טישמאַן און איך האָבן באַדאַרפט באַצאָלן און עס האָט נאָך אויסגעפעלט פופציק פּעזעס, האָב איך אויסגעליען דאָס געלט פאַר דער שולע.

דעם 10־טן יוני האָב איך מיטן חבר פאַסטיק דורכגעפירט די הרקה אין מאַנטעריי. דעם 18־טן יוני האָב איך אָפּגעשיקט דאָס געלט פאַרן קרן קימת אין מעקסיקע, צוזאַמען 132 פּעזעס מיט 67 סענט.

דער אַנטיסעמיטיזם האָט ווידער שטאַרק געווילדעוועט אין מאַנטעריי. עטלעכע טעג איז געהאַנגען אַ געפערלעכער אַנטיסעמיטישער פּלאַקאַט אויף דעם טראָטואַר, אין סאַמע צענטער און געהעצט קעגן אידן, רופנדיק צו אַרויסטרייבן די אידן און די כינעזער פון מעקסיקע. די פּאַרטיידיקונג־קאָמיסיע האָט געהאַט באַשלאָסן צו אינטערוועניר|ן ביי דער מאַכט. אויסער דעם איז אויך געווען אַ געפערלעכע הפקרות און אומזיכערקייט אין שטאָט. אינמיטן העלן טאָג האָט מען פון חיים קליימאַנס קראָם אַרויס געגנבעט פון דער קאַסע צוויי טויזנט פּעזעס.

מיר האָבן אויסגעשריבן אידישע ביכער פאַרן קלוב און פון דער אַמעריקאַנער „היברו פּאַבלישינג קאָמפּ.‟ האָט מען שוין אונדז עטלעכע מאָל געשריבן, אַז די ביכער זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן, אָבער מיר האָבן נישט געוואוסט אין וועלכן פּאָסט־אַמט זיי צו זוכן.

אַזוי אַרום האָבן מיר געהאַט שטערונגען פון אַלע זייטן און מיר האָבן נישט געקענט דורכפירן אונדזערע פּלענער.

# צרות פון איין זייט און אביסל פרייד פון דער אנדער זייט

מיטן אנקומען פון דער נייער לערערין שושנה קליפּ קיין מאָנ־טעריי האָבן די קינדער פון דער אידישער שולע באַקומען אַן אמת־געטרייע און איבערגעגעבענע דערציערין, אַן אידעאַליסטישע לע־רערין וואָס האָט איר אַרבעט גענומען זייער ערנסט. זי האָט אָב־סערווירט יעדן קינדס כאַראַקטער, אויפירונג און ריינקייט, ווי אויך זיין באַציאונג צו חברים און זיין נייגונג צו וועלכער עס איז פאַ־רעם פון שפּיל און קונסט. צוויי זאַכן האָט די לערערין שושנה באַלד געוואָלט דורכפירן: ערשטנס, אַז מען זאָל צונעמען אַ מוזיק־לערע־רין צו דער פּיאַנאָ און צווייטנס — דורכפירן אַ קאָנצערט מיטן אָנטייל פון אַלע קינדער.

אויך די אַלגעמיינע לימודים אין דער אידישער שולע האָבן זיך באַדייטנדיק פאַרבעסערט. די קינדער זיינען מיט גרויס חשק געגאַנ־גען אין דער שולע. איך האָב באַשטעלט אַ מוזיק־לערערין פאַר דער פּיאַנאָ און נישט פאַרלירנדיק אפילו קיין צייט פון די לימודים האָט די לערערין שושנה אויך אָנגעהייבן איינרעפּעטירן מיט די קינדער צו דעם קאָנצערט.

ווען מיר האָבן אויסגעהערט דעם באַריכט פון דער לערערין זיינען מיר געווען שטאַרק צופרידן. אָבער דער קאַסע־באַריכט איז

אונדז נישט געווען קיין צופרידנשטעלנדיקער. אין קאַסע איז גע־בליבן 53 סענט און עס איז נישט געווען מיט וואָס צו באַצאָלן דער לערערין פאַרן חודש לערנען. די מוטערס פון קאָמיטעט זיינען אַרום אין גאַס פאַרקויפן בילעטן פאַרן קאָנצערט און אַלץ האָט ווידער אויפגעלעבט. מיר האָבן צוגענומען נאָך צוויי מוזיקער צו דעם פּראָ־גראַם. און זונטיק י״ז אָב איז דער קאָנצערט דורכגעפירט געוואָרן.

מען קען זאָגן באמת, אַז מאָנטעריי האָט נאָך נישט געהאַט געזען אַזאַ שיינעם קינדער־קאָנצערט. עס איז געווען אין פּראָגראַם אַלצדינג: אי מאָדערנע מאָטיוון, אי חסידישע, אידיש־נאַציאָנאַלע טענץ. דער עולם האָט געפאָדערט, אַז דער חסידישער טאַנץ זאָל נאָכאַמאָל געטאַנצט ווערן. אַלע זיינען געווען באַגייסטערט און מען האָט געדאַנקט דער לערערין שושנה מיט גוטע וואונטשן און מיט בלומען.

די עלטערע קינדער פון דער שולע האָבן אויפגעפירט די פּיע־סע „אויפן פידל״ פון שלום עליכם, וואָס איז געווען זייער פיין געשפּילט. עס זיינען געווען געסט פון לאַרעדאָ און זיי האָבן טאַקע מקנא געווען אונדזער ישוב אין מאָנטעריי, וואָס האָט אַזאַ פיינע אידישע שולע.

די לערערין שושנה האָט אונדז שפּעטער געבעטן, אַז אין דער וואַקאַציע־צייט, וואָס איז אויסגעפאַלן צוזאַמען מיט אונדזערע ימים טובים, זאָל מען איר דערלויבן פאַרן קיין מעקסיקע זיך זען מיט אי־רע קרובים. מיר האָבן זי אַרויסבאַגלייט מיט ברכות.

מיט דער פאַרוואַלטונג פון קלוב בין אין דורכגעקומען, אַז די הכנסה פון די ימים נוראימדיקע עליות זאָל זיין באַשטימט אַ העלפט פאַרן קלוב און אַ העלפט פאַר דער שולע.

אָבער נייע צרות זענען ווידער אונטערגעקומען. זונטיק דעם 17־טן יוני 1934 איז אין מאָנטעריי דורכגעפירט געוואָרן אַ מאַני־

פעסטאַציע פאַר אַ נייעם קאַנדידאַט אויף פּרעזידענט פון מעקסיקע, גענעראַל לאַזאַראָ קאַרדענאַס. מען האָט געטראָגן זיין בילד און צוזאַמען אויך אַ פּראָקלאַמאַציע פון מאָנטערייער שונאי ישראל אין וועלכער מען האָט ווידער געפאָדערט צו קעמפן קעגן די אידן און די כינעזער. עס איז געווען אין מאָנטעריי אַ געפערלעכע נעסט פון נאַציס וואָס האָט אונדז אָנגעטאָן געברענטע צרות און פאַראור־זאַכט פיל ליידן אויף אַלע געביטן.

איך אַליין האָב אויך אין מיין אייגענעם לעבן געהאַט גענוג צרות מיט קראַנקהייטן. איך וויל נישט חלילה מאַכן קיין טרויע־ריקן איינדרוק אויפן לייענער אָבער עס איז כדאי עפּעס צו פאַר־צייכענען.

פון פאַרגיפטעטע עסנס האָב איך באַקומען שרעקלעכע מאָגן־קראַמפן! אַ ברענונג אויפן האַרצן און אין בויך. די לונגען זיינען מיר געוואָרן פאַרלייגט און איך פלעג גאַרנישט קענען זיך אויסהוסטן. די נעכט פלעגן זיין קאַטאַסטראָפאַלע און איך פלעג נישט קענען איינ־ליגן אויפן געלעגער. איך פלעג מוזן אַראָפּגיין פון בעט און שפּאַ־צירן שעהן לאַנג הין און צוריק איבערן צימער ביז איך פלעג פאַלן ווי אַ טויטער אויפן געלעגער. טיילמאָל פלעג איך וועלן אָפּ קילן די געפערלעכע ברענונג וואָרפנדיק זיך פּשוט אויפן קאַלטן דיל, אָבער דאָס העלפט אויך נישט. לאַנגע וואָכן האָב איך אַזוי געמוטשעט ליידן און דערצו נאָך אַרומגיין גאַנצע טעג ניט קענענדיק האַלטן אויף זיך דעם קאָפּ. דאַן האָב איך אויך אַלס צולאָג צו די צרות באַקומען אַ ידיעה פון דער היים, אַז מיין פרוי האָט איבערגעטראָגן אַ גע־פערלעכע אָפּעראַציע.

אָט אַזוי האָבן אויסגעזען אונדזערע צרות אין יענער צייט ווען דער אַנטיסעמיטיזם האָט געבושעוועט אין מאָנטעריי. מיר האָבן אָפּגעהאַלטן עטלעכע באַראַטונגען אין קאָמיטעט קעגן אַנטיסעמי־

טיזם, אָבער מיר האָבן נישט געוואוסט וואָס מען הייבט אָן צו טאָן אין קאַמף מיט דער פּלאָג.

און אָט האָבן מיר אויך באַקומען די פינצטערע בשורה וועגן טויט פון דעם באַרימטן נאַציאָנאַלן דיכטער חיים נחמן ביאַליק. אַזאַ שווערער קלאַפּ אין דער איצטיקער פינצטערער צייט איז פאַר אונדז געווען זייער ביטער. דער שווערער קלאַפּ דריקט אויפן געמיט. מיר זיינען אַרומגערינגלט מיט אַ געדיכטער פינצטערניש פון אַלע זייטן און מען טראַכט: „ווען וועט שוין עפּעס ליכטיקער ווערן”?

# נייע קולטורעלע דערגרייכונגען אין יאָר תרצ"ה

מאָנטיק, דעם 30־טן יולי, אין הזכרה־טאָג נאָכן אָרגאַניזאַטאָר פון דער מעקסיקאַנער רעוואָלוציע, דעם גלח מיגעל הידאַלגאָ, האָב איך געהאַט אַ פרייען האַלבן טאָג. בין איך אַוועק אין דער שולע הערן די ערשטע העברעאישע לעקציע פון „שער הלשון" וואָס די לערערין שושנה האָט געלערנט מיט די קינדער. עס האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז ביי די קינדער איז די העברעאישע שפּראַך נישט אָנגע־קומען שווערער ווי צו לערנען אידיש, ווייל זייער אַלעמענס מוטער־שפּראַך איז געווען שפּאַניש און העברעאיש איז פאַר זיי געווען אַ לערן־שפּראַך, גענוי אַזוי ווי אידיש. אַן אויסנאַם זיינען געווען בלויז די קינדער וואָס זיינען אָנגעקומען פון דער אַלטער היים, וואו זיי האָבן נאָך פון פריער געלערנט אידיש און וואָס זיינען אויפגעצויגן געוואָרן אויף דער שפּראַך.

מיר האָבן באַקומען אַ בריוו פון דעם לערער וויניעצקי פון ארץ ישראל און ער האָט אונדז געשריבן, אַז דאָרט האָט זיך גע־גרינדעט אַ פאַרבאַנד פון עולים פון מעקסיקע. דער פאָרזיצער פון פאַרבאַנד איז געווען הער סוראַסקי, דער קאַסירער ד"ר פאַסטליכט

און וויניעצקי איז געווען דער סעקרעטאַר. וואָקאַלן זיינען געווען פנינה שיינבוים און ישראל פעפער.

מיר האָבן דערקלערט אַן אַקציע פון ביימער פאַר ארץ ישראל מיט דער באַטייליקונג פון אהרן בלייבערג, לייבל בערקמאַן, יוסף פּאַסטיק און יודל זאַסלאַוו, צוזאַמען מיט מיין וויניקייט. מיר האָבן באַקומען די זשורנאַלן „דער קעמפער", „צוקונפט", פאַרן פאָלק און „בת עמי", פון ירושלים. אַזוי אַרום האָט שוין די ביבליאָטעק פון קלוב געהאַט נאָך אַ רייע זשורנאַלן.

פון דעם דירעקטאָר מאיר בערגער פון דער אידישער שולע אין מעקסיקע האָבן מיר באַקומען אַ בריוו, אַז דער יונגער נאָוועליסט לעאָן פאַרעס וועט פאַרבייפאָרן מאָנטעריי אויף זיין וועג פון מעקסיקע אין די שטאַטן. איך האָב זיך געווענדעט צו עטלעכע חברים, אַז מען זאָל אָרגאַניזירן אַ לעקציע פון דעם שרייבער פאַרעס אין קלוב. עס איז מיר אָנגעקומען מיט פיל מאַטערניש צו אָרגאַניזירן דעם רעפעראַט, ווייל דער פּרעזיצער פון קלוב האָט געהאַלטן, אַז אַזעלכע רעפעראַטן זיינען נישט נייטיק, אָבער דער עולם האָט יאָ געוואָלט הערן אַ לעבעדיק אידיש וואָרט. דעם 5-טן סעפּטעמבער איז דורכגעפירט געוואָרן פאַרעמס לעקציע אין זאַל פון קלוב און זי איז דווקא געווען אַ דערפאָלג. ער האָט גערעדט וועגן דער אַנט-וויקלונג פון דער ליטעראַטור בכלל און וועגן דער אידישער ליטע-ראַטור בפרט. דער עולם איז פון דעם רעפעראַט געווען גאַנץ צו-פרידן און מיר האָט מען נאָך קריטיקירט דערנאָך, וואָס איך האָב אָרגאַניזירט אַן אָוונט וואָס קען שטערן דעם פאַרקויף פון די עליות אויף ימים נוראים מען האָט מיר געבעטן, אַז איך זאָל גאָרנישט ענטפערן דערויף.

איך האָב באַקומען פון קרן קימת לוחות אויפן נייען יאָר צו פאַרקויפן און דעם זשורנאַל „קרננו". מען האָט מיר אויך געשיקט

אַ ביכעלע מיט קבלות פון מושב זקנים אין צפת. עס איז נישט גע־ווען קיינער וואָס זאָל מיר אַרויסהעלפן אין דער אונטערנעמונג און איך אַליין בין געווען פיזיש צעבראָכן. מיר האָבן געוואָלט מאַכן אַן אונטערנעמונג צו שמחה תורה, אָבער איך בין שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן נאָך דעם יום כיפּורדיקן תענית, אָבער ווען איך האָב גע־זען, אַז עס זיינען אָנגעקומען פּענער פאַר די קינדער אויף שמחת תורה האָט זיך אין מיר געשטאַרקט דאָס געפיל אַז איך מוז גיין איינלאַדן אַלעמען צו דער שמחת תורה־פייערונג. איך בין געגאַנגען צו אַלעמען און איך האָב אויסגענוצט די געלעגנהייט צו זאַמלען געלט פאַרן מושב זקנים אין צפת. מיר האָבן איינגעלאַדן אַלעמען צו דער פייערונג מיט די הקפות און עס זיינען אויך געקומען געסט פון לאַרעדאָ. אָבער דער פּאַרזיצער, הער כיגיטש, האָט אונדז גע־וואָרנט, אַז מיר מוזן פּאַרענדיקן וואָס גיכער דעם אָוונט, ווייל עס קען שאַדטן דעם טאַנץ־אָוונט וואָס דער קלוב אָרגאַניזירט אויף מוצאי יום טוב...

— נישט קיין פּאַסיקן איד האָט מען אונדז אָוועקגעשטעלט אין דער פירונג פון דער געזעלשאַפט — רופט זיך אָפּ אַ איד.

— זעט איר דאָך — האָט געזאָגט אַ צווייטער — אַז אונדז אויף צו להכעיס האַלט ער זיך לענגער ווי אַנדערע. ער האָט נישט קיין בילדונג, נישט קיין מאָראַל, אָבער ער קנאַקט מיט דער בייטש אויף אַלעמען.

אָבער לאָמיר שוין רעדן וועגן פרייל‏עכערע זאַכן: די הקפות זיינען אַדורך זייער פריילעך. די קינדערלעך האָבן געזונגען און גע־טאַנצט מיט דער תורה און די גרויסע מיט זיי צוזאַמען.

דעם 4־טן אָקטאָבער איז דורכגעפירט געוואָרן אַ קאָנצערט פון פידלער יאשא חפין. דער גרויסער קינסטלער האָט אונדז באַגייס־טערט מיט עטלעכע אידישע מאָטיוון וואָס ער האָט געשפּילט, ווי

„אַ גמרא־ניגון", פאַנטאַזיע" און אַנדערע. ביים אידיש־געשטימטן עולם אין מאָנטעריי האָט דאָס אַרויסגערופן גרויס פרייד. מען האָט אים באַדאַנקט מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן און מיר האָבן אויך דערביי געפילט אידישע דערהויבנקייט, זעענדיק ווי דער נישט־אי־דישער עולם האָט אים צוגעטיילט אַזאַ גרויסן כבוד.

דעם 27־טן אויגוסט זיינען געשטאָרבן צוויי מעקסיקאַנער גו־טע פריינט מיינע: עוואַריסטאָ גאַרסיאַ און „טיאָ" פּאַוולינאָ. איינער איז געווען יאָרנלאַנג אַן אָנגעשטעלטער אין מוניציפּאַל־ראַט. דער צווייטער איז געווען אַ קאָמענטאַריסט און אַנאַנסירער פון אַ ראַ־דיאָ־סטאַנציע. זיי זיינען געווען זייער פריינטלעך צו אידן, ווי בכלל די פשוטע מענטשן פון מעקסיקאַנער פאָלק. שונאים פון אידן זיינען נאָר געווען די דייטשן פון מאָנטעריי.

דעם 6־טן אָקטאָבער האָט מאָנטעריי געהאַט גאָר וואזשנע געסט: עס איז געקומען צו פאָרן דער ניי דערוויילטער פּרעזידענט, גענעראַל לאַזאַראָ קאַרדענאַס, צוזאַמען מיט דעם ביז איצטיקן פּרע־זידענט, גענעראַל קאַיעס, וועלכער האָט געדאַרפט אין צוויי חדשים אַרום איבערגעבן די מאַכט צו דעם ערשטן. עס איז דאַן געווען אַביסל אומרואיק אין מאָנטעריי צוליב די סטודענטן וואָס זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן דעם פּלאַן פון סאָציאַלער בילדונג. דער גענע־ראַל קאַיעס האָט דאַן געהאַלטן אַ רעדע און געזאָגט צווישן אַנ־דערן:

„מאָנטעריי איז אומרואיק און עקשנותדיק. און אַ גרויסע שולד אין דעם האָבן די אידישע קאַפּיטאַליסטן און גלחים"...

דאָס איז געווען אַ פוילער תירוץ אויף צו פאַרדעקן די אַנטי־סעמיטישע פּראָקלאַמאַציעס וואָס זיינען דאַן צעטיילט געוואָרן אין מאָנטעריי.

אין קלוב האָט מען זיך געוויצלט:

— דער פּרעזידענט האָט זיכער געמיינט ראַפּאַפּאָרטן, ווייל אין מאָנטעריי זיינען דאָך נישט פאַראַן קיין „קאַפּיטאַליסטאַס כודיאָס"...

איך האָב אָבער געטאָן ווייטער מיין אַרבעט. איך האָב אָפּגעשיקט 51 פּעזאָס צו דער רעדאַקציע פון דעם זשורנאַל „פאַרן פאָלק" פאַר די באַגריסונגען צום נייעם יאָר וואָס איך האָב געזאַמלט.

דעם 8-טן אָקטאָבער 1934 האָב איך פאַרופן אַ זיצונג פון דער קרן קימת קאָמיסיע. עס זיינען אָנוועזנד געווען: אהרן בלייבערג, יוסף פּאָסטיק, לייבל בערקמאַן און איך. מיר האָבן באַשלאָסן צו דורכפירן אַן אַקציע אויף צו פלאַנצן ביימער אין ארץ ישראל און די הרקה פון די קק"ל-פּושקעס. צומאָרגנס האָבן מיר געקריגן אַ בריוו פון די עסקנים פון קרן קימת אין מעקסיקע און מען האָט אונדז געמאָלדן, אַז זיי גרייטן זיך צו אַרויסגעבן אַ זשורנאַל און זיי האָבן געבעטן, אַז מיר זאָלן זיי צושיקן די געזאַמלטע געלטער און אויך פאָטאָגראַפיעס פון אונדזערע עסקנים.

ווען מיר זיינען געזעסן אויף דער זיצונג האָבן מיר געהערט אַ פריילעכן רעש און אַ געפּילדער פון די קינדער. מען זינגט און מען טאַנצט אונטער. ווייזט זיך אַרויס, אַז די לערערין שושנה איז געקומען איצט צופאָרן פון מעקסיקע און זי האָט געבראַכט שאָקאָלאַד פאַר די קינדער. עס זיינען דערביי אויך געווען איינציקע מיטגלידער פון דער שול-פאַרוואַלטונג און איך האָב שוין אויסגענוצט די געלעגנהייט כדי צו רעדן וועגן אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג צו קלייבן אַ נייע פאַרוואַלטונג פאַר דער שולע.

דעם 14-טן אָקטאָבער אינדערפרי בין איך געגאַנגען מיט בערקמאַנען ליידיקן די קרן קימת-פּושקעס און נאָכמיטאָג מיטן הער אהרן בלייבערג. די הרקה האָט אויסגעמאַכט 55 פּעזאָס. נדרים — צען פּעזאָס און פון פאַרקויפטע ביימער האָבן מיר געהאַט 6 פּעזאָס פון הער אריה כ"ץ פון לאַרעדאָ. איך האָב איינגעלאַדן די מיטגלידער

פון דער פאַרוואַלטונג פון קלוב, אַז מען זאָל זיך צוזאַמענקומען, כדי צו מאַכן אַ חשבון פון די פאַרקויפטע עליות. גלייכצייטיק האָב איך גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן די יוגנט פאַר קרן קימת-אַרבעט און מיטהעלפן אין דער גרינדונג פון „כפר מכבי".

איך האָב געליינט אין „וועג", אַז די פעלקער-ליגע האָט אַפּעלירט צו מעקסיקע, אַז זי זאָל לייכטער מאַכן די איינוואַנדערונג אין לאַנד. אוודאי וואָלט עס געווען גאָר אַ גרויסע טובה פאַר היימלאָזע אידן אָבער ווער ווייסט צי דאָס וועט דורכגעפירט ווערן.

דערווייל האָט זיך אין אונדזער קליינעם און אָרעמען ווינקל גע-טומלט ווי ביים קייקלען אַ ליידיקע פאַס. דעם 17-טן אָקטאָבער האָבן זיך געטראָפן אין קלוב די מיטגלידער פון ביידע פאַרוואַלטונגען און עס איז געקומען צו אַ געפערלעכן טומל. מען האָט געקלאַפט אין די טישן און געשריען מיט באַנומענע קולות. איך האָב געפרעגט איי-ניקע „באַיעס" וואָס איז דאָס פאַר אַזאַ מין טומל און פאַרוואָס שרייט מען אַזוי און זיי האָבן נישט געוואוסט וואָס מיר צו ענט-פערן. דאָס האָט אויפגערעגט די מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג און זיי האָבן פאַרלוירן דעם קאָנטראָל איבער זיך. עס האָט גענומען פיל צייט, ביז מיר האָבן זיי באַרואיקט און זיי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס איז אַן אומזיסטער טומל. מען טוט שטערנדיקע אַרבעט מיט די אייגענע הענט און מען גיט זיך אפילו נישט אָפּ קיין דין וחשבון דערפון. איך האָבן געמאָלדן, אַז דער חלק פון דער שולע אין די עליות איז 70 פּעזעס מזומן און 54 פּעזעס חובות. דערמיט איז די זיצונג געוואָרן געשלאָסן.

# אַ נייע פאַרוואַלטונג און נייע צרות...

אויף דאָנערשטיק, דעם 8־טן נאָוועמבער 1934 האָב איך גע־רופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער שול־פאַרוואַלטונג. נאָך דעם לעצטן טומל איז גראָד די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג אַדורך זייער רואיק. איך האָב צוגעשטעלט דעם באַלאַנס פון דער שולע פון סעפּ־טעמבער 1933 ביז נאָוועמבער 1934. פאַר דער צייט איז די הכנסה געווען 3 טויזנט 29 פעזעס מיט 98 סענט. הוצאה איז געווען צוויי טויזנט 962 פעזעס מיט 55 סענט. אַזוי אַרום, אַז אין קאַסע איז געבליבן 67 פעזעס מיט 43 סענט.

דער עולם האָט אַפּלאָדירט, ווייל דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס אַ באַלאַנס פון דער שולע האָט נישט פאַרצייכנט קיין דעפיציט. ביי אַ פרייליכער און רואיקער שטימונג זיינען דורכגע־פירט געוואָרן די נייע וואַלן און די רעזולטאַטן זיינען געווען די פאָלגענדע: מאיר ראַפּאַפּאָרט — 34 שטימען, נחום בערדאָווסקי — 27 שטימען, לייבל בערקמאַן — 32 שטימען, זלמן וויזשאַנסקי — 28 שטימען, קלמן טישמאַן — 30 שטימען, יהודה זאַסלאַוו — 20 שטימען און הערמאַן פרידשטאַט — 15 שטימען.

אין קלוב איז דורכגעפירט געוואָרן אַ קאָנצערט פון אַ אידישן פּיאַניסט, באַגלייט דורך אַ מעקסיקאַנער פידלער. דער פּיאַניסט האָט געשפּילט סאָלאָ אייניקע אידישע מאָטיוון און פאַרענדיקט צוזאַמען

מיטן פידלער דאָס שפּילן כל נדרי. עס איז געווען זייער אַ פיינע פאַרווײלונג פאַרן עולם.

זונטיק, דעם 11־טן נאָוועמבער 1934 האָט די לערערין שושנה איינגעאָרדנט אַן עפנטלעכע לעקציע אין העברעאיש פאַר די קינדער אין דער שולע, כדי די עלטערן זאָלן קענען בייזיין. ווי פאַר אַן אָנפאַנג איז די לעקציע געווען אַ דערפאָלג און עס איז געווען צו האָפן אויף ווייטערדיקע דערפאָלגן. איך האָב מיט דער לערערין אויסגעאַרבעט אַ פּראָגראַם פאַר דעם קומענדיקן חנוכה־אָוונט. די פאַרוואַלטונג האָט געפאָדערט, אַז עס זאָל זיין טענץ פאַר דער יוגנט נאָך דער קינדער־פאָרשטעלונג. אַזוי איז דאָס אָנגענומען געוואָרן. די לערערין מיט די קינדער האָבן זיך גענומען צוגרייטן צו דעם חנוכה־אָוונט און אינמיטן דערינען האָט זי געקריגן אַן אויפאָדערונג פון אימיגראַציע־דעפּאַרטאַמענט, אַז זי טאָר נישט אַרבעטן אַלס לערערין. זי איז אַוועק מיט אַן אַדוואָקאַט אין אימיגראַציע־אַמט און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מען האָט אונדז געוואָלט אָפּטאָן אַן אַנטיסעמיטישן שפּיצל און צוליב דעם האָט מען דאָרט פאַרדרייט די פּאַפּירן. מען האָט אונדז אָבער געוואָרנט, אַז די שולע מוז ווערן רעגיסטרירט ביים בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט. דאָס האָט אונדז נאָכדעם פאַרשאַפט אַ היפּש ביסל צרות. איך האָב אָנגעהייבן צו זוכן פריינטלעכע פאַרבינדונגען און איך האָב נישט באַקומען. צו מאַכן די זאַך דורך אַן אַדוואָקאַט, וואָלט זיך עס צו לאַנג פאַרצויגן, אָבער מען האָט פאָרט געמוזט אָנקומען צו אַן אַדוואָקאַט. מיר האָבן דערווייל בלויז געפועלט, אַז מען האָט אונדז דערווייל דערלויבט צו לערנען אין דער שולע, ביז עס וועט קומען אַ ספּעציעלע אינספּעקציע צו רעווידירן, צי אַלץ איז אין אָרדענונג...

דאָס רעגיסטרירן די שולע איז מיר געלעגן ווי אַ באַרג אויפן קאָפּ. דעם 13־טן נאָוועמבער האָב איך גערופן ווענן דעם אַ ספּע־

ציעלע זיצונג און צום באַדויערן איז מער ווי יהודה זאַסלאַוו נישט געקומען. עס איז געבליבן צו פאַרופן אַ צווייטע זיצונג דעם קומענדיקן דינסטיק. מען האָט גלייך געגומען פאַרטיילן די אַמטן אין דער פאַרוואַלטונג. אַלס פאָרזיצער איז באַשטימט געוואָרן מאיר ראַפּאַפּאָרט. וויצע־פאָרזיצער איז געוואָרן לייבל בערקמאַן און גלייכצייטיק סעקרעטאַר. אַלס קאַסירער איז באַשטימט געוואָרן נחום בערדאַווסקי, זלמן וויזשאַנסקי — פּעדאַגאָגישער ראַטמאַן. הערמאַן פרידשטאַט איז געוואָרן דער אַרויסהעלפערביי אַלע שול־אַנגעלעגנהייטן. עס איז ספּעציעל באַשטימט געוואָרן אַ קאָמיסיע פון דער לערערין שושנה מיט יהודה זאַסלאַוו צו מאַכן וואָס שנעלער די רעגיסטראַציע פון דער שולע.

מען האָט אויך באַשטימט, אַז נאָך דער קינדער־פאָרשטעלונג זאָלן זיין טענץ פאַר דער יוגנט און איינטריט־געלט זאָל נישט קאָסטן מער ווי אַ פּעזע. אַ טייל פון דער הכנסה איז באַשטימט געוואָרן פאַר דער קלוב־פאַרוואַלטונג, אַז זי זאָל קענען האָבן אַ צושטייער צו פאַרגרעסערן די בינע און צו דעקאָרירן דעם קלוב.

אין לאַנד איז דעמאָלט געווען זייער אַן אומרואיקע פּאָליטישע לאַגע. עס זיינען פאָרגעקומען שטורמישע דעמאָנסטראַציעס קעגן דעם פּראָיעקט פון דער רעגירונג צו איינפירן סאָציאַליסטישע בילדונג אין די שולעס. לעבן לאַרעדאָ האָט מען אויפגעריסן צוויי באַנבריקן. דאָס זעלבע איז אויך געשען אין סאַלטיאָ. און דאָס איז דאָך שוין אַן אַלטער כלל, אַז אויב עס זיינען דאָ אומרועו אין אַ לאַנד, איז אין דער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט נאָך מער אומרואיקער...

די לערערין שושנה האָט פאָרגעלייגט, אַז מען זאָל געבן חנוכה־מתנות צו די קינדער פון דער שולע וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין זייער לערנען. די פאַרוואַלטונג האָט געגעבן פון איר קאַסע 15 פּעזעס און יעדער פאַרוואַלטונג־מיטגליד באַזונדער האָט געגעבן

צו איין פּעזע און צוזאַמען איז געוואָרן 21 פּעזעס. אַזוי אָרעם און נעבעכדיק איז דאַן באַלוינט געוואָרן די פליסיקייט אין די אידישע לימודים. איך האָב באַשטעלט די מוזיק פאַר דעם אָוונט. מיר האָבן אויך באַשלאָסן צו קויפן אַ מתנה פאַר דער לערערין, כדי צו אויס־דריקן איר אונדזער דאַנקבאַרקייט פאַר איר גוטן לערנען מיט די קינדער.

די בילעטן פאַר דעם חנוכה־אָוונט איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרקויפן נאָר ביים אַריינגאַנג אין קלוב. עס איז געמאָלדן געוואָרן פון דער קלוב־פאַרוואַלטונג, אַז דער פאַרווײלונג אָוונט וואָס זי האָט צוגעגרייט פאַר דער נאַכט פון בירגערלעכן ניי־יאָר איז געשטערט געוואָרן צוליב דעם וואָס פריינט אברהם מאַרקוסהאַמער האָט גע־מוזט אָפּפאָרן קיין מעקסיקע צו זיינער אַ קראַנקער שוועסטער. דער־פאַר קומען נישט פאַר קיין רעפּעטיציעס פאַר דעם אָוונט. איך האָב צוגעזאָגט מיין מיטהילף, כדי דער אָוונט זאָל נישט געשטערט ווערן.

# נאָך צרות פון דער אימיגראַציע־מאַכט

דינסטיק, דעם 4־טן דעצעמבער, איז דורכגעפירט געוואָרן אַן אויסערגעוויינלעכע זיצונג פון דער שול־פאַרוואַלטונג צוליב אַן ערנסטער פראַגע. אויף דער זיצונג איז באַקאַנט געוואָרן, אַז די לע־רערין שושנה האָט באַקומען אַ בריוו פון דער אימיגראַציע מאַכט, אַז עס איז איר פאַרבאָטן צו לערנען אין דער שולע און זי האָט געמוזט שוין באַצאָלן 50 פעזעס שטראָף דערפאַר וואָס זי האָט ביז איצט געלערנט ביי אַלעמען איז געווען שווער דאָס האַרץ צוליב דער נייער צרה. טאָמער איז אונדז שוין געלונגען צו האָבן אַ גוטע לערערין פאַר אונדזער שולע, לאָזט אונדז די מאַכט נישט צורו.

מיר האָבן זיך מיט דער הילף פון אַן אַדוואָקאַט געווענדעט קיין מעקסיקע וועגן דעם ענין און עס איז געקומען אַ קאַטעגאָרי־שער ענטפער, אַז די לערערין טאָר נישט אַרבעטן אין דער שולע.

צוליב אַן אַנדער סיבה איז אויך אָפּגעלייגט געוואָרן דער חנוכה־אָוונט: אַ טייל פון די קינדער איז קראַנק געוואָרן און די בינע איז נאָך אויך נישט געווען פאַרטיק מען האָט אפילו מיט די געזונטע קינדער נישט געקענט רעפּעטירן אויף דער בינע. די הוצאות פון דער בינע האָבן אויסגעליידיקט די קאַסעס פון קלוב און פון דער שולע און עס האָט זיך שוין אָנגעהייבן די רעגנס־צייט. אונטער אַזעלכע אומשטענדן איז געווען צווייפלהאַפט דער דערפאָלג פון דער

גאַנצער אונטערנעמונג. אָבער דאָך איז גאָט אַ פּאָטער און אַ בעל רחמים. די קינדערלעך זיינען געשטאַרקט געוואָרן פון די מוטיקע רייד וואָס מען האָט מיט זיי גערעדט און דורך זייערע באַפליגלטע קינדערשע פאַנטאַזיעס האָבן זיי געזען, אַז די פאָרשטעלונג קען דורכגעפירט ווערן. זיי האָבן אויסגעדריקט זייער גרייטקייט טראָץ אַלעמען צו אָנטיילנעמען אין דעם אָוונט.

דאָנערשטיק ביינאַכט, דעם 6-טן דעצעמבער איז דער חנוכה-אָוונט פאָרגעקומען. דער וועטער איז געווען אַ קאַלטער און אַ פייכטער און עס האָט נאָך צוגערעגנט אַביסל. די בינע איז געווען אינמיטן הויף און פון אַלע זייטן האָט אַריינגעבלאָזן דער ווינט. דאָס דריבנע רעגנדל האָט פריי אַרומגעשפּאַצירט אויף דער בינע. דאָך איז דער גאַנצער ישוב געקומען אין קלוב. דער אָוונט האָט זיך אָנגעהייבן פונקט ניין אַזייגער.

עס איז כדאי דאָ צו באַמערקן און אונטערשטרייכן די אויסערגעוויינלעכע און טרייע אַרבעט וואָס די לערערין שושנה האָט געטאָן פאַר דער שולע. זי האָט געהאַט זייער ווייניק צייט פון די אָפּגעשפּאָרטע שפּאַנישע לימודים און דאָך האָט זי באַוויזן צוגרייטן אַזאַ פיינעם פּראָגראַם. די אידישע קינדערלעך, געבוירענע און דערצויגענע אין מאָנטערריי האָבן אַרויסגעבראַכט אַזעלכע פיינע טיף-אידישע מאָטיוון. באמת, אין די גרויסע אידישע שטעט פון דער אַלטער היים וואָלט מען נישט געקענט אַרויסברענגען אַזוי פיל טאַלאַנטפולקייט ביי די קינדער ווי די לערערין שושנה האָט עס געטאָן.

איך דערמאָן עס איצט דעם גאַנצן בילד, כדי די דעמאָלטיקע „אַרטיסטן" אויף דער בינע, וואָס האָבן שוין זיכער היינט אייגענע קליינע „אַרטיסטן", זאָלן עס לייענען און אויך פלעגן און אַנטוויק-

לען אין זייערע קינדערלעך די אידישע שפּראַך און די אידישע טראַ־דיציע, אַזוי ווי זייערע עלטערן האָבן דאָס געטאָן מיט זיי.

איך דערמאָן דאָ די נעמען פון יענע קליינע „אַרטיסטן" וואָס זיינען אויפגעטראָטן אויף דעם חנוכה־אָוונט אין מאָנטעריי. זיי זיי־נען שוין איצט אַליין טאַטעס און מאַמעס פון קינדער. זאָלן זיי אַכ־טונג געבן, אַז „דאָס עפּעלע זאָל פאַלן נאָנט פון ביימעלע". דער ערשטער נומער פון פּראָגראַם איז געווען גימנאַסטיק פון קינדער־גאָרטן. דער צווייטער נומער — אַ מאַטראָזן־טאַנץ, וואָס איז אויפ־געפירט געוואָרן דורך די קינדערלעך העניעלע קריגער, מלכהלע לעווי, שולמית קעניגסבערג, ליבעלע באַרמאַק, רייזעלע מאַרקוסהאַמער, נחמהלע גאָלדשטיין, שרהלע קעניג און ראָשעלע בערדאָווסקי. דער טאַנץ איז געווען זייער שיין אויסגעפירט און אַ באַזונדערן אינטע־רעס האָט אַרויסגערופן די מימיק פון די קינדער וואָס האָבן פאַר־געשטעלט אַ סצענע פון זייער „אַרבעט אויפן ים". דער דריטער נו־מער איז געווען אַ דעקלאַמאַציע „דו האָסט נאָך צייט" דעקלאַמירט פון ליבעלע באַרמאַק און לוסטיקע טענצערינס" אויסגעפירט פון רייזעלע קיניגסבערג, שמואליקל זוסמאַן, העניעלע קליימאַן, העניעלע פרידשטאַט, עליטא בורשטיין, יאָסעלע קאָרענשטיין, חיהלע באַר־מאַק, משהלע גארי, רבקהלע קליימאַן, און הענאך ראָזענפעלד. דער פערטער נומער „דער פאָנאָגראַף", געזונגען פון מוסיא פרענקעל. דער פינפטער נומער „צרות", דעקלאַמירט פון ראָשעלע בערדאָווס־קי. דער זעקסטער נומער „דאָס פריילעכע דריידל־טאַנץ". די ראָל פין דעם דריידל האָט געשפּילט נאַטיטאַ סאָבאָל. די בוכשטאַבן פון דריידל זאַסלאַוו. דער זיבעטער נומער „אויף דער עמיגראַנטן־שיף", דעקלאַמירט דורך מרים לעווין. דער אַכטער נומער — רוסישע טענץ, אויסגעפירט דורך מינעלע בורשטיין, פאַליאַ האָלאַנד, רחלע אָס1 בראָוויאַק, חוהלע בערקמאַן, שולמית טשאַרני, פרידאַ זאַסלאַוו און

בערעלע סאַנדלער. אין דעם נומער האָבן זיך די קינדער אויסגע־צייכנט מיט זייערע אָריגינעלע רוסישע קאָסטיומען.

דער ניינטער נומער איז געווען „דער כוס פון טרערן” פון ש. פר:ג, דעקלאַמירט דורך דער מיידעלע ווילי שאַפּיר. דער צענטער נומער — אַן אינסצעניזירטער וויגליד. די ראָל פון דער מוטער האָט געהאַט אסתרל לאַשאַק. אין דער ערשטער גרופּע מלאַכימלעך זיי־נען געווען: ראַשעלע בערדאָווסקי, אסתרל קליימאַן. אין דער צוויי־טער גרופּע: צפּורהלע לאַשאַק, חיהלע נאָווי, חיהלע שאַפּיר. אין דער דריטער גרופּע מלאכימלעך: רייזעלע וועגנער, באַשעלע קליימאַן און חנהלע אָסטראָוויאַק. אַלע קינדערלעך האָבן געזונגען און גע־טאַנצט אין אַ ראָד אַרום דעם וויגעלע.

אַ פּרעכטיקן איינדרוק האָט געמאַכט דאָס בילד מיט דעם פאַנ־טאַסטישן אויסזען פון די קינדער־מלאכימלעך, מיט זייערע קאָליר־טע פליגעלעך, אונטערן ליכט פון די פּראָזשעקטאָרן.

דער עלפטער נומער איז געווען אַ „גאָטעסדינסט אַרום דעם פייער”. די קליידער פון די קינדער האָבן אַרויסגערופן אַ פיינעם עפעקט פאַרשטעלנדיק אינדישע, בודיסטישע און אַראַבישע קינדער טאַנצנ־דיק אַרום אַ רויטן פייער.

די לעצטע נומער מיט וועלכע דער שיינער און געלונגענער חנוכה־אָוונט האָט זיך פאַרענדיקט זיינען געווען: „צוויי ברידער” פון י. ל. פּרץ, דעקלאַמירט דורך שלום מאַרקוס און אַ שיינע סצענע וואָס האָט געהייסן „חסידיש געטאַנצט”. דער רבי פון דער סצענע איז געווען חוהלע בערקמאַן, דער גבאי — פרידא זאַסלאַוו. די חסי־דימלעך זיינען געווען: שמואליקל זוסמאַן, הענאך ראָזענפעלד, שמו־אליקל האַלאַנד, מיני בורשטיין, יאָסעלע קאַרנשטיין, בערעלע סאַנד־לער, נאַטיטאַ סאָבאָל און רחלע אָסטראָוויאַק. זייער אינטערעסאַנט איז געווען צו זען ווי דער „רבי” חוהלע בערקמאַן האָט זיך גע־

דבקות און דער „גבאי", פרידאַ זאַסלאַוו, האָט איבערגענומען דעם רבינס דבקות און קליינע חסידימלעך מיט שוואַרצע קאַפּאָטעקלעך און יאַרמולקעלעך האָבן זיך איבערגעוואונקען, ווייזנדיק אויפן רבין און צוזאַמען מיטן רבין זיינען זיי אַרויס אין אַ פריילעך-טאַנץ, צו-טופּענדיק מיט די פיסעלעך. דער עולם איז געווען זייער ענטוזיאַס-טיש און לאַנג האָבן נישט אויפגעהערט די אַפּלאָדיסמענטן און די הורא-געשרייען און מען האָט געמוזט ווייזן דעם זעלבע בילד צום צווייטן מאָל.

דער לעצטער נומער פון פּראָגראַם איז געווען די געשיכטע פון חנוכה. די סצענע האָט פאַרגעשטעלט ווי אַזוי דער זיידע (ווילי שאַפּיר) האָט דערציילט זיינע אייניקלעך )דודל קעניג, מלכהלע לע-הרין און יאַנקעלע קריגער) די געשיכטע פון חנוכה, ווי אַזוי די יונים זיינען באַפאַלן די אידן און וועגן דער העלדישער מוטער חנה מיט אירע זיבן זין. באַלד טאַקע האָט זיך אויף דער סצענע באַוויזן דער קעניג אַנטיוכס אויף זיין קעניגלעכן שטול. דאָס איז געווען שלום מאַרקוס, דער גענעראַל דיאַנים (לייבעלע פינקעלשטיין) אַ רעפּאָר-טער (אסתר קליימאַן) און דעם קעניגס וועכטער. (יאַנקעלע סאַנד-לער. יאַנקעלע פינקעלשטיין און חיים כאַלאַי. זיי האָבן אים דער-ציילט, אַז די אידן זיינען פאַרעקשנט און ווילן זיך נישט בוקן צו זייער געטשקע. דער קעניג האָט פריער געהייסן אַריינרופן די טענ-צערינס, וואָס האָבן געטאַנצט זייער שיין. זיי זיינען געווען: מרים לעווין, צפּורה לאַשאַק, חיהלע נאָווי, חיהלע בורשטיין, פריידע קעס-לער און פערעלע גאָלדשטיין. נאָכדעם האָט מען אַריינגעפירט חנהן מיט אירע זיבן זין. חנה איז געווען אסתרל לאַשאַק. די זיבן זין זיינען געווען: משה פינקעלשטיין, אפרים קאָרענשטיין, משהלע לאַ-שאַק, משהלע האַלאַנד, נתן פרענקעל, נימעלע פינקעלשטיין און אַל-

טער קעניגסבערג, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין שאַרפן ענטפער צו דעם קעניג אַנטיוכס.

עס האָט זיך ווידער באַוויזן דאָס בילד פון דעם זיידן (ווילי שאַפּיר) וואָס האָט דערציילט זיינע אייניקלעך וועגן די העלדישע מכבים. אין הינטערגרונט האָבן זיך באַוויזן מתתיהו דער כהן גדול, מיט זיינע זין אין בית המקדש, ווי אַזוי זיי רייניקן אויס דעם בית המקדש און צעברעכן די גריכישע געצן. דערנאָך האָט שלום מאַר־קוס געבענטשט חנוכה־ליכטלעך און דערמיט האָט זיך די קינדער־פאָרשטעלונג פאַרענדיקט צוויי אַזייגער פאַרטאָג.

נאָכדעם האָט דער עולם פריילעך געטאַנצט און איך בין אריינ־געצויגן געוואָרן אין אַן הורא־טאַנץ מיט פאָסטערן, דוד שאַפּיר און די געסט פון לאַרעדאָ און פון מעקסיקע.

אין אַלגעמיין איז דער אָוונט געווען אַ גרויסער מאַטעריעלער און מאָראַלישער דערפאָלג. עס איז אַריינגעפאַלן הכנסה צוזאַמען הונדערט און פופציק פעזעס. דער עולם איז אַוועק זייער צופרידן און מען האָט אונטערגעשטראָכן, אַז אפילו אין דער אַלטער היים, אין אייראָפּע, האָט מען אַזאַ שיינעם חנוכה־אָוונט נישט געזען. מען האָט די קינדער געטיילט חנוכה־מתנות און דריידלעך. פאַר דער לערערין האָט מען געקויפט אַ מתנה שיינע שרייב־געצייג. ווי־זשאַנסקי, בערקמאַן און איך האָב דאָס איר עפנטלעך איבערגעגעבן אונטער הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן פון דעם גאַנצן עולם. אַלע האָבן איר געדאַנקט פאַר איר נוצלעכער אַרבעט אין דער אידישער שולע.

איך האָב דעם עולם דערמאָנט, אַז דער קלוב גייט אַריין אין זיין צענטן עקזיסטענץ־יאָר און געווים איז אַ גרויסער נחת רוח צו זען ווי עס אַנטוויקלט זיך אַזאַ שיינע אידישע שולע.

אַלע זיינען אַוועק צופרידן. אויך די פאַרוואַלטונג פון קלוב איז געווען צופרידן. מיר האָבן אָבער געפילט, אַז די לערערין איז נישט

צופרידן צוליב די צרות וואָס זי דאַרף אויסשטיין פון אימיגראַציע־אַמט און אויך צוליב די שוועריקייטן וואָס זי האָט געהאַט ביים אויפֿירן אַזאַ פאַרשטעלונג אויף אַ נישט־פאַרענדיקטער בינע. מיר האָבן איר אָבער פאַרזיכערט, אַז מיר וועלן אויסגעבן געלט וויפל נאָר עס וועט זיין נייטיק, כדי זי זאָל קענען בלייבן לערנען אין דער שולע.

עס איז כדאי צו זאָגן צום סוף נאָך אייניקע ווערטער צו דער איצטיקער אידישער יוגנט אין מאָנטעריי:

איר דאַרפט געדענקען, אַז ביי זייער שווערע און כמעט אומדערטרעגליכע באַדינגונגען און מיט זייער אָרעמע פינאַנציעלע מיטלען, האָט מען אין מאָנטעריי איינגעפלאַנצט דעם אידישן גייסט. דערציילט אדרבא אייערע קינדער וועגן דער יוגנט־דערציאונג וואָס איר האָט געקריגן, גיט איבער וועגן דער געטריישאַפט פון אייער לערערין, פון די שול־טוער און פון אַלע געזעלשאַפטלעכע עסקנים, וואָס האָבן ממש פילע נעכט נישט דערשלאָפן און ביי זייער ביטערע אומשטענדן אייך געגעבן אידישע גייסטיקייט. טוט איר אויך דאָס זעלבע איצט, ווען איר קענט דערציען אייערע אייגענע קינדער, אינטער פיל בעסערע אומשטענדן...

# אין אַ מאָמענט פון יאוש שטאַרק מען זיך מיט בטחון

עס איז אונדז איינמאָל אויסגעקומען צו רעדן מיט דער לערע־רין וועגן די פאַרווייַלונגען פון אונדזער יוגנט און עס איז געקומען צו רייד, אַז אַזוי ווי די קינדער זייַנען פרייַ שבת און זונטיק פון דער מעקסיקאַנער שולע, זיצן זיי גאַנצע טעג אין די קינאָס און זיי זעען אָפט בילדער וואָס זייַנען גאָר שעדלעך פאַר קינדער. דעריבער האָט די לערערין פאָרגעלייגט, אַז מיר זאָלן גרינדן אַ קינדער־קלוב, וואו זיי וועלן קענען האָבן לייכטע ספּאָרט־איבונגען, פאַרשידענע שפּילערייען און אַ ביבליאָטעק צו לייענען ביכער, אָפטע רעפעראַטן און אַזוי ווייטער. און אַזוי וועלן זיי קענען פאַרברענגען אין אַ צו־געפּאַסטער און געזונטער סביבה. מיר האָבן זיך גלייך גענומען צו מאַכן אַ ליסטע פון קינדער־ליטעראַטור צו קויפן פאַר דער ביבליאָ־טעק.

עס האָט באַזוכט מאַנטעריי הער יעקב קינג. ער איז דעמאָלט געווען דער רעדאַקטאָר פון מעקסיקאַנער ציוניסטישן זשורנאַל „פאָרן פאָלק". ער האָט מיר געזאָגט, אַז די ציוניסטישע טעטיקייט אין מעקסיקע גייט פאָרויס, אָבער זייער לאַנגזאַם, ווייל די ציוניסטישע משפחה איז נאָך זייער אַ קליינע.

אונדזער חבר יוסף פאַסטיק האָט געוואַרט אויף אַ סערטיפי־קאַט צו קענען פאָרן קיין ארץ ישראל. דערווייל איז אונטערגעקו־מען די צייט פון ליידיקן די פושקעס פאַרן קרן קימת און אַזוי ווי איך האָב נישט געהאַט מיט וועמען צו גיין, האָב איך געמוזט גיין איינער אַליין. איך האָב אויסגעליידיקט 28 פושקעס און דער רע־זולטאַט איז געווען 28 פעזעס מיט 80 סענט. דעם דריטן יאַנואַר 1935 האָב איך עס אָפּגעשיקט קיין מעקסיקע.

די לאַגע פון דער אידישער שולע אין מאָנטעריי איז געוואָרן אַלץ ערגער און שווערער. די לערערין האָט נאָכאַמאָל געקריגן אַ וואָרענונג פון דער אימיגראַציע-מאַכט, אַז זי טאָר נישט אַרבעטן אין דער שולע, ווייל זי איז געקומען אין מעקסיקע אַלס סטודענ־טין. די פאַרוואַלטונג האָט געטאָן אַלץ וואָס עס איז נאָר געווען מעגלעך צו טאָן אין מאָנטעריי כדי צו רעגיסטרירן די שולע און צו באַקומען אַ דערלויבעניש פאַר דער לערערין צו אַרבעטן לעגאַל אין דער שולע. מיר האָבן זיך אויך געווענדעט צו די אידישע כלל־טוער אין מעקסיקע, אַז זיי זאָלן עפּעס טאָן פאַר אונדז כדי צו קריגן די דערלויבעניש. אָבער מיט דעם האָבן מיר זיך אַליין ערגער גע־מאַכט. לואיס קירש, וועלכער איז דעמאָלט געווען דער פּרעזידענט פון דער אידישער שולע אין מעקסיקע, האָט געשריבן צו דער לע־רערין, אַז זי זאָל קומען קיין מעקסיקע אַרבעטן, ווייל אין מאָנטע־ריי וועט זי קיינמאָל נישט קריגן קיין דערלויבעניש. אויך מאיר בערגער, דער דירעקטאָר פון דער גרויסער אידישער שולע אין מעק־סיקע, וועלכער האָט מיר אַמאָל געהאַט געשריבן, אַז ער וואָלט וועלן, אַז עס זאָל זיין וואָס מערער אידישע שולעס אויף דער פּראָ־ווינץ, האָט אויך געשריבן צו דער לערערין, אַז זי זאָל בעסער קו־מען קיין מעקסיקע. אַזוי אַרום, אַז פון אונדזערע אייגענע מענטשן איז געמאַכט געוואָרן אַ דרוק, אַז די לערערין זאָל צוריקפאָרן קיין

מעקסיקע. פון פילע געסט פון מעקסיקע וואָס זיינען געקומען קיין מאָנטעריי האָב איך געהערט, אַז „מאָנטעדיי קען זיך באַגיין אָן אַ אידישער שולע". איך פלעג פאַרבייסן די ליפּן און נישט ענטפערן.

יהודה זאַסלאַוו, וואָס האָט געאַרבעט פאַר דער רעגיסטראַציע פון אונדזער שולע אין דער שטאַט-רעגירונג, האָט געזאָגט, אַז גלייך ווי מיר וועלן קריגן די דערלויבעניש, דאַרפן מיר זיין גרייט צו עפענען דעם ערשטן קלאַס אין שפּאַניש און דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט אַ גרויסער געלט-הוצאה. אָבער די קאַסע פון אונדזער שולע איז געווען ליידיק. ביי די שול-טוער האָט אָפּגענומען דער חשק צו קומען צו די זיצונגען פון דער שול-פאַרוואַלטונג, שטייענדיק פאַר אַזעלכע שווערע פּראָבלעמען. זיי האָבן געזען פאַר זיך אַן אייזערנע וואַנט וואָס איז שווער צו איינברעכן.

זונטיק, דעם 6-טן יאַנואַר 1935 בין איך געקומען אין קלוב און דאָרט געטראָפן די קינדער פון די עלטערע קלאַסן פון דער שולע און אויך זייערע ברידערלעך און שוועסטערלעך פון קינדער-גאָרטן. מיר זיינען אַרוים צוזאַמען שפּאַצירן אויף דער פּלאַסאַ אַלאַמעדאַ. מיר זיינען געטראָטן אויף די אַראָפּפאַלנדיקע בלעטער פון די ביימער און דאָס האָט מיר דערמאָנט די אָסיענדיקע בילדער פון אונדזער אַלטער היים, די היימישע פעלדער אין דער צייט, די נאַקעטע ביימער, די קילע לופט. דער פאַרנאַכט האָט זיך שוין גערוקט צו די בערג און איינגעהילט זיי אין אַ בלויען טומאַן, אָבער אויף דער פּלאַסאַ איז געווען לעבעדיק און פריילעך פון טומל פון די קינדער אין פון זייער געלעכטער. איך טרייסט זיך אַליין, אַז עס וועט טאַקע ווערן פריילעכער, כאָטש אַלץ אַרום איז אַזוי אומעטיק. נאָר אפילו צוליב די פריילעכע מינוטן וואָס מען פאַרברענגט מיט די קינדער איז שוין כדאי אַלץ צו טאָן און צו אַרבעטן מיט בטחון אויף בעסערע צייטן.

דעם 8-טן יאַנואַר האָב איך פאַרופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, כדי אויפצוקלערן ווי וויכטיק עס איז די ווייטערדיקע עקזיסטענץ פון דער אידישער שולע. איך האָב אָנגעוויזן, אַז מיר מוזן זיין גרייט צו עפענען אַ שפּאַנישן קלאַס, גלייך ווי מיר וועלן קריגן די רעגיס־טראַציע פון דער שולע. דער עולם האָט איינגעשטימט מיט מיר, אַז דאָס בעסטע פאַרן אידישן קינד איז באַלד פון קליינווייז אויף צו זיין אין אַ ריין־אידישער סביבה. מען דאַרף אָבער שאַפן געלט און אַלע זיינען געווען גרייט זיך צו באַשטייערן. מען האָט אויך פאַרגעלייגט צו נעמען געלט פון דעם פאָנד וואָס איז געווען באַ־שטימט פאַרן קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם. אַנדערע האָבן געהאַלטן, אַז מען זאָל די זאַך אַ צווייטן מאָל באַטראַכטן אויף אַן אַלגעמיי־נער פאַרזאַמלונג מיט אַ גרעסערער צאָל מענטשן.

יוסף כיניטש, וועלכער איז געווען דער פאָרזיצער פון קלוב, איז אַרויס מיט אַ פאָרשלאָג, אַז אַזוי ווי דער קלוב געפינט זיך אין אַ שלעכטן פינאַנציעלן צושטאַנד, זאָל מען אַ טייל פון דעם געלט געבן פאַרן קלוב. די פאַרזאַמלטע זיינען געווען קעגן דעם. מען האָט אויפגעוויזן, אַז דער פאָרזיצער אַליין איז שולדיק אין דער סיטואַ־ציע, ווייל ער האָט פאַרטריבן און איגנאָרירט די אַנדערע פאַרוואַל־טונג־מיטגלידער פון קלוב. עס זיינען באַלד באַשטימט געוואָרן צוויי מיטגלידער פון דער שול־פאַרוואַלטונג צו זען פאַרשטאַרקן די אַר־בעט פון דער דראַמאַטישער סעקציע. די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג האָט געזען, אַז ביי אַזאַ פירונג ווי כיניטש פירט זיך קען מען אים קיין געלט פאַרן קלוב נישט געבן. אַזוי ווי די דראַמאַטישע סעק־ציע פון קלוב איז צוליב דער קראַנקהייט פון אברהם מאַרקוסהאַ־מער שטאַרק פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן, איז באַשלאָסן געוואָרן ווי־דער אויפצולעבן דעם דראַמאַטישן קרייז און עס זיינען צו אים צו־געצויגן געוואָרן הירשל אַראָן און מאיר זוסמאַן. עס איז אויך באַ־

שלאָסן געוואָרן צו קאַפּטירן צוויי יונגע פרויען צו דעם פּעדאַגאָ־גישן ראַט, בערטאַ זאַסלאַוו און פרוי גאָלדשטיין, כדי זיי זאָלן אויך אַרויסהעלפן אין דער שולע.

דעם דריטן פעברואַר 1935 איז דורך דער דראַמאַטישער סעק־ציע אויפגעפירט געוואָרן „דער פּרעמדער" פון יעקב גאָרדין. עס האָבן אנטיילגענומען אין דער פּיעסע: אברהם מאַרקוסהאַמער אַלס רעזשיסער, קעניג אַלס סופליאָר. די מענער־אַרטיסטן זיינען געווען שניאַדאָווער, הירשל, אַראָן און מאיר זוסמאַן. פון די פרויען האָבן אָנטיילגענומען די פרויען קריגער, קעניג און בת שבע פּאָסטיק. די פּיעסע איז געווען זייער געלונגען אויפגעפירט און דער שרייבער א. ז. בערעבימשעז פון מעקסיקע האָט זיך זייער וואַרעם אָפּגערופן וועגן איר און געלויבט די אַרבעט פון אונדזער דראַמאַטישן קרייז. אויך די לערערין שושנה קליפ האָט פיל אַרויסגעהאָלפן ביים מאַכן די קליידער פאַר די אַרטיסטן און מיט סצענישע צודאַטן. די ריינע הכנסה פון דער פאָרשטעלונג איז געווען 80 פּעזעס.

דעם 5־טן פעברואַר איז געווען אַ יום־טוב־טאָג אין שטאָט און איך בין אַוועק זען ווי מען לערנט אין קינדער־גאָרטן. די לערערין האָט מיר געזאָגט, אַז די ערשטע צייט איז געווען זייער שווער צו איינשטילן די קליינע קינדער און זיי האָבן זיך נישט געלאָזט דיס־ציפּלינירן, ביז עס איז איר איינגעפאַלן די אידייע צו איינפירן אַ „שפּיל פון שטילקייט" און דעמאָלט האָבן שוין די קינדער, שפּילנ־דיק זיך, גענומען איינשטילן איינע די אַנדערע. זיי האָבן זיך אויס־געשטעלט אין אַ ראָד און גענומען שפּילן איינשטילן איינע די אַנ־דערע. נאָכדעם האָבן זיי זיך אויסגעשטעלט אין אַ צווייטער ראָד און גענומען שפּילן פאַרשידענע קינדער־שפּילערייען, ווי „דאָס פּוילע אינ־געלע", „די וועווערקע און די קינדערלעך" און אַנדערע. דערנאָך האָבן זיי געטאַנצט פאַרשידענע שיינע טענץ, אַ הוירא, דער אידישער טאַנץ

און „פריילעך זאָל זיין". ווען זיי זיינען מיד געוואָרן פון די טענץ האָבן זיי זיך געזעצט עסן אין פולער אָרדענונג. כדי זיך צוגעוואוינען צו באַלעבאַטישקייט האָבן די קינדער אַליין געגרייט זייערע טישן און נאָכן עסן האָבן זיי אַליין געוואַשן די טעלערס און געטריקענט זיי יעדער איינער מיט זיין האַנטוך. נאָכן עסן האָבן זיך די קינדער ווידער געשפּילט אויף דער פרייער לופט און אויך אויסאויסנייען פאַרשידענע פיגורן. עס איז געווען זייער אָנגענעם צו פאַרברענגען עטלעכע שעהן אין קינדער־גאָרטן.

עטלעכע טעג שפּעטער האָבן מיר זיך משמח געווען אויף אַ ברית מילה ביי אונדזער ליבן חבר און פאַרוואַלטונג־מיטגליד, זלמן וויזשאַנסקי און זיין פרוי דאָקטאָרין הנה זאַקוסקי, וואָס האָט געשטאַמט פון דער פאַמיליע „ז־ק", וואָס באַדייט „זרע קדש". מיר האָבן געוואונטשן, אַז דאָס קינד יוספל זאָל זיין אַ נאָכפאָלגער פון זיין טייערן טאַטן, וואָס האָט נעבעך געהאָרעוועט שווער אויף די הונדערטער בלאַט גמרא וואָס ער האָט געלערנט. ער האָט אויך אַ תעודה אַלס העברעאישער לערער, אָבער ער האָט נישט נאָר געקענט העברעאיש נאָר אויך אַ בלאַט גמרא מיט מפרשים. ער איז אונדז זייער שטאַרק צונוץ געקומען אין פּעדאַגאָגישן ראַט מיט זיין וויסן. ער איז אויך געווען דער איינציקער וואָס פלעגט מיטאָג־צייט נישט גיין עסן און בעסער אַרומפאָרן מיט מיר אין זיין פּעדלערישן וועגעלע צו זאַמלען געלט אויף צו קויפן אַ ספר תורה, וואָס דאָס איז דאָך געווען דער אָנהייב פון דער אידישער שולע אין מאָנטערריי. דאָס געלט פון סיום הספר איז געווען דער פונדאַמענט פאַר דער שולע. הלוואי זאָל טאַקע זיין ניי געבוירענער זונעלע גיין אין דעם טאַטנס וועגן. אַ קינדער־גאָרטן מיט אַ שולע האָט דאָך שוין זיין טאַטע פאַר אים צוגעגרייט און ביימער אויף זיין נאָמען אויך געפלאַנצט אין ארץ ישראל.

# אין דער אידישער שולע ווערט עס אַלץ ערגער און ערגער...

פרייטיק, דעם 15-טן פעברואַר, איז געקומען אַ באַאמטער פון אימיגראַציע-אַמט און אָפיציעל פאַרמאַכט די אידישע שולע אין מאָנ־טעריי. ער האָט אויך אפילו געוואָלט אַרעסטירן די לערערן וואָס האָט געאַרבעט אָן אַ דערלויבעניש, אָבער ער האָט זיך שוין באַג־נוגנט מיט איר צוזאָג, אַז זי וועט מער נישט אַרבעטן אין דער שולע.

אין יענער צייט איז בכלל געווען אַ שטאַרקער אַנטיסעמיטי־שער דרוק קעגן די אידן אין מאָנטעריי. אין די יידישע קראָמען האָט דער פדיון אויפגעהערט. כוליגאַנעס פלעגן אַרומגיין פון קראָם צו קראָם און אַגיטירן, אַז מען זאָל נישט קויפן ביי אידן. מען האָט זיך משתדל געווען אין פאַרשידענע אַמטן, אָבער דערווייל איז נישט געקומען קיין פּאָזיטיווער ענטפער וועגן דער שולע. אַלענפאַלס, קיין אָפּזאָג איז אויך נישט געווען. דערווייל האָט די שולע געקענט עק־זיסטירן, ביז עס וועט קומען אַ דעפיניטיווער ענטפער.

אָבער ווי פריער געזאָגט איז די אַטמאָספער אין מעקסיקע נישט געווען קיין גינסטיקע פאַר אידן. דאָס פאַרמאַכן די שולע איז גע־ווען פאַר אונדז זייער אַ שווערער קלאַפּ. די לערערין שושנה האָט

זיך נאָך באַמיט צו אָנהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט די עלטערע קינ־דער. זי פלעגט גיין מיט זיי אין קינאָ און אין פּריוואַטע הייזער און פירן געשפּרעכן וועגן אידישער געשיכטע. זונטיק דעם 17־טן פעברואַר האָבן מיר געוואָלט דורכפירן אַ שמועס מיט די עלטערן וועגן פּראָבלעם פון דער שולע, אָבער ליידער איז קיינער נישט גע־קומען.

חבר יוסף פּאַסטיק, דער עלטערער זון פון אונדזער שוחט ר׳ יעקב פּאַסטיק, האָט געקריגן אַ סערטיפיקאַט צו פאָרן קיין ארץ ישראל. הלוואי זאָל אים גאָט געבן הצלחה אין אונדזער לאַנד.

זונטיק, דעם 24־טן פעברואַר האָבן מיר דורכגעפירט אַ שמועס מיט די עלטערן פון די קינדער וועגן דעם ענין פון דער שולע און עס איז באַשלאָסן געוואָרן זיך צו ווענדן צו אַ גרויסן אַדוואָקאַט אין מעקסיקע, אַז ער זאָל פועלן די לעגאַליזירונג פון אונדזער שולע און וועגן אַ דערלויבעניש פאַר דער לערערין צו קענען אַרבעטן אין דער שולע. מען האָט אויך באַשלאָסן צו דערמאָנען דער אידי־שער האַנדלס־קאַמער פון מעקסיקע איר צוזאָג צו אינטערווענירן לטובת דער שולע.

עס איז אויך געמאַכט געוואָרן אַ פאָרשלאַג צו אָרגאַניזירן אַלע אינסטיטוציעס פון מאָנטעריי אונטער איין פאַרוואַלטונג און אונ־טער איין קאַסע. מען האָט אויך גערעדט וועגן איינלאַדן אין דער איינציקער פאַרוואַלטונג דוד באַרמאַקן וואָס האָט געאַרבעט זעלבסט־שטענדיק פאַרן בית עולם און אויך אברהם מאַרקוסהאַמער וואָס האָט געאַרבעט אין דער קאָמיסיע צו באַקעמפן דעם אַנטיסעמיטיזם. מיר האָבן געפּלאַנט צו רופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דעם גאַנצן אידישן ישוב.

דינסטיק, דעם 5־טן מאַרץ, איז דורכגעפירט געוואָרן די אַל־געמיינע פאַרזאַמלונג פון אַלע יידן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו

פאַראייניקן אַלע פאַרוואַלטונגען אין אַ אָרגאַניזאַציע און עס איז געשאַפן געוואָרן איין פאַרייניקטע און אַלגעמיינע קאַסע. עס איז אויסגעקליבן געוואָרן איין אַלגעמיינער קאַסירער. אויף צו אויסגעבן גרעסערע סומעס געלט איז געווען נייטיק די צושטימונג פון דער פעדעראַציע. עס איז דערביי אויך באַשלאָסן געוואָרן צו זאַמלען אַ געוויסע סומע געלט פאַר דער מוניציפּאַליטעט, וואָס האָט דאָס גע־בעטן פאַר דער פאַרשענערונג פון דער פּלאַסאַ, וואָס איז געווען נאָנט פון אידישן קלוב. דערביי איז צוגעזאָגט געוואָרן, אַז עטלעכע בענק פון דער פּלאַסאַ וועלן געמאַכט ווערן אויף נעמען פון דער אידישער קאָלאָניע. עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיטעט פון 9 מענטשן וואָס זאָל דורכפירן די באַשטייערונג פאַר דעם צוועק.

די לערערין האָט אויך געטאָן אַלץ וואָס עס איז געווען נייטיק כדי צו קענען זיין נאָנט מיט די קינדער אין דער שולע. זי פלעגט אָפט צענויפנעמען אונטער איר ברייטן שאַל צו צוויי און צו דריי קינדער און ברענגען זיי צוזאַמען, כדי צו פאַרברענגען מיט זיי און לערנען צוזאַמען אַ פּאָר שעה. זעענדיק ווי זי פלעגט אַזוי זיך אָפּ־געבן און שפּילן מיט די קינדער האָט עס אויסגעזען ווי אַ גרויסע מוטער־פויגל באַשיצט מיט אירע ברייטע פליגל אירע קליינע פייגעלעך־קינדער. ווייזט אויס, אַז אַזאַ הארציקע און איבערגעגעבענע באַציאונג פון דער לערערין צו אירע קינדער האָט עפּעס געווירקט אין מעקסיקע און דער אַדוואָקאַט וואָס איז אָנגעשטעלט געוואָרן צו פאַרנעמען זיך מיט דער לעגאַליזאַציע פון דער שולע האָט אַ רוק געטאָן די זאַך פאָרויס. דער אַדוואָקאַט האָט שוין געבעטן גע־וויסע דאָקומענטן כדי צו קענען אַרבעטן פאַר דער לעגאַליזאַציע. אַזוי ווי אונדזער חבר יוסף פּאַסטיק האָט געזאָלט פאָרן קיין מעק־סיקע, כדי צו צוגרייטן זיין רייזע קיין ארץ ישראל, האָבן מיר גע־בעטן איס, אַז ער זאָל מיטנעמען די פּאַפּירן וואָס דער אַדוואָקאַט

האָט געדאַרפט. מיר האָבן אויך אים געבעטן, אַז ער זאָל פּערזענ־לעך אינטערווענירן אין דער האַנדלס־קאַמער וועגן דער לעגאַליזאַציע פאַר דער שולע און פאַר דער לערערין.

ווען דער חבר יוסף פּאַסטיק איז אַוועקגעפאָרן קיין מעקסיקע האָב איך געהאַט אַ מאָדנעם פאָרגעפיל, אַז עפּעס וועט לייכטער ווערן די שווערע משׂא פון אונדזערע אַקסלען. עס פּאַסירט אַמאָל, אַז אַזאַ פאָרגעפיל באַשטעטיקט זיך איך האָב געהאַפט אַז חבר פּאַס־טיק, וועט ברענגען אַ גוטע בשׂורה און אונדז אַלעמען וועט ווערן גרינגער.

נאָך איידער ער איז געקומען צוריק קיין מאָנטעריי האָבן מיר דעם 1־טן אַפּריל 1935 געקריגן פון אים אַ טעלעגראַמע, אַז די דער־לויבענישן זיינען שוין געקריגן געוואָרן. מיר האָבן זיך זייער שטאַרק דערפרייט מיט דער גוטער בשׂורה, כאָטש עס איז נאָך לאַנג אויס־געקומען צו וואַרטן אויף דער דערלויבעניש.

אייניקע וואָכן נאָכדעם זיינען מיר געגאַנגען פרעגן אין גע־העריקן אַמט, וואָס עס הערט זיך וועגן דער דערלויבעניש און מען האָט אונדז געענטפערט, אַז עס איז נאָך דערווייל גאָרנישט פאַראַן. איז מילא, מיר האָבן געמוזט האָבן געדולד.

אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן האָבן זיך דערווייל פון אָרט נישט גערירט. די ראָטשילד־אַקציע פון קרן קימת וואָס האָט גע־זאָלט דורכגעפירט ווערן דורך די חברים זאַסלאַוו און בערקמאַן, האָט זיך נאָך נישט אָנגעהייבן און איך אַליין האָב נישט געהאַט מיט וועמען צו טאָן עפּעס. יוסף פּאַסטיק איז געווען אין מעקסיקע און אהרן בלייבערג איז אויך נישט געווען און מען דאַרף שוין באַלד ליידיקן די פּושקעס און עס איז נישטאָ מיט וועמען.

פרייטיק, דעם 22־טן מערץ, איז געקומען צו פאָרן אהרן בליי־בערג און צוויי טעג שפּעטער — זונטיק — האָב איך מיט אים

דורכגעפירט די הרקה און דער רעזולטאט איז געווען 58 פעזעם און פון פארשידענע שמחות האבן מיר געזאמלט נאך עטלעכע פעזעם, איז צוזאמען געווארן 74 פעזעם.

דערווייל איז געקומען קיין מאנטעריי חיים וואלפזאן, דער שליח פון מושב זקנים אין צפת, און איך בין מיט אים געגאנגען זאמלען פאר דער אינסטיטוציע. מיר האבן געזאמלט עטלעכע און אכציק פעזעס.

דעם 2-טן אפריל האב איך געהאט א פרייען טאג צוליב דעם מעקסיקאנער נאציאנאלן יום טוב. איך האב דעם טאג אויסגענוצט צו זען זיך מיט דעם פאבריקאנט, הער פאסטער, און ביי אים גע־נומען צוואנציק פעזעם פאר דער ראטשילד-אקציע. דעמזעלבן טאג איז אויך געווען א זיצונג פון דער פעדעראטיווער פארוואלטונג און עס איז באשלאסן געווארן צו אויסלייען 500 פעזעם דעם פארוואל־טער פון קלוב-רעסטאראן, הער לעווין, כדי ער זאל קענען ברענגען פסחדיקע ארטיקלען פאר די אידן אין מאנטעריי. די שטימונג איז שוין געווען א יום טובדיקע דערביי און מען האט מיר געבעטן, אז איך זאל זיך פארשטענדיקן מיטן הער מארקוסהאמער, אז דער דראמאטישער קרייז זאל אויפירן א פיעסע לכבוד יום טוב. און אזוי האבן מיר זיך געגרייט צו א פריילעכן יום טוב.

# אַ פריילעכע יום טוב פורים אין מאָנטעריי

אָבער איידער עס קומט פסח איז פריער פורים. און מיר האָבן שוין געהאַט אַ מאָטיוו צו פראַווען אַ פריילעכן פורים. אַזוי ווי מיר האָבן געהאַט אַ גוטע בשורה וועגן דער שולע, איז דאָך אוודאי געווען אַ גרונט צו זיין פריילעך.

צו אויפירן אַ פיעסע איז שוין נישט געווען קיין צייט, האָבן מיר דעריבער באַשלאָסן כאַטש צו אָרגאַניזירן פורים אַ מאַסקן-באַל. מיר האָבן אַ קאָמאַנדעווע געטאָן צו דער יוגנט: „חברה, גרייט זיך אָן מיט מאסקעס". די פאַרוואַלטונג האָט באַשלאָסן צו אויסטיילן דריי פרעמיעס פאַר די שענסטע מאסקעס. מען האָט זיך געהאַלטן אין איין שושקען, נעמען עצות ביי אַלעמען, באַשוואוירן זיך מיט שבועות צו האַלטן בסוד די אָפּגערעדטע מאסקעס.

אויך די עלטערן האָבן באַשלאָסן צו קאָנקורירן מיט זייערע קינדער, מיט דער יוגנט. מען האָט גענומען אויף גיך זיך מאַכן קאָסטיומען צו דעם באַל. מען האָט אויסגעליען טעאַטער-קאָסטיו-מען פון גענעראַלן, פרינצן, אבי עס זאָל זיין אַ מאסקע. עס זיינען געווען פיל פאַנטאַסטישע און קאָלירפולע קאָסטיומען. און שושן-פורים, דעם 20-טן מערץ 1935, האָבן אויף אונדזער מאַסקן-באַל אַריינגעמאַרשירט מאסקעס, אמתע עקודים, נקודים וברודים, בראש מיטן גלאַוונעם מאַרשעליק, אברהם מאַרקוסהאַמער. ער איז געווען

אָנגעטאָן ווי אַן אמתער אידישער „קאָזאַק", מיט גלאַנציקע שטי־וועלעך און מיט אַ קאָזאַצקע היטל, מיט אַ פּאָר צוגעטשעפּעטע וואָנצעס, טאַקע ווי אַן אמתער קאָזאַק. אָבער אונטער דער קאָזאַצ־קער רובאַשקע האָט אַרויסגעשטעקט אַ גרויסער טלית קטן מיט ציצות ביז דער ערד. קיין מאַסקע האָט ער נישט געטראָגן. עס האָבן געשפּאַנט הינטער אים גענעראַלן, פּרינצן, מאַרשאַלן מיט גאָל־דענע עפּאָלעטן. אָבער די דריי פּרעמיעס האָט באַקומען די יוגנט. די ערשטע פּרעמיע האָט באַקומען די פרוי ברעסלוי, דעם קיעווערס ווייב. איר מאַסקע האָט פאָרגעשטעלט אַ פּרעסישע פרוי, אָנגעטאָן אין אַ קלייד פון די צייטן פון אסתר המלכה און מיט אַ קליין קרוינ־דעלע אויפן קאָפּ. זי האָט סימבאָליזירט אסתר המלכה. די צווייטע פּרעמיע האָט באַקומען בת שבע, ר' יעקב פּאָסטיק דעם שוחטס טאָכטער. די דריטע פּרעמיע האָט געקריגן אסתר לאָשאַק. זי האָט פאָרגעשטעלט דעם דעמאָלטיקן וועלט־קריזיס און איר קלייד איז גע־ווען צענויפגעלאַטעט און צענויפגעשטעלט פון פאַרשידענע פּיצלעך און שטיקלעך, וואָס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט פאַרשידענע פּאַר־טייען און ריכטונגען.

אָט אַזוי האָבן מיר זיך האַרציק געפרייט יענעם פּורים און אַלע זיינען געבליבן צופרידן פון די פאַרטיילטע פּרעמיעס. אויסנוצנדיק די געלעגנהייט וואָס די גאַנצע יוגנט איז געווען פאַרזאַמלט און האָט זיך געפרייט, האָב איך איבערגערעדט מיטן הער אברהם מאַרקוס־האַמער און מיט דער יוגנט פון דראַמאַטישן קרייז, אַז אויף פּסח זאָל מען שטעלן אַ נייע פּיעסע און מיר האָבן אויסגעקליבן. „די נבלה" פון פּרץ הירשביין.

די יוגנט האָט צוגעזאָגט, אַז מען וועט זיך באַלד נעמען צו די רעפּעטיצעס, אָבער פון טאָן צוזאָגן ביז טאָן איז נאָך אַ ווייטער מהלך. ערשט אַכט טעג פאַר פּסח האָב איך זיך דערוואוסט, אַז מען האָט

אפילו נישט אָנגעהייבן צו רעפּעטירן. די סיבה איז געווען וואָס די מיטגלידער פון דראַמאַטישן קרייז זיינען געווען צעריסן צווישן זיך עס איז נישט געווען ווער עס זאָל זיי מוטיקן און סטימולירן מיט אַ וואַרעם וואָרט. איך בין אַוועק גלייך צו יעדן מיטגליד פון קרייז אין שטוב און אָנגעווענדעט אהרן הכהנס טאַקטיק ביים זיין אַ רודף שלום. מיר איז געלונגען טאַקע זיי אַלעמען צוריק צו פאַר־אייניקן. מען האָט מיר צוגעזאָגט, אַז גלייך מאָרגן וועט מען שוין אָנ־הייבן צו רעפּעטירן. מען איז ווידער נישט געקומען און איך האָב ווידער געמוזט לויפן צו יעדער איינעם אין שטוב, ביז אין איינעם אַן אָוונט זיינען זיי שוין יאָ געקומען. האָב איך שוין באַצייטנס אָנגעהייבן צו קלייבן נחת.

# די שולע לאָזט מען ווייטער נישט עפענען

מיט דער גרינדונג פון דער פעדעראַציע האָבן מיר געוואָלט פאַרבעסערן דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן און צום סוף האָבן מיר עס ערגער געמאַכט. אַלע אינסטיטוציעס זיינען געבליבן אָן געזעל־שאַפטלעכע פירער. מען האָט געזאָגט: עס איז דאָ אַ פעדעראַציע, דאַרפן שוין דעריבער די באַזונדערע פאַרוואַלטונגען גאָרנישט טאָן. די איינציקע פאַרוואַלטונג וואָס האָט יאָ עפּעס געטאָן איז געווען די פאַרוואַלטונג פון דער שולע.

דעם 3-טן אַפּריל האָט פּאַסירט ביי אונדז אַ טרויעריקער מאָרד־פאַל, וואָס איז כדאי צו פאַרצייכענען, הגם ער האָט נישט דירעקט קיין שייכות צום אידישן לעבן אין שטאָט: באַנדיטן זיינען איבער־געפאַלן די קאָמערציעלע באַנק און דערשאָסן אויפן אָרט דעם די־רעקטאָר, ראַמאָן עליסאָנדאָ. ער איז געווען זייער אַ ליבעראַלער מענטש און האָט געהאַט אַ סך אידישע פריינט. ער פלעגט קומען אָפט אויף אידישע שמחות און אויך אַרויסהעלפן אידן מיט קרע־דיטן אין דער באַנק. אין אַלגעמיין איז ער געווען זייער אַ ליבער מענטש.

די קאָמערץ־קאַמער האָט געבעטן אַלעמען, אַז אין טאָג פון דער לוויה זאָלן זיין פאַרמאַכט די קראָמען און אַז אַזוי אַרום זאָל מען אָפּגעבן כבוד דעם אָנדענק פון דערשאָסענעם באַנקיר. אַלע אידן

זיינען געווען ביי דער לוויה און אַ סך האָבן צוגעשיקט בלומען. שטייענדיק ביי דער לוויה, ביים אָרון פון טויטן, וואו די מאַסאָנען האָבן געהאַלטן די ערן־וואַך, איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק אין קאָפּ: אפשר האָט מיטגעווירקט צו זיין טרויעריקן סוף דער פאַקט, וואָס עליסאָנדאָ איז געווען אַ גוטער פריינט פון אידן דער מיאוסער און בלינדער אַנטיסעמיטיזם האָט נאָך דאַן געבושעוועט אין מאָנטעריי און עס האָט געקענט פּאַסירן, אַז אייגענע מענטשן, קריסטן, האָבן גענומען נקמה אָן אים פאַר זיין פריינטלעך צו אידן. זיין נשמה איז געווים אין גן עדן אַוועק, צווישן די חסידי אומות העולם.

דעם 10־טן אַפּריל 1935 האָבן מיר געהאַט אַ זיצונג פון דער שול־פאַרוואַלטונג און איך האָב געמאָלדן, אַז אין בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט פון שטאַט נועוואָ לעאָן נעמען זיי נישט אין אַכט די דער־לויבעניש פאַר אונדזער שולע וואָס מיר האָבן געקריגן אין דער הויפּטשטאָט. זיי זיינען גרייט דאָס צו טאָן מיטן באַדינג, אַז מיר זאָלן צונעמען צוויי מעקסיקאַנער לערערינס אין קינדער־גאָרטן. אויב די גאַנצע אַרבעט וועט געטאָן ווערן דורך די מעקסיקאַנער לערע־רינס, וועט מען דערלויבן צוריק עפענען די שולע. דער ביודזשעט פון דער שולע איז געווען איין גרויסער דעפיציט. יעדן מאָנאַט האָט מען געמוזט זוכן זייטיקע מיטלען ווי אַזוי צו באַצאָלן דער איינצי־קער אידישער לערערין, טאָ ווי האָבן מיר געקענט טראַכטן וועגן צונעמען נאָך צוויי מעקסיקאַנער לערערינס? עס איז גלייך באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער גאַנצער אי־דישער באַפעלקערונג. מיר האָבן אויף אונדזער זיצונג אָנגעהייבן שרייבן די איינלאַדונגען און עס איז אָפּגערעדט געוואָרן, אַז יעדער איינער וועט איבערגעבן די איינלאַדונגען צו אַ געוויסער צאָל מענטשן.

מ א י ר   ר אַ פּ אָ פּ אָ ר ט

אָבער צו דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג איז געקומען גאָר אַ קליינע צאָל מענטשן. דאַן איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אויף דעם קומענדיקן טעאַטער־אָוונט וועט מען יעדן איינעם אויפקלערן וועגן דער פאָ־דערונג פון דער בילדונגס־מאַכט.

# פון פסח ביז פסח — אין צען יאָר אַרום...

דעם פסח פון יאָר 1935 האָבן מיר געפּראַוועט אונטערן איינ־דרוק פון די צרות צוליב דער פאַרמאַכטער אידישער שולע. אָבער מיר האָבן געהאַט אַ מאָטיוו צו מאַכן אַ שטיקל סך הכל פון אָפּ־געלאָפענע צען יאָר צייט. צען יאָר זיינען אַריבער זינט יענעם ערשטן סדר וואָס איך האָב געפּראַוועט אין מאָנטעריי.

מאַכנדיק אַ שטיקל סך הכל פון דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט וואָס מיר האָבן געטאָן אין מאָנטעריי פאַר די צען יאָר צייט, האָבן מיר נישט געהאַט מיט וואָס זיך צו שעמען. אונדזער ישוב איז געשטאַנען אויפן ערשטן אָרט צווישן אַלע אידישע ישובים פון דער פּראָווינץ.

מיט צען יאָר צוריק — אין פסח 1925 — האָבן מיר געפּראַוועט דעם סדר. 38 איינזאַמע און עלנטע אידישע בחורים זיינען מיר דאַן געווען און מיר האָבן זיך ברידערלעך געהאַלטן צוזאַמען. די פרוי קאָרענשטיין, פון די זעקס אידישע פאַמיליעס וואָס זיינען דאַן גע־ווען אין מאָנטעריי, האָט דעם סדר פאַר אונדז צוגעגרייט. איצט זיינען די אַלע בחורים שוין חתונה געהאַטע און אַלע מיט אידישע מיידלעך. יעדערער פּראַוועט שוין דעם סדר ביי זיך אין שטוב, מיט צוויי אָדער דריי קליינע קינדערלעך. פאַר די קינדערלעך איז שוין דאָ אַ אידישע שולע און עס איז דאָ אַן האָפענונג, אַז די שולע וועט

זיך אינגיכן ווידער עפענען. מיר האָבן כשרות, מיט אַן אייגענעם קצב, שוחט, מוהל, מיט אַן אייגענער ספר תורה און אַ מנין משבת לשבת. מיר האָבן שוין גוט אַנטוויקלט די אַרבעט פאַרן קרן קימת. גראַד איצט האָט מען; מיר צוגעשיקט זעכציק שקלים און אויך האָב באַלד פאַרקויפט 53 שקלים. באַלד נאָך פסח פאָרט אָפּ פון מאָנטעריי דער ערשטער רעליגיעזער חלוץ אונדזערער, דער חבר יוסף פּאָסטיק, דער זון פון אונדזער שוחט, רב יעקב פּאָסטיק. אמת איז, אַז שווערע קרבנות פון עלטערע מענטשן, פון יונגעלייט און אפילו פון קליינע קינדער האָבן מיר געבראַכט אויף דעם אידישן בית עולם. אָבער דאָס אידישע לעבן האָט זיך פאָרט איינגעוואָרצלט, באַטש מיט גרויסע שטערונגען אויף שריט און טריט. אַביסעלע קליינע יסורים האָבן מיר איצט אויך געהאַט, ווייל די פּסחדיקע פּראָדוקטן וואָס מיר האָבן באַשטעלט אין מעקסיקע זיינען נאָך נישט אָנגעקומען. ערשט ערב פסח ביי טאָג זיינען זיי אָנגעקומען.

חול המועד פסח האָט דער דראַמאַטישער קרייז געשטעלט די פּיעסע „די נבלה" פון פּרץ הירשביין. די ראָלן זיינען געווען צע־טיילט צווישן די פאָלגענדע פּערזאָנען: די הויפּט־ראָליע מענדל נבלה האָט געשפּילט ז. שניאַדאָווער. אברוש, דעם פאָטער, האָט געשפּילט הירשל אַראָן. די ראָל פון בערל האָט געשפּילט אברהם מאַרקוס־האַמער. די ראָל פון שפּרינצע האָט געשפּילט פרוי גאָלדשטיין, ברײנע — פרוי קעניג, רייזעלע — פרוי קריגער, נחמהלע, פריילין פּערל בינדער. אין אַלגעמיין איז אַלץ געווען גוט צוגעגרייט. פאַר דער ענדע פון דעם לעצטן אַקט האָב איך מיט בערקמאַנען גערעדט צו דעם עולם און דערקלערט דעם צושטאַנד פון דער אידישער שולע. דער עולם האָט צוגעזאָגט צו צאָלן טייערער שכר לימוד.



אַ פּסח סדר ביי ר׳ שמואל שוחט אין יאָר 1931 אין מאָנטעריי, נ. ל.

איניקע האָבן אויך צוגעזאָגט צו געבן פרייוויליקע באַשטייערונגען.
די ריינע הכנסה פון אָוונט איז געווען 63 פעזעס מיט 60 סענט.
מוצאי יום טוב אין דער פרי האָב איך צוזאַמען מיט רב יעקב
פאַסטיקס פאַמיליע געפאָרן באַגלייטן זייער זון און ברודער יוסף,
וועלכער איז אָפּגעפאָרן קיין ארץ ישראל מיט דער האָפענונג שפּע־
טער צו אַריבערברענגען דאָרט זיין פאָטער, דעם שוחט.

# מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ עפענען מיר ווידער די שולע

דעם 1־טן מאַי 1935, אויף אַ זיצונג פון דער שול־פאַרוואַלטונג, האָט מען אינפאָרמירט, אַז מען האָט שוין צוגענומען די נייטיקע צוויי מעקסיקאַנער לערערינס צו דעם קינדער־גאָרטן, כדי ווידער צו קענען עפענען די שולע. די אידישע לערערין וועט נישט קענען אַרבעטן אין קינדער־גאָרטן.

דעם 2־טן מאַי איז דער קינדער־גאָרטן געעפנט געוואָרן. מיר האָבן געוואָלט פועלן, אַז מען זאָל דערלויבן אויך דער אידישער לערערין צו געבן כאָטש איין שעה אין טאָג אַ לעקציע אין קינדער־גאָרטן. די מעקסיקאַנער לערערינס האָבן זיך אויפגעפירט זייער שטרענג און אַראָגאַנטיש, פונקט ווי זיי וואָלטן נישט געוועזן קיין אָנגעשטעלטע, נאָר די באַלעבאַטים פון דער שולע. זיי האָבן גע־פרעגט ביי דער אידישער לערערין, צי זי וועט אויך וועלן לער־נען אין קינדער־גאָרטן און זי האָט זיי געענטפערט, אַז נישט, ווייל זי האָט נישט קיין דערלויבעניש דערפאַר. די מעקסיקאַנער לערע־רינס האָבן נישט געוואָלט אָננעמען קיין שום אָנווייזונג פון קיינעם. זיי האָבן זיך געפירט ווי זיי וואָלטן געקענט טאָן וואָס זיי ווילן



א סדר בײַם שוחט יעקב פּאַסטיק.

אליין. דערווייל האָבן מיר נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, נאָר אָננעמען די זאַכן אַזוי ווי זיי זיינען.

דורך פריינטלעכע אינטערווענצן אין בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז אַזוי ווי די לערערין שושנה האָט דאָך שוין אָנגעגעבן אַ ביטע צו אַרבעטן אין דער שולע, קען זי דערווייל זייער פּאַרזיכטיק און אויסהיטנדיק זיך פון שפּיאָנען, „אַריינכאַפּן" אַ לעקציע מיט די קינדער פון קינדער־גאָרטן. דאָס איז געווען דעמאָלט פאַר אונדז גאָר אַ גרויסע פרייד. די אידישע לערערין פלעגט אַריינגיין אויף אַ ווײַלע אין קינדער־גאָרטן כדי צו פאַרנעמען זיך מיט די קליינע קינדערלעך און זינגען מיט זיי אי־דישע לידעלעך. דערצו האָט מען אָבער געדאַרפט האָבן פּיאַנאָ־באַגלייטונג און מען האָט געמוזט אָנקומען צו אַ מעקסיקאַנער מו־זיק־לערערין, וואָס האָט געהאַלטן דאָס שפּילן אידישע מוזיק פאַר אַן אָנשיקעניש. זי האָט פּראָסט פּשוט פאַרגרילצט די אויערן מיט איר מוזיק־באַגלייטונג און זי פלעגט זאָגן, אַז אַזוי וועט אויך גוט זיין.

דער פינאַנציעלער צושטאַנד פון דער שולע איז געווען זייער אַ שלעכטער. אין חודש מאַי צום ביישפּיל איז געווען אַן הכנסה פון 181 פּעזעס און אַן הוצאה איז געווען פון 300 פּעזעס. אין קאַסע איז שוין נישט געווען מיט וואָס צו דערלייגן דעם דעפיציט. ביי די עלטערן האָט מען אויך מער נישט געקענט נעמען, ווייל עס איז געווען פונקט נאָך אַ קאַמפּיין פאַרן „אָרט" און די אַלגעמיינע לאַגע אין מעקסיקע איז אויך געווען אַן אָנגעשטרענגטע. דער אַנטיסע־מיטיזם האָט פּשוט צעשטערט דעם אידישן מסחר, אַז דער פּדיון פלעגט נישט דעקן אויף צו באַצאָלן דירה־געלט און פאַר די אָנגע־שטעלטע. איז באַשלאָסן געוואָרן צו דורכפירן אַן אָוונט מיט די קינדער פון קינדער־גאָרטן. מען האָט דעם אָוונט באַשטימט אויף דעם 4־טן יולי. דאַן האָט די אידישע לערערין געהאַט אַביסל צרות

מיט דער מעקיסקאַנער מוזיק-באַגלייטערין, וואָס האָט זייער שלעכט געשפּילט די אידישע מוזיק פון די לידעלעך. נאָך ערגער האָט זי געשפּילט אויף דעם אָוונט. דאָס האָט זייער אויפגערעגט דער אי-דישער לערערין און זי האָט אזש געוויינט פון פאַרדרוס וואָס איר גאַנצע מי מיט די קינדער איז געווען אַרויסגעוואָרפן, צוליב דער שלעכטער מוזיק-באַגלייטונג. זי האָט אונדז געזאָגט, אַז אונטער אַזעלכע אומשטענדן וועט זי מער נישט קענען אַרבעטן אין דער שולע און אַז די גאַנצע אַרבעט אירע גייט לאיבוד.

איך האָב איר באַרואיקט זאָגנדיק, אַז ווען זי וועט שוין האָבן די דערלויבעניש צו אַרבעטן אין דער שולע, וועט זי קענען טאָן איר אַרבעט און קיינער זאָל זי נישט שטערן.

ווען די פאַרשטעלונג איז געווען פאַרענדיקט, האָט דער עולם האַרציק באַגריסט דער לערערין מיט רוישיקע אַפּלאָדיסמענטן און מיט אַזוי פיל באַגייסטערונג, אַז זי האָט זיך באַרואיקט און צוגע-געבן, אַז שולדק זיינען נאָר די אויסערלעכע נישט-גינסטיקע אומ-שטענדן און זי האָט איינגעזען, אַז אַלע שאַצן אָפּ איר נוצלעכע אַר-בעט פאַר דער שולע.

# מיט פרייד טוען מיר אויך אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט

עס פלאַמט פון פעטש די לינקע באַק און עס רויטלט זיך פון פרייד די רעכטע באַק. אַזוי האָבן מיר זיך דאַן געפילט אין מאָנטעריי. האָבנדיק צרות פון אונדזער אייגענער אידישער שול, האָבן מיר זיך דאָך געפרייט מיט דעם דערפאָלג און פראָגרעס פון דער גרויסער אידישער שול אין מעקסיקע. דעם 10־טן אויגוסט 1395 האָב איך געשיקט אַ וואַרעמע באַגריסונג־טעלעגראַמע פאַר דער אידישער שול אין מעקסיקע, צו דער צערעמאָניע פון לייגן דעם ווינקלשטיין פאַר איר אייגענעם בנין.

זונטיק, דעם 19־טן מאַי 1935, בין איך געווען אויף דער באַן־סטאַנציע כדי צו באַגעגענען דעם דאָקטאָר איסעראָוויטש, וועלכער איז געקומען קיין מאָנטעריי, כדי צו דורכפירן אַ קאַמפּיין פאַרן „אָרט". ער האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט אין לאָקאַל פון קלוב אויף דער טעמע „דאָס אידישע פאָלק אויפן שייד־וועג". מיר האָבן געזאַמלט פאַרן „אָרט" 600 פּעזעס, דינסטיק, דעם 21־טן מאַי, האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ געזעגענונג־אָוונט פאַרן ד"ר איסוראָוויטש און ער איז אַוועקגעפאָרן זייער אַ צופרידענער פון מאָנטעריי.

מיטוואָך, דעם 26־טן יוני, איז צו מיר געקומען הער בידערמאַן פון מעקסיקע, וועלכער איז געפאָרן קיין ארץ ישראל מיט זיין פרוי

און קינד. ער האָט מיט מיר גערעדט וועגן גרינדן אין מאָנטערייי אַן אָפּטיילונג פון ארץ ישראל-געווערקשאַפטן-קאַמפּיין. איך בין מסכים געווען דאָס צו טאָן און געראָטן אים, אַז ער זאָל זיך אויך דורכשמועסן מיט בערקמאַנען וועגן דעם. אָבער גלייך נאָכדעם ווי ער איז אָפּגעפאָרן, איז דערפון גאָרנישט געוואָרן.

עס האָט מיר גענומען פיל מי און אָנשטרענגונג צו קענען איינאָרדענען אין קלוב אַן הערצל-ביאַליק-אַקאַדעמיע אין כ׳ און כ״א תמוז תרצ״ה. איך האָב אַליין מיט דער האַנט געמוזט שרייבן אַלע איינלאַדונג און נאָכדעם גיין זיי צו צעטיילן צו אַלעמען. אָבער די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג איז געקומען צו דעם אָוונט. די אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס פון מאָנטעריי, וואָס זיינען געווען היט-לערס געטרייע קנעכט און אַרויסהעלפער, האָבן זיך אויסגעשטעלט פאַרן לאָקאַל פון קלוב און באַגלייט מיט זידל-ווערטער יעדן איי-נעם וואָס איז אַריין אין לאָקאַל.

איך האָב געעפנט דעם אָוונט און געגעבן אַן אָפּשאַצונג וועגן די צוויי פאַרשטאָרבענע גרויסע גייסטער פון ציוניזם און פון דער העברעאישער ליטעראַטור און וואָס די צוויי גרויסע אידן האָבן גע-טאָן פאַר זייער פאָלק און לאַנד. נאָך מיר האָט גערעדט דער חבר זלמן ווייזשאַנסקי. אַ וואַרעמער נאַציאָנאַלער געפיל איז דערוועקט געוואָרן ביי אַלע פאַרזאַמלטע און אַלע האָבן צוגעזאָגט באַלד זיך ביישטייערן פאַר ארץ ישראל. איך מיט ווייזשאַנסקין האָבן באַלד גע-וויזן אַ גוטן ביישפּיל און זיך באַשטייערט מיט פופצן פעזעס, משה וואַנגער — מיט צען פעזעס. אַלע אַנדערע האָבן געבעטן, אַז מען זאָל קומען צו זיי אָפּנעמען זייערע באַשטייערונגען.

# מיר פאָרן צו אַ סיום התורה אין נועווא לאַרעדאָ

זונטיק, י"ט מנחם אב תרצ"ה, זיינען מיר געפאָרן צו אַ גרוי־סער שמחה פון סיום התורה. מיט מיר זיינען געפאָרן משה וועננער, חיים לאָשאק און נאָך אַ גרופּע אידן. איך האָב די דאָזיקע תורה שמחה דערמאָנט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל, אָבער אַזוי ווי חברים און פריינט האָבן געהאַט צו מיר טענות, באשר איך האָב געשריבן צו בחפזונדיק וועגן דער פייערונג, וועל איך דערמאָנען ברייטער די שמחה און אָפּשטעלן זיך אויף מער פּרטים.

איך האָב באמת זיך געפילט זייער שוואַך און נישט גוט ווען מיר זיינען געפאָרן קיין נועוואָ לאַרעדאָ צו דער רעליגיעזער שמחה. איך בין געווען צעבראָכן פון די ווייטאָגן, אָבער איך האָב דאָך גע־טאַנצט און געפרייט זיך אויף דער שמחה, ווי אויף אַלע שמחות פון יענער צייט.

ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין לאַרעדאָ און אַריין אין דעם העל-באַלויכטענעם זאַל און הערנדיק ווי עס האָט אַזוי שיין געשפּילט דער אָרקעסטער, האָב איך באמת נאָר באַדויערט, וואָס אַזוי פיל אידן פון מאָנטעריי זיינען צו דער שמחה נישט געקומען. מען האָט אָנגע־הייבן מיר צו באַקענען מיט די פאַרשידענע געסט פון סאַן אַנטאָניאָ.

צוערשט האָט מען מיר פאַרגעשטעלט דעם ראַבײ גורוויטש, אַ מל־מד פון דער תּלמוד תורה פון סאַן אַנטאָניאָ, טעקסאַס, וועלכער האָט מיר געוויזן זײַנעם אַ ספר, אַן איבערזעצונג פון חומש אין פערזן. עס איז אויך דאָרט געווען אַן אָרטאָדאָקסישער רב און קאַנטאָר דער חזן. די ספר תורה איז געקויפט געוואָרן פאַרן געלט וואָס איז געבליבן פון אידישן קלוב וואָס איך האָב געהאַט פריער געגרינ־דעט אין נועוואָ לאַרעדאָ. דערפאַר האָט מען מיר מכבד געווען, אַז איך זאָל זאָגן אַ פּאָר ווערטער. איך האָב זײ באַגריסט און גע־וואונטשן די אידן, אַז זײ זאָלן וואָס אָפטער נוצן די ספר תורה און זײערע קינדער זאָלן לערנען תורה. עס האָט אויך באַגריסט אַלעמען הער גורוויטש און מען האָט אָנגעהייבן צו קויפן אותיות. איך האָב געקויפט דעם ערשטן אות אַ „למד", דאָס ערשעט אות פון מײַן מוטערס נאָמען „ליבע", וואָס איז שפּעטער דערהרגעט געוואָרן דורך די דײַטשן ימח שמם. (צוזאַמען מיט מײַן פרוי מאַלצי, מיט מײַן טאָכטער פײגע און מיט מײַן ברודער ברוך־אליהו, צוזאַמען מיט זײַן פאַמיליע, הי"ד).

פון דעם פאַרקויף פון די אויתיות איז געווען אַן הכנסה פון איבער טויזנט פּעזעס. נאָכדעם האָבן זיך אָנגעהויבן די כיבודים. איך האָב געקריגן דעם כבוד צו טראָגן די תורה אונטער דער חופּה און אַ פעטע עליה בײַם לייענען האָט מען מיר אויך געגעבן. נאָכ־דעם האָבן זיך אָנגעהייבן אידישע און ארץ ישראל־טענץ, אַרײַנ־כאַפּנדיק מיך, ווי אײנעם פון די הויפּט־מחותנים אין דער מיט, כאָטש איך האָב זיך פון שוואַכקייט קוים געהאַלטן אויף די פיס. איך האָב געטאַנצט ביז דרײַ אַזײגער פאַרטאָג, כאָטש בײַ מיר פערזענלעך איז דאָס געווען אַ שמחה צוזאַמען מיט גרויסע ווייטאָגן און שטע־כענישן. איך האָב אָבער קײנעם נישט אויסגעזאָגט.

איך האָב אויף דער שמחה אין נועוואַ לאַרעדאָ אויך געזאַמלט 39 פּעזעס פאַר דער ביאַליק-אַקציע פון קרן קימת. איך האָב אויך געוואָלט דאָרט אויפן אָרט גרינדן אַ פּרויען-פאַריין צו אַרבעטן פאַרן קרן קימת. אָבער מען האָט מיר צוגעזאָגט, אַז די פרויען אַליין וועלן דאָס שפּעטער אָרגאַניזירן.

ווען מיר האָבן זיך געזעגנט האָבן די אידן פון נועוואָ לאַרעדאָ ארויסגעזאָגט זייער פאַרלאַנג צו האָבן אַן אייגענעם לערער פאַר די קינדערלעך. פאַר דעם ישוב איז דאָס געווען זייער אַ שווערער פּונקט. צום באַדויערן האָב איך זיי אויף דעם נישט געקענט געבן קיין ענטפער.

פאַרטאָג בין איך מיט דער באַן צוריקגעפאָרן קיין מאָנטעריי און גלייך אַריין אַרבעטן אין קראַם. דעם צווייטן אָוונט האָב איך געהאַט אַ חתונה ביי דעם שוחט, רב יעקב פּאַסטיק, וועלכער האָט חתונה געמאַכט זיין טאָכטער בת שבע, אַ בת יחידה, מיט דעם רעליגיעזן יונגערמאַן, ברוך גודעלמאַן פון מעקסיקע. דעמזעלבן אָוונט איז אויך געקומען משה ראָזענבערג, דער רעדאַקטאָר פון דער צייטונג „דער וועג" פון מעקסיקע און איך האָב אים שוין מיטגענומען צו דער חתונה. ער איז געקומען צו דורכפירן אַ זאַמל-אַקציע פאַר דער צייטונג.

איך האָב אויף דער שמחה געזאַמלט דרייסיק פּעזעס פאַרן קרן קימת און די מחותנים האָבן זיך באַשטייערט צו פלאַנצן 5 ביימער אין ארץ ישראל. אַזוי האָב איך שוואַכערהייד געפּראַוועט די שמחה פון סיום חתונה און שפּעטער די חתונה ביים שוחט פּאַסטיקס טאָכטער, דערנאָך האָב איך דורכגעפירט מיטוואָך די אַקציע פאַר דער צייטונג „דער וועג" צוזאַמען מיט משה ראָזענבערגן און דאָנערשטיק, דעם 22-טן אויגוסט, בין איך בייגעווען אין דער אידישער שולע ביי די עקזאַמענס פון די קינדער.

די לערערין שושנה האָט מיט מאַטערניש און הימנדיק זיך פאַר־שפּיאָנען דאָך באַוויזן צו אויסלערנען די קינדער פיין לייענען און שרייבן אידיש. די צווייטע גרופּע פון די אָוונט־קורסן האָט שוין באַוויזן צו שרייבן קאָמפּאָזיציעס אין אידיש, געקענט אידישע גע־שיכטע ביז יציאת מצרים און ריכטיק געשריבן אַלע העברעאישע ווערטער וואָס מען האָט זיי געהייסן. די דריטע גרופּע האָט גע־שריבן און פאַרשטאַנען העברעאיש און האָט געוואוסט אידישע גע־שיכטע ביז שאול ודוד. דאָס האָט אַרויסגערופן באַגייסטערונג ביי די עלטערן און עס האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט צו זאַמלען די 400 פּעזעס וואָס זיינען געווען נייטיק אויף צו קריגן די דערלויבעניש פאַר דער לערערין. די דערלויבעניש פאַר דער שולע איז שוין גע־ווען כמעט ווי פאַרענדיקט און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו עפענען דעם ערשטן קלאַס אין שפּאַניש. מען האָט אָנגעשטעלט אַ מעקסיקאַנער לערערין און פּריימיק, דעם 6־טן סעפּטעמבער 1935, האָט מען אָנגעהייבן צו לערנען מיט דעם ערשטן קלאַס שפּאַניש.

זונטיק, דעם 8־טן סעפּטעמבער אינדערפרי, האָב איך עפּעס אין זיך דערפילט אַ מאָדנע און געהיימניספולע קראַפט וואָס האָט מיך פון בעט אויפגעהייבן. מיטאַמאָל האָב איך זיך גענומען וואַקלען און נישט געקענט איינשטיין אויף מיינע פיס. אַ געדאַנק איז מיר גע־קומען אין קאָפּ: „דו האָסט דאָך עפּעס צוגעזאָגט די קינדער פון דער שולע".

יאָ, און איך דערמאָן זיך, אַז איך האָב געהאַט צוגעזאָגט די קינ־דער פון דער שולע, אַז איך וועל קומען זונטיק צו זיי און לערנען מיט זיי דאַווענען. און מיטאַמאָל בין איך געשטאַרקט געוואָרן און איך בין אַוועק אין קלוב. דאָרט האָב איך געטראָפן אַלע קינדער־לעך און מיט זיי געלערנט פאַרשידענע תפילות. פון קלוב בין איך

גלייך אַוועק צו אַ אידישער שמחה, צו אַ ברית מילה ביים הער דוד כראַמאַן. איך בין געווען סנדק פון דעם ניי געבוירענעם אינ־געלע. פון דאָרט בין איך מיטגעגאַנגען מיט די פאַרוואַלטונגס־מיט־גלידער פון דער שולע צו אַ זיצונג פון דער שול־קאָמיסיע, אויף וועלכער מיר האָבן באַטראַכט דעם פּראָגראַם פון די לימודים צום נייען שוליאָר. מיר האָבן אויך גערעדט וועגן קויפן נייע ביכער און אַנדערע מכשירים פאַר דער שולע, ווי אויך וועגן די נייע קוואָ־טעס פון שכר לימוד. פאַרענדיקט האָבן מיר די אַרבעט און אַלע זיינען אַוועקגעגאַנגען. איך בין איינער אַליין ווייטער געבליבן, כדי צו אויסשרייבן די נייע קבלות און רעגולירן פאַרשידענע השבונות. די צייט שטייט נישט אויף אַן אָרט. איך האָב פאַרענדיקט מיין אַרבעט ערשט נאָך צוועלף אַזייגער ביינאַכט. אָבער די גאַנצע שווע־רע אַרבעט איז מיר געווען זייער ליב, צוזעענדיק דעם אידישן פּראָגרעס פון די קינדער.

# דער ווילן צו זיין מיט אידן און פאַר אידן טריאומפירט דאָך!

צו דעם פעסימיסטישן „הבל הבלים" וואָס קהלת האָט געשריבן, האָט ער דאָך און פונדעסטוועגן צוגעגעבן „שמח בחור בילדותיך ולך בדרכי לבך". גיי אין די וועגן פון דיין האַרץ און אַ אידיש האַרץ פ רט צום אידישן וועג.

דאָס איז מיר געקומען אויפן געדאַנק, ווען איך האָב צוגעזען די אויפריכטיקע פרייד פון דער לערערין פון אונדזער שולע, ווען זי האָט מיר אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, אַז זי האָט שוין געקריגן די דערלויבעניש צו אַרבעטן אין דער שולע. דעם 6-טן נאָוועמבער האָט זי מיר געבראַכט די ידיעה. דער וועג פאַר די אידישע לימו־דים אין דער שולע איז שוין געווען פריי.

אָבער ווי יעדע גוטע זאַך ביי אונדז אין מאָנטעריי איז דאָס געווען באַגלייט מיט טרויעריקע דערשיינונגען דערביי. באַלד איז די לערערין קראַנק געוואָרן און זי האָט עטלעכע טעג נישט געקענט אַרבעטן אין דער שולע. איך אַליין בין אויך געווען קראַנק און איך האָב נאָך געמוזט טאָן מיין אַרבעט קראַנקערהייד. אויך אונדזער שוחט, רב יעקב פאָסטיק, האָט געקריגן אַ שווערע אַטאַקע אויפן קאָפּ זייענדיק אין וואַנע-צימער פרייטיק צו נאַכטס. האָב איך שוין

געמוזט מקבל שבת זייןביים מנין, אַנשטאָט ר׳ יעקבן וואָס האָט זיך געפילט זייער שוואַך.

דעם 22־טן דעצעמבער האָב איך דורכגעפירט די הרקה אין מאָנטעריי. עס איז אַריינגעפאַלן 70 פּעזעס מיט 28 סענט און פון שמחות זעכציק פּעזעס מיט 70 סענט און סך הכל האָב איך אָפּגע־שיקט קיין מעקסיקע 146 פּעזעס מיט 98 סענט. איך האָב באַקומען אַ דאַנק בריוו פון קרן קימת פון דער הויפּטשטאָט אויך פאַר די פריער צוגעשיקטע 399 פּעזעס. אַ ספּעציעלע אַלגעמיינע פאַרזאַמ־לונג פון אונדזער קלוב איז דורכגעפירט געוואָרן באַלד נאָך ניי יאָר 1936 און מיר האָבן אַלע צוזאַמען אָפּגעשאַצט אונדזער סיטואַציע. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו באַשטימען אַ קאָמיסיע וואָס זאָל פאַר־האַנדלען וועגן קויפן אַ פּלאַץ וואו צו בויען אַ שול, אַ קלוב און אַ שולע פאַר די קינדער. אָבער אַזוי ווי מיר האָבן געהאַט אַ גרויסן דעפיציט סיי אין קלוב און סיי אין דער שולע, איז דער ענין אויף אַ לאַנגער צייט אַנטשוויגן געוואָרן.

פון סאַן אַנטאָניאָ האָבן מיר באַקומען אַ בריוו, אַז די פרוי סאָפיאַ יודין, די שליחה פון דער פרויען פּיאָנערן־אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע, וויל קומען קיין מאָנטעריי צו אָרגאַניזירן דאָ אַן אָפּטיי־לונג פון דער אָרגאַניזאַציע. אַלע מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג זיינען געווען קעגן דעם, נעמענדיק אין אַכט דעם קריטישן צושטאַנד פון קלוב און פון דער שולע. דער מאָמענט איז נישט געווען קיין גינסטיקער פאַר איר קומען. פונדעסטוועגן האָב איך געפּועלט ביי דער פאַרוואַלטונג, אַז די פרוי יודין זאָל פריער פאָרן קיין מעקסיקע און אויף איר צוריקוועגס אין די פאַריייניקטע שטאַטן זאָל זי זיך פאַרהאַלטן אין מאָנטעריי און מיר וועלן דאַן איינאָרדענען פאַר איר אַ פאַרזאַמלונג אַזוי איז באַשלאָסן געוואָרן.

דינסטיק, דעם 25־טן פעברואַר 1936, איז אין קלוב דורכגעפירט

געוואָרן אַן אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונג און עס איז דערוויילט געוואָרן דער זעלבער פּרעזידענט, הער יוסף כּיניטש. די זעלבע פֿאַרוואַלטונג איז אויך געבליבן. צו דער פֿאַרוואַלטונג פֿון דער שולע האָט מען צוגעקאָאָפּטירט נאָך נייע מיטגלידער: חיים מאַן, יוסף קליימאַן, דוד בורשטיין און יעקב ריבאַקאָווסקי. מען האָט אַפּעלירט צו דעם עולם, אַז אַלע זאָלן באַצאָלן די חובות וואָס מען איז שולדיק פֿאַרן קלוב און פֿאַר דער שולע, וועט עס במילא קענען דעקן די דעפֿיציטן. אַלע פֿאַרזאַמלטע האָבן דאָס צוגעזאָגט.

איך האָב געקריגן אַ בריוו פֿון מעקסיקע, אַז עס גרייט זיך צו קומען קיין מעקסיקע מיכאַל גרייווער, דער שליח פֿון קרן היסוד, צו אָרגאַניזירן אַ קאַמפּיין. און ווידער האָבן זיך געפֿונען אַזעלכע וואָס האָבן אַליאַרמירט, אַז מען זאָל למען השם איצט נישט מאַכן קיין אַקציעס, ווייל די לאַגע פֿון קלוב איז געווען אַ קריטישע און עס האָט אונדז געדראָט די געפֿאַר, אַז מען זאָל אונדז אַרויסוואַרפֿן פֿון אונדזער לאָקאַל און עס וועט פּשוט נישט זיין וואו צו מאַכן אַ פֿאַרזאַמלונג. איך האָב געשריבן אַ בריוו קיין מעקסיקע וועגן דער לאַגע. איך האָב באַמערקט, אַז מצדי, פֿון מיין זייט וועל איך זען צו העלפֿן דעם קאַמפּיין מיט אַלע מעגלעכקייטן, אָבער די פֿאַרוואַלטונג איז קעגן. גראַד דאַן האָט די פֿאַרוואַלטונג פֿון פֿרויען הילפֿס-פֿאַריין באַניט איר אַרבעט און אויסגעקליבן אַ נייעם קאָמיטעט.

דער עקאָנאָמישער קריזיס אין מאָנטעריי איז געוואָרן אַלץ ערגער. די באַלעבאַטים פֿון די פֿאַבריקן צוזאַמען מיט די פֿאַשיסטישע געלע העמדלעך האָבן געגרינדעט אַן עכט פֿאַשיסטישן פֿאַריין א. נ. „אוניאָן סיוויקאַ”, און זיי האָבן זיך געשטעלט ביי די אידישע קראָמען צו אַגיטירן, אַז מען זאָל נישט קויפֿן ביי אידן. כּלומרשט לפֿנים האָט מען אַגיטירט קעגן אַלע אויסלענדער בכלל, אָבער דער עולם האָט גאַנץ גוט פֿאַרשטאַנען, אַז דאָ מיינט מען די יידן... די פֿאַ-

שיסטישע חוצפה איז געווען אַזוי גרויס, אַז אפילו דעם ליבעראַלן פּרעזידענט, גענעראַל קאַרדענאַס, איז געווען זייער שווער זיי צו צוימען און ער האָט אין אַ מאַניפעסט צום פאָלק געשריבן, אַז אויב אַז זיי זאָלן פאַרטיידיקן זייערע רעכט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די פאַשיסטן וועלן נישט אויפהערן זייערע כוליגאַנישע שטיק, וועט ער זיין געצוואונגען צו באַוואָפענען די פּויערים און די אַרבעטער. די אידישע לאַגע איז געווען פיל ערגער אין מאָנטעריי.

דאַקעגן אין דער הויפּטשטאָט, אין מעקסיקע, איז די לאַגע געווען פיל בעסער אויפן אידיש-געזעלשאַפטלעכן געביט. מען האָט דאָרט זיך שוין געגרייט צו דעם חנוכה הבית פון דער נייער געביידע פון דער אידישער שולע. די לערערין שושנה האָט געבעטן אַ דערלויבעניש צו פאָרן אין דער הויפּטשטאָט צוזאַמען מיט עטלעכע עלטערע קינדער, כדי צו באַגריסן דער אידישער שולע צו דער דערעפענונג פון דעם נייען בנין. איך האָב איר די דערלויבעניש געגעבן און אויסער דעם האָב איך אויך צוגעשיקט אַ באַגריסונג פאַר דער אידישער שולע פון מעקסיקע און אויך אַ באַגריסונג אין דער צייטונג „דער וועג".

# דער ערשטער קרן היסוד־קאַמפּיין אין מאָנטעריי

דעם 23-טן מערץ 1936 האָב איך באַקומען אַ בריוו פון קרן היסוד פון מעקסיקע, אַז דער שליח מיכאל גרייוער וועט קומען קיין מאָנטעריי אין צען טעג אַרום. ער האָט געדאַרפט קומען כדי צו דורכפירן אין מאָנטעריי צום ערשטן מאָל דעם קאַמפּיין. אָבער אַזוי ווי ביי אונדז האָט עפּעס עקזיסטירט אַ מין מאָדנע געזעץ, אַז צו יעדער וויכטיקער געזעלשאַפטלעכער פּאַסירונג מוז קומען אַ טרויעריקע באַגלייט-דערשיינונג, האָט פּאַסירט אַ טרויעריקער פאַל מיטן קינד פון הער אַביגדור פינקעלשטיין. זיין עלף יאָריק אינגעלע איז פּלוצלונג קראַנק געוואָרן און ער איז געשטאָרבן פּרייטיק ביינאַכט.

אונטער דעם שווערן רושם פון דער טראַגישער פּאַסירונג האָט זיך דאָס ערשטע כמעט אָפּגעשטעלט די געזעלשאַפטלעכע טעטי־קייט. קיינער איז נישט געקומען צו קיין פאַרזאַמלונג. אפילו די פאַרוואַלטונגען אַליין קומען אויך נישט צו די זיצונגען. מען וואָלט זיכער נישט געקענט דורכפירן דעם קאַמפּיין. איז דאָך אָבער השי"ת אַ גוטער פאָטער און אַ רחום וחנון, איז שבת פּרשת ויקרא, תרצ"ו דורכגעפירט געוואָרן די בר מצווה ביי מיין תלמיד משהלע לאַשאַק. אין דער שמחה האָט דער גאַנצער ישוב זיך געדאַרפט באַטייליקן

און דאָס האָט שוין אַביסעלע לייכטער געמאַכט די טרויעריקע גע־מיטער.

זונטיק אינדערפרי האָט מיר מיין תלמיד געבראַכט אַ מתנה: אַ קאָרטל קאַסימיר אויף אַן אַנצוג. איך האָב אים די מתנה אָפּגע־געבן צוריק און אים געזאָגט, אַז ער זאָל זאָגן זיין טאַטן, אַז ער זאָל דאָס געלט בעסער געבן פאַרן קרן קימת ער האָט מיר געבראַכט 25 פּעזעס פאַרן קרן קימת און פון די געסט האָב איך געזאַמלט אַכט פּעזעס. מיר האָבן געזונגען צו משמח זיין דער באָבען מיט דעם זיידן, די פאַמיליע העלפאַנט וואָס איז געקומען פון סאַן אַנ־טאָניאָ צו דער בר מצוה שמחה פון איר איניקל. איך האָב אויך גערעדט מיט שושנה און לייבל בערקמאַן וועגן דער קומענדיקער אַקציע פאַרן קרן היסוד און מיר האָבן באַשטימט, אַז דעם צווייטן אָונט וועלן מיר זיך טרעפן אין קלוב.

דעם 30־טן מערץ האָב איך באַקומען נאָך אַ בריוו פון קרן היי־סוד פון מעקסיקע, אַז דער שליח הער גרייעווער קומט קיין מאָנ־טעריי דאָנערשטיק, דעם 2־טן אַפּריל און דעמזעלבן אָונט וועט ער האַלטן אַ רעפעראַט אין לאָקאַל פון קלוב. פרייטיק וויל ער אַוועק־פאָרן קיין טאָררעאָן. איך האָב וועגן דעם זיך צענויפגערעדט מיט שושנה און מיט בערקמאַנען און מיר האָבן באַשלאָסן גלייך צו אָפּ־דרוקן איינלאַדונגען פאַר דעם רעפעראַט. אין אָונט האָב איך גע־טראָפן אין קלוב דעם חבר אהרן בלייבערג און ער איז געווען דער איינציקער וואָס האָט מיר געהאָלפן צו שרייבן די אַדרעסן און פאַנאַנדערטיילן די איינלאַדונגען.

מיטוואָך, דעם ערשטן אַפּריל, איז געווען אַ זיצונג פון פעדע־ראַטיוון ראַט. אַלע זיינען אויפגערעגט און נאָך אונטערן איינדרוק פון טויט פון קינד. מען איז געווען זייער פּעסימיסטיש וועגן דעם מאָרגנדיקן רעפעראַט און מען האָט געהאַלטן, אַז קיינער וועט נישט

קומען. איך ווייז אַלעמען די טעלעגראַמע, אַז גרייווער קומט שוין אָן מאָרגן, אָבער יעדער איינער דרייט זיך אַרום מיט אַן אַנדער תירוץ, אַז ער קען נישט באַטייליקן זיך אין קבלת פּנים. איך בלייב ווידער איינער אַליין.

צומאָרגנס איז גרייווער געקומען מיט אַ שעה שפּעטער, ווי מיר האָבן גערעכנט, ווייל דער צוג האָט פאַרשפּעטיקט. די מערהייט פון דער פעדעראַטיווער פאַרוואַלטונג האָט דאָך אים באַגעגנט צו־זאַמען מיט מיר. ביינאַכט זיינען אין קלוב געווען אַ העלפט מענטשן פון דעם ישוב. גרייווער האָט גערעדט וועגן דער וויכטיקער אַר־בעט פון קרן היסוד, ער האָט אויך גערעדט וועגן דער אידישער לאַגע אין אַרגענטינע און אין אַנדערע לאַטיינאַמעריקאַנער לענדער. זיין רעדע איז געווען זייער אַ געלונגענע.

בנימין אָסטראָוויאַק און לייבוש בלייבערג זיינען אויסגעקליבן געוואָרן צו גיין צוזאַמען מיט דעם שליח מאָרגן אינדערפרי און חיים מאַן, משה־לייב קעסלער זיינען געגאַנגען מיטן שליח בייטאָג. די אַקציע האָט צוזאַמען געמאַכט 500 פּעזעס.

פרייטיק צו נאַכטס האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אין קלוב אויף אַ חברישן שמועס מיט גרייווערן. דער שליח האָט דערציילט, אַז אין אַלע לאַטיינאַמעריקאַנער לענדער פירן די היטלעריסטן אַ גע־פערלעכע אַגיטאַציע קעגן אידן, דורך דער פּרעסע, דורך ראַדיאָ און דורך גוט־באַצאָלטע אַגענטן. אַלע אין קלוב זיינען געווען אונטערן איינדרוק פון די שילדערונגען פון דער אידישער לאַגע וואָס גריי־ווער האָט געמאַכט.

מיט פרייד, צוליב דער געלונגענער ערשטער אַקציע פאַרן קרן היסוד, האָבן מיר אַרויסבאַגלייט גרייווערן פון מאָנטעריי.

# אויסערלעכע צרות און אינערלעכע עקאָנאָמישע ראַנגלענישן

דעם 2־טן מאַי 1936 האָב איך באַקומען אַ בריוו פון קאָמיטעט צוהילף די פוילישע אידן וואָס האָט זיך אָרגאַניזירט אין מעקסיקע, אויף טאַקובאַ 15, אין דעם דאָרטיקן אידישן קולטור־קלוב. מען האָט מיר גלייכצייטיק צוגעשיקט צוויי ביכעלעך קבלות, מיט דער ביטע צו דורכפירן די אַקציע וואָס גיכער.

דעם 6־טן מאַי האָב איך גערופן אַ זיצונג פון גאַנצן ישוב, כדי צו באַטראַכטן די פראַגע. איך בין געווען דער איינציקער רעדנער און עס איז באַלד אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע פון פּראָטעסט קעגן די פּאָגראָמען אויף די אידן אין פוילן צו איבערשיקן צו דעם פוילישן געזאַנדטן אין מעקסיקע. עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיסיע צו גיין זאַמלען געלט אין ישוב. די קאָמיסיע איז באַשטאַנען פון לייבל בערקמאַן, דוד באַרמאַק, טוביה בערנער, משה לייב קעסלער, אברהם מאַרקוס, לייבוש בלייבערג און בנימין אָסטראָוויאַק. דער ביודזשעט פון דער שולע האָט דערווייל געהאַט ווייטער גרויסע דעפיציטן צוליב דעם עקאָנאָמישן קריזיס וואָס האָט באַדראָט די אידישע קראָמען און געשעפטן. אָרגאַניזירטע אַנטי־

סעמיטישע באַנדעס האָבן נישט אַריינגעלאָזט קיין קונדן אין די אידישע קראָמען.

אָבער די לימודים אין דער שולע זיינען פאָרגעזעצט געוואָרן נאָרמאַל. דעם 10-טן מאַי האָט די לערערין אָרגאַניזירט אין קלוב אַ ל״ג בעומר פייערונג. עס איז אויך גלייכצייטיק געפייערט געוואָרן דער „מוטער טאָג״. די קינדערלעך האָבן זייער שיין דעקלאַמירט לידער און די עלטערע קינדער האָבן פאָרגעשטעלט שלמה המלכים „משפט״. אַלע האָבן האַרציק באַדאַנקט דער לערערין שושנה. עס האָט זיך אָרגאַניזירט אַ גרופּע עלטערן, וואָס האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו פאַרזיכערן דעם ביודזשעט פון דער שולע. זיי האָבן צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן קומען צו דער נעקסטער זיצונג מיט אפּאַרטיקן פּלאַן, ווי אַזוי צו מאַכן דאָס. זייער פּלאַן איז באַשטאַנען אין דעם, אַז די עלטערן פון די קינדער זאָלן אונטערשרייבן וועקסלען אויף 15 חדשים און אַלע דריי חדשים זאָל מען אָפּצאָלן איין וועקסל. די שול-קאָמיסיע האָט דאָס אָנגענומען און האָט באַפּולמעכטיקט צו נעמען די וועקסלען ביי די עלטערן.

ווען צו אונדז איז דערגאַנגען די ידיעה, אין מאַי 1936, אַז אין לאָנדאָן איז געשטאָרבן דער באַרימטער ציון-פירער, דיפּלאָמאַט און באַרימטער אידישער שרייבער און תלמיד חכם, נחום סאָקאָלאָוו, האָבן מיר שטאַרק געטרויערט אויפן טויט פון דעם גרויסן איד, וואָס האָט געהאָלפן קריגן פון ענגלאַנד די באַלפור-דעקלאַראַציע. מער וויינקער אין דער זעלבער צייט איז אויך געשטאָרבן לאָרד אַלענבי, דער ענגלישער מיליטערישער קאָמאַנדיר וואָס האָט פאַרטריבן די טערקן פון ארץ ישראל.

דעם 3-טן יוני האָבן מיר אָרגאַניזירט אַ טרויער-אָוונט צום אָנדענק פון נחום סאָקאָלאָוו ע״ה. איך בין ווידער געווען דער איינ

ציקער רעדנער צו געבן אַן אָפּשאַצונג וועגן דער פּערזענלעכקייט פון פאַרשטאָרבענעם. איך האָב אויסגענוצט די געלעגנהייט, כדי צו אַפּעלירן צום עולם, אַז מען זאָל וואָס שנעלער פאַרענדיקן די אַקציע פאַר די פּוילישע אידן. מען האָט מיר צוגעזאָגט, אַז דער קאַמפּיין וועט ווערן זוֹאָס פריער פאַרענדיקט.

# אונדזער געזעלשאַפטלעך לעבן נייט אויף אַן אָנגעצייכנטע ליניע

עס האָט זיך ביסלעכווייז איינגעשטעלט אין מאָנטעריי דאָס אידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן. דער עולם איז געוואָרן מער פאַראינטערעסירט אין דער טעטיקייט פון די אינסטיטוציעס און עס האָבן זיך שוין געפונען מענטשן וואָס האָבן אונדז פרייוויליק אַרויסגעהאָלפן אין דער אַרבעט.

אין דער אידישער שולע איז די פעדאַגאָגישע אַרבעט געווען בעסער אַנטוויקלט ווי אין די פאַריקע יאָרן. צום יום טוב שבועות האָבן שוין די קינדער געוואוסט די באַדייטונג פון דעם יום טוב. נאָכדעם האָבן די קינדער געהאַט וואַקאַציעס צוויי חדשים צייט און אַזוי איז שוין דערגאַנגען ביז צו די ימים נוראים. די קינדערלעך האָבן זיך געפרייט מיט דער תורה שמחה תורה און עטלעכע האָבן געוואוסט געגוי וועגן דער באַדייטונג פון חנוכה.

אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט איז אין יענער צייט געווען ווייניקער אַקטיוויטעטן, ווייניק קולטור־אַרבעט איז געטאָן געוואָרן, די דראַמאַטישע סעקציע האָט גערוט. קיין רעפעראַטן זיינען נישט געווען, חוץ דעם סאָקאָלאָוו־אַקט וואָס איך האָב איינגעאָרדנט און אויף וועלכן איך האָב געגעבן אַן אָפּשאַצונג וועגן סאָקאָלאָוס ליטעראַרישער. נאַציאָנאַלער און דיפּלאָמאַטישער טעטיקייט.

מיט געזעלשאַפטלעכער דאַנקבאַרקייט און מיט כבוד, ווערט דאָ געגעבן די בילדער פון די פאַרוואַלטונגס מיטגלידער וואָס האָבן אַממערסט: אַוועקגעגעבן זייער צייט און אַרבעט ביים אויפבויען דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן אין מאָנטעריי, נ. ל., מעקסיקע.



מאיר ראַפּאַפּאָרט



זלמן וויזשאַנסקי



אברהם־מאַרקוסהאַמער



משה וועגנער

דינסטיק, דעם 29־טן סעפּטעמבער 1936 איז דורכגעפירט גע־וואָרן אַ זיצונג פון דער שול־קאָמיסיע און מען האָט מיר באַויפ־טראגט, אַז איך זאָל צענויפרופן אַן איניציאַטיוו־גרופּע וועגן אָפּ־קויפן די געביידע פון קלוב. מאָנטיק, דעם 2־טער אָקטאָבער האָט זיך פאַרזאַמלט די איניציאַטיוו־גרופּע און די זאַך איז זייער ערנסט דיסקוטירט געוואָרן. עס איז געבליבן, אַז ביי דער נעקסטער פאַר־וויילונג, ווען עס וועלן זיין מער מענטשן וועט מען זען ווי אַזוי צו דורכפירן דעם ענין. אָבער פון דעם גאַנצן געדאַנק איז גאָרנישט געבליבן. דער עולם איז פאַרבליבן פּאַסיוו צו דער איניציאַטיוו. דער עולם האָט געהאַלטן, אַז די פינאַנציעלע לאַגע פון ישוב איז נישט קיין גוטע און אַז צוערשט דאַרף מען זאָרגן פאַר דעם ביודזשעט פון דער שולע און מען קען קיין אַנדער זאַך נישט אונטערנעמען.

די אַרבעט פאַרן קרן קימת איז אָנגעגאַנגען רעגולער. צו דער באַשטימטער צייט איז דורכגעפירט געוואָרן די הרקה פון צוויי חד־שים. אויף אַלע שמחות זיינען געזאַמלט געוואָרן ביישטייערונגען און ביימער. מיינע אַרויסהעלפער זיינען געווען: אהרן בלייבערג, זלמן וויזשאַנסקי און לייבל בערקמאַן. אַזוי איז אַריבערגעלאָפן די צייט.

מאָנטיק, דעם 9־טן נאָוועמבער 1936 איז צו מיר געקומען אין קלוב הער בן ציון וואָגשאָל, אַ פאָרשטייער פון „אָרט” און ער האָט מיר געמאָלדן, אַז ער איז געקומען קיין מאָנטעריי כדי צו דורכ־פירן אַ קאַמפּיין פאַרן „אָרט” און איך זאָל אים בייהילפיק זיין אין דעם. איך האָב דאָס אים צוגעזאָגט און גלייך זיך גענומען צו דער אַרבעט צו שרייבן די איינלאַדונגען, כדי צו אָרגאַניזירן אַ פאַרזאַמ־לונג. איך האָב צעטיילט די איינלאַדונגען אויף מיטוואָך ביינאַכט, דעם 10־טן סעפּטעמבער און געבעטן אַלעמען צו קומען. דער רעפער־ראַט וואָס הער בן ציון וואָגשאָל האָט געהאַלטן, איז געווען זייער

אינטערעסאַנט. ער האָט אין קלאָרע פאַקטן געשילדערט די אַרבעט פון „אָרט” איבער דער גאַנצער וועלט און גאַנץ באַזונדער צווישן די פאַראָרעמטע און פאַגראָמירטע אידן פון פוילן. די גאַנצע רעדע זיינע איז געווען זייער אַ זאַכלעכע. איך האָב גלייך פאָרגעלייגט צו אָרגאַניזירן אַ קאָמיסיע פון זאַמלערס. אין דער אַרבעט האָבן אָנטיילגענומען יוסף ראָזענפעלד, לייבוש בלייבערג און טוביה בער־גער. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז עס איז געזאַמלט געוואָרן 600 פעזעס. עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז די זאַמלונג איז דורכגעפירט געוואָרן גאַנץ גרינג און שנעל.

מ ט געזעלשאַפטלעכער דאַנקבאַרקייט און מיט כבוד, ווערט דאָ געגעבן
די בילדער פון די פאַרוואַלטונגס מיטגלידער וואָס האָבן אַממערסטן
אַוועקגעגעבן זייער צייט און אַרבעט ביים אויפבויען דאָס יידישע
געזעלשאַפטלעכע לעבן אין מאָנטעריי, נ. ל., מעקסיקע.



לייבל בערקמאַן



נחום ווענגראָווסקע



דוד באַרמאַק



אהרן גאָלדמאַן

# נחת פון מיינע נאָכפאָלגער אין מאָנטעריי

אין אָנפאַנג דעצעמבער 1936 האָב איך זיך צענויפגערעדט מיט מיינע צוויי בעסטע חברים זלמן וויזשאַנסקי און אהרן בלייבערג, אַז איך פאָר אַוועק אויף אייניקע חדשים אין די פאַרייניקטע שטאַטן און איך האָב זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן זיך פאַראינטערעסירן מיט דער געזעלשאַפטלעכער און נאַציאָנאַלער-ציוניסטישער אַרבעט אין אונדזער שטאָט. איך האָב זיי דערמאָנט דעם פסוק פון שיר השי־רים: „צאי לך בעקבי הצאן ורעי את גדיותיך, על משכנות הרעים". (גיי אַרויס און קוק נאָך די טריט פון די עלטערע שאָף און ווי אַזוי עס האָבן זיך געפירט די פריערדיקע פאַסטוכער, וועסטו וויסן ווי צו פירן דיינע יונגע ציגעלעך צו די פאַסטוכער־געצעלטן). זיי האָבן מיר צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן גיין אין מיינע פוסטריט און אמתדיק געטריי האָבן די חברים דורכגעפירט זייער צוזאָג.

ווען ד"ר א. קינג פון מעקסיקע איז געקומען קיין מאָנטעריי כדי צו דורכפירן אַ זאַמלונג פאַרן צוועק צו בויען אין מעקסיקע אַ אידישן שפיטאָל, איז עס טאַקע געווען זלמן וויזשאַנסקי וואָס האָט אים אַרויסגעהאָלפן און האָט אָרגאַניזירט אַ פאַרזאַמלונג פאַרשטעלנ־דיק דעם רעדנער. נאָכדעם טאַקע איז ער אויך געווען צווישן די זאַמ־לער און עס איז געזאַמלט געוואָרן 600 פעזעס.

אויך דער דיכטער י. י. שוואַרץ איז געקומען אויף אַ באַזוך קיין מאָנטעריי. זלמן וויזשאַנסקי איז ווידער געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון שוואַרצס צוויי רעפעראַטן, איינער וועגן ח. נ. ביאַליקן און אַ צווייטער וועגן רבי יהודה הלוי. מיט וויזשאַנסקים מיטהילף האָט דער דיכטער שוואַרץ פאַרקויפט פאַר צוויי הונדערט פּעזעס ביכער זיינע מיט איבערזעצונגען פון ח. נ. ביאַליקס לידער.

דער חבר אהרן בלייבערג האָט דורכגעפירט די הרקה פאַרן קרן קימת און דער רעזולטאַט איז געווען פופציק פּעזעס און פון שמחות האָבן די חברים געזאַמלט 65 פּעזעס. די לערערין שושנה האָט מיר געשיקט בריוו וואָס די קינדער פון פאַרשידענע קלאַסן האָבן צו מיר געשריבן, אַז איך זאָל וואָס גיכער קומען צופאָרן קיין מאָנטעריי אויפן יום טוב פסח. די לערערין האָט באַמערקט אין איר בריוו, אַז זי האָט די בריוו פון די קינדער נישט קאָרעגירט, כדי איך זאָל לייענען ווי אַזוי די קינדער טראַכטן און שרייבן אידיש. און עס איז באמת געווען אַ פאַרגעניגן צו זען ווי אַזוי די קינדער האָבן געשריבן און זייערע תמימותדיקע וואונטשן. לייענענדיק די בריוו האָב איך ביי זיך געטראַכט: „בנים גדלתי ורוממתי והם הלכו בדרכי צדק ומישרים”. איך האָב געזען, אַז די מי וואָס איך האָב אַריינגעלייגט אין פאַרפלאַנצן אידישקייט אין מאָנטעריי איז נישט געגאַנגען לאיבוד און האָט געבראַכט שיינע פרוכטן.

# געזעלשאַפטלעך לעבן אין מאָנטעריי
# אין יאָר 1937

קומענדיק צוריק קיין מאָנטעריי האָב איך געטראָפן די שולע אין זייער אַ גוטן פּעדאַגאָגישן צושטאַנד, אָבער די פינאַנציעלע לאַגע אירע איז געווען זייער אַ ביטערע. מען האָט נישט געצאָלט די לערערס, מען האָט אפילו נישט געהאַט אויף די מעגלעכע אויסגאַבן פון דער שולע. די לערערין שושנה האָט מיר געמאָלדן, אַז נאָך די וואַקאַציע-חדשים פון יוני און יולי וועט זי שוין מער נישט לערנען אין דער שולע, ווייל זי פאָרט אַפּ קיין מעקסיקע.

באין ברירה האָב איך אָנגעהייבן צו זוכן אַ נייעם לערער פאַר אונדזער שולע. איך האָב געשריבן קיין מעקסיקע וועגן אַ לערער, אָבער מען האָט מיר נישט געענטפערט. מען האָט מיר פאָרגעלייגט, אַז איך זאָל ווערן דער לערער פון דער שולע, אָבער איך האָב אָלעמען דערקלערט, אַז איך קען נישט אָננעמען דעם פּאָסטן צוליב מיין שוואַכן געזונט-צושטאַנד. מען האָט אויף אַ פאַרזאַמלונג אויסגעקליבן דער פרוי בערטאַ גאָלדמאַן, אַז זי זאָל זיין די לערערין אין דער שולע, אָבער אויך דערפון איז גאָרנישט געוואָרן.

די לערערין שושנה איז אַפּגעפאָרן. אין חודש יולי זיינען צו מיר געקומען צוויי שפּאַנישע לערערס פון דער שולע און זיי האָבן

מיר געזאָגט, אַז איך זאָל זיך זען מיטן שול־אינספּעקטאָר און בעטן ביי אים, אַז ער זאָל נישט אויסמעקן די שולע פון זיין ליסטע, ווייל נאָכדעם וועט מען שוין נישט דערלויבן נאָכאַמאָל צו עפענען די שולע. צומאָרגנס איז דער אינספּעקטאָר געווען ביי מיר אין קראָם. ער איז דווקא געווען זייער אַ ליבעראַלער מענטש. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט גערעדט מיט שושנהן פאַר איר אַוועקפאָרן און ער האָט איר געראַטן, אַז זי זאָל קומען צוריק פון מעקסיקע קיין מאָנטעריי כדי ווידער צו לערנען דאָ אין דער שולע, ווייל אויב די שולע וועט זיך איצט נישט עפענען, וועט שוין שפּעטער נישט זיין מעגלעך צו קריגן אַ דערלויבעניש פאַר דער שולע. דער אינס־פּעקטאָר האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט איצט דערלויבן צו עפע־נען די שולע אפילו מיט איין שפּאַנישן לערער.

איך האָב עס פאָרגעלייגט דער שול־פאַרוואַלטונג און עס איז באַשלאָסן געוואָרן די שולע צו עפענען און גיין צו די קינדערס על־טערן, כדי זיי זאָלן פאַרשרייבן די תלמידים אין דער שולע. אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז נאָר די אָרעמסטע עלטערן האָבן פאַר־שריבן זייערע קינדער אין דער שולע און די אַנדערע האָבן דאָס נישט געוואָלט טאָן, ווייל עס האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די לערערין שושנה וועט קומען צוריק קיין מאָנטעריי געבן פּרי־וואַטע לעקציעס.

מיר האָבן באַשלאָסן, אַז יהודה זאַסלאַוו זאָל זיך פאַרבינדן טעלעפאָניש מיט דער לערערין און בעטן איר, אַז אויב זי וויל טאַ־קע קומען צוריק קיין מאָנטעריי און דאָ געבן פּריוואַטע לעקציעס, איז דאָך שוין פיל גלייכער, אַז זי זאָל קומען אַלס לערערין פון דער שולע. אַלנפאַלס האָבן מיר באַשלאָסן די שולע צו עפענען צום נייען שוליאָר.



אידישע שולע אין מאָנטעריי צוזאַמען מיט די לערערינס אין יאָר 1937.

דערווייל האָב איך זיך גענומען צו אָרגאַניזירן דעם מנין אויף ימים נוראים אין זאַל פון קלוב. זונטיק, ערב ראש השנה, איז גע־קומען אַ טעלעגראַמע פון דער לערערין שושנה, אַז זי קומט לער־נען אין דער שולע ביז יאַנואַר. מיר האָבן דאָס אָנגענומען פאַר אַ גוטן סימן צום נייען יאָר. אויך פון ארץ ישראל איז צו אונדז אָנ־געקומען אַ פריילעכע ידיעה, אַז אין תל אביב איז שוין אויסגעבויט געוואָרן אַ פּאַרט וואו שיפן קענען צוקומען נאָנט פון ברעג מיט אידישע פּאַסאַזשירן, כדי זיי זאָלן קענען גלייך אָפּשטייגן אין לאַנד. איך האָב אויך באַקומען אַ בריוו פון יוסף פּאָסטיק און ער האָט מיר געשריבן, אַז אין ארץ ישראל זיינען אַלע קעגן דעם פּלאַן פון חלוקה, וואָס וואָלט צוגעטיילט די אידן אַ קליינע מלוכהלע, ווי אַן ענגער געטאָ. אַלע אידן פאָדערן גאַנץ ארץ ישראל אין די היסטאָ־רישע גרענעצן.

ד״ תשרי האָט מיר דער חבר זלמן וויזשאַנסקי געבראַכט פון מעקסיקע די לוחות פון קרן קימת. איך האָב זיי גלייך צעטיילט און אָנגעהייבן די הרקה פון די קרן קימת־פּושקעס. איך האָב אויך באַקומען אַ בריוו פון דער פאַרוואַלטונג פון „נדחי ישראל״ פון מעק־סיקע וואָס האָט געבעטן, אַז ימים נוראים זאָל מען זאַמלען געלט ביי אונדז אין מנין פאַר דער גרויסער שול וואָס די קהלה האָט גע־נומען בויען אין דער הויפּטשטאָט און כדי צו אַרומוויערן דעם פּאַר־קאַן פון דעם בית עולם וואָס זי האָט געקויפט. אויך הרב ראַפּאַלין האָט אונדז צוגעשיקט אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט אונדז געבעטן, אַז מיר זאָלן זאַמלען געלט פאַר דער תלמוד תורה „יבנה״ ביי דער קהלה „נדחי ישראל״.

פון יוסף פּאָסטיקן פון ארץ ישראל האָב איך באַקומען נאָך אַ בריוו און ער האָט מיר געשריבן, אַז נאָך יום טוב וועט קומען צו־

ריק קיין מאָנטעריי חווה וויניעצקי, יוסף וויניעצקים פרוי. זי קומט צוריק פון ארץ ישראל.

דעם 16־טן סעפּטעמבער 1937 איז ביים הער משה וועגנער אין שטוב דורכגעפירט געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג פון פעדלערס. עס איז באַטראַכט געוואָרן די פראַגע וועגן גרינדן אַ קאָאָפּעראַטיוו אויף צו איינקויפן סחורה, וואָס דאָס איז געוועזן פאַר זיי שטאַרק נויטווענדיק. אָבער זייערע מיינונג־פאַרשידנהייטן אַרום דעם פּראָבלעם איז נישט אַזוי לייכט צו אויסגלייכן.

חול המועד סוכות איז געוועזן אין קלוב אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג. אַ דורכפאָרנדע אידישע אַרטיסטן־טרופּע האָט געשטעלט די פאָרשטעלונג. די טרופּע איז געווען אָנגעפירט דורך דעם אַקטיאָר דזשעק בערלין. ווען איך האָב זיך מיט אים צערעדט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז גאָר מיינער אַ לאַנדסמאַן, אַ באַרדיטשעווער. ער איז געוועזן דער זון פון חיים שרייבער און ביי זיין טאַטן אין שטוב האָט איך געלערנט שרייבן, ווען איך בין נאָך געווען אַ קליין אינגעלע. קיין גרוס פון מיין היים־שטאָט האָט ער מיר נישט געקענט אָפּגעבן, ווייל ער איז אָפּגעפאָרן פון באַרדיטשעוו נאָך פריער פון מיר. אָט אַזוי באַגעגנט מען זיך בדרך נס אין פאַרוואָרפענע עקן וועלט.

דער קינדער־גאָרטן פון דער אינקאָרפּאָרירטער יידישער שול

אין מאָנטעריי, נ. ל.





# מאָנטעריי פאַרנעמט דעם צווייטן פּלאַץ אין אידישן לעבן פון מעקסיקע

איך האָב באַקומען אַ בריוו פון מעקסיקע, פון ראַבּיי מאָרים קלאַרק, וואָס איז געקומען פון די פאַראייניקטע שטאַטן. ער האָט געהאַט בדעה צו קומען קיין מאָנטעריי, אין די אינטערעסן פון אידישן וועלט־קאָנגרעס. אָבער צוליב אַן ערנסטער קראַנקהייט פון זיין פרוי האָט ער זיך געמוזט אָפּזאָגן פון דער רייזע.

דעם 28־טן יוני 1937 איז אָנגעקומען קיין מאָנטעריי משה ראָזענבערג, דער רעדאַקטאָר פון „וועג״ פון מעקסיקע. ער איז דאַסמאָל געקומען זאַמלען געלט אויף אַ פאָנד צו אַרויסגעבן אַ אידישע צייטונג אין דער שפּאַנישער שפּראַך „לאַ ווערדאַד״, כדי צו קענען אויפקלערן דער מעקסיקאַנער אינטעליגענץ וועגן אידישע פּראָבלעמען ווי אויך ענטפערן אויף אַנטיסעמיטישע בילבולים א.א.וו. ביז שפּעט ביינאַכט זיינען מיר ביידע געזעסן און געשריבן די איינלאַדונג צו דער פאַרזאַמלונג און אינדערפרי האָב איך זיי שוין צעשיקט און געמאַכט אַלע הכנות צו דער אסיפה.

דינסטיק, דעם 29־טן יוני ביינאַכט, האָבן מיר דורכגעפירט די פאַרזאַמלונג און יצחק ראַמבערג מיט מיר זיינען אויסגעקליבן גע־

וואָרן צו זיין די זאַמלערס פאַרן פאָנד אַרויסצוגעבן די שפּאַנישע צייטונג „לאַ ווערדאַד".

דאָנערשטיק, דעם 26-טן אויגוסט זיינען געקומען קיין מאָנטע־ריי צוויי רבנים צו קלייבן געלט פאַר דער סלאָבאָדקער ישיבה און איך האָב זיי אָפּגעפירט אין אַן האָטעל. זיי זיינען, געווען פול מיט בטחון, כאָטש עס איז געווען צום ערשטן מאָל וואָס מען איז גע־קומען קיין מאָנטעריי צו זאַמלען געלט פאַר תורה־צוועקן. און זיי־ער קאַמפּיין איז טאַקע געווען דער גרעסטער, לויט די אומשטענדן פון יענער צייט. זיי האָבן געזאַמלט 1000 פּעזעס.

דעם 27-טן אויגוסט האָב איך באַקומען אַ בריוו פון קרן היי־סוד, אַז די נעקסטע וואָך קומט ווידער מיכאַל גרייווער קיין מאָנ־טעריי, כדי צו דורכפירן אַ קאַמפּיין פאַרן קרן היסוד. איך האָב באַקומען אַ צווייטן בריוו פון גרייווערן, אַז פון טאָררעאָן וועט ער קומען דעם 11-טן נאָוועמבער און אַז אין דער נאַכט זאָל זיין די פאַרזאַמלונג אין קלוב. איך בין שוין גלייך געווען באַזאָרגט מיט נאַכט־אַרבעט. דער חבר נחום ווענגראָווסקי האָט מיר אַרויסגעהאָלפן.

מיטוואָך בייטאָג האָב איך ביים וואָקזאַל באַגעגנט גרייעווערן. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט מיט זיך געבראַכט אַן ארץ ישראל־פילם, כדי אים צו פּראָזשעקטירן אין קלוב. אָבער אין קלוב איז דאָס נישט געווען מעגלעך צו טאָן, ווייל עס זיינען נישט געווען די טעכנישע מעגלעכקייטן דערפאַר, האָבן מיר געבעטן אַ אידישן קי־נאָ־אייגענטימער און פאַר דעם קינאָ־בילד איז געווען אין קלוב דער רעפעראַט פון מ. גרייווער. מיט מיר זיינען געזעסן ביים פּרעזידיום־טיש די חברים דוד בארמאק, זלמן וויזשאַנסקי און אברהם גאָלד־שטיין. גרייווער האָט גערעדט וועגן דער שרעקלעכער לאַגע אין וועלכער עס האָבן זיך געפונען די פּוילישע אידן און אַנגעוויזן, אַז זייער איינציקע רעטונג איז צו קענען באַזעצן זיך אין ארץ ישראל.

נאָך דעם רעפּעראַט זיינען מיר אַלע געגאַנגען אין קינאָ „אַנאַהואַק״ וואו עס איז געוויזן געוואָרן דאָס בילד. דער דירעקטאָר סימאָן גאָלד־שלאַק האָט פאַר אונדז געוויזן דעם פילם און מען האָט געזען ווי די חלוצים באַאַרבעטן די ערד מיט פּרימיטיווע מיטלען און שפּע־טער שוין מיט מאָדערנע מאַשינען וואָס די אידן האָבן איינגעפירט. מען האָט געזען ווי עס ווערן געגראָבן ברינעמער און ווי עס זיינען איינגעאָרדנט די פאַרמס פון פיצוכט און הינער־צוכט און ווי אַזוי מען בויט אויס אין ארץ ישראל נייע ישובים ממש איבער נאַכט. הערנדיק די פריילעכע ארץ ישראל־לידער און די טענץ פון די חלו־צים איז אונדזער גלויבן געשטאַרקט געוואָרן און מיר האָבן געקריגן די איבערצייגונג, אַז ארץ ישראל וועט דאָך זיין אונדזער לאַנד.

צומאָרגנס זיינען מיר אַרויס מיט גרייעווערן זאַמלען געלט. משה לייב קעסלער, ישראל פרענקעל און דוד בורשטיין זיינען געגאַנגען און זיי האָבן דאָס געלט געבראַכט צו מיר און געבעטן, אַז זונטיק זאָל איך גיין מיט גרייווערן, כדי צו פאַרענדיקן די אַקציע. איך בין געווען באמת צופרידן וואָס איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט צו אַרבעטן אין דעם פרייען טאָג פאַר ארץ ישראל. מיר זיינען אַרויס זונטיק און פאַרענדיקט די אַקציע אין שטאָט. צוזאַמען איז געזאַמלט געוואָרן 541 פּעזעס. איך האָב דאָס געלט אָפּגעשיקט קיין מעקסיקע.

איך האָב באַקומען אַ בריוו פון יוסף פאַסטיק, אַז חוה וויניעצ־קי פאָרט צוריק קיין מעקסיקע פון ארץ ישראל. דעם 7־טן נאָוועמ־בער איז זי שוין אָנגעקומען צוריק קיין מאָנטערײַ. איך האָב מיט איר גערעדט און זי האָט מיר דערציילט, אַז זי האָט דאָרט מיט איר מאַן יוסף וויניעצקי געאַרבעט און האָבן פיין געלעבט, אָבער די פּאָליטישע לאַגע איז געוואָרן זייער אַ ביטערע צוליב דער אַריינ־מישונג פון איטאַליענישן פאַשיזם וואָס העצט די אַראַבער קעגן די אידן. זי האָט אויך געזאָגט, אַז די ענגלישע אַרמיי דערלאָזט נישט,

אַז די „הגנה" זאָל קענען זיך פאַרטיידיקן קעגן די אַראַבישע פּאָגראָמשטשיקעס. ענגלאַנד מאַכט זיך נישט זעענדיק אויף די אַראַבישע שחיטות קעגן די אידן. אַזאַ ביטערן גרוס האָבן מיר אָפּגענומען פון ארץ ישראל.

אויך אין מעקסיקע זיינען דעמאָלט געווען ביטערע צייטן פאַר אידן. אין דער צייטונג „דער וועג" איז דאַן געווען אָפּגעדרוקט אַ קאָמענטאַר וועגן דער ווענדונג וואָס דער פּרעזידענט קאַיעס האָט געמאַכט צו די אידן, אַז זיי זאָלן זיך קומען באַזעצן אין מעקסיקע. דערנאָך האָט קאַיעס אַליין חרטה געהאַט אויף זיין פריינטלעכן רוף צו אידן. דער אַנדער פּרעזידענטן אָרטיז רוביאָ איז שוין אָפן אַרויסגעקומען מיט אַנטיסעמיטישע מעשים קעגן די אידן. ער האָט באַלוינט מיט אַ מעדאַל אַן אַנטיסעמיטישן כוליגאַן פאַר זיין גיפטיקער אַגיטאַציע קעגן אידן. דער אַנדער פּרעזידענט ווידער, גענעראַל אַבעלאַרדאָ ראָדריגעז, וועלכער האָט זיך אַליין מתחתן געווען מיט אידן, האָט דערלאָזט אָרגאַניזירן די פאַשיסטישע „גאָלדענע העמדלעך" וואָס זיינען אָפן אַרויסגעטראָטן קעגן אידן. דער פּרעזידענט, גענעראַל לאַזאַראָ קאַרדענאַס, האָט אַרויסגעגעבן שווערע אימיגראַציע-געזעצן וואָס האָבן געטראָפן אידן אין דער ערשטער רייע. מען האָט אָנגענומען אַ געזעץ וועגן אַ קוואָטע פון הונדערט אימיגראַנטן פון יעדן לאַנד אין משך פון אַ יאָר. דאַקעגן דייטשלאַנד, איטאַליע און יאַפּאַן, די דריי פאַשיסטישע לענדער, האָבן געהאַט די פּריווילעגיע, אַז פון זיי האָבן געקענט אַריינקומען טויזנט אימיגראַנטן אין משך פון יאָר. אַזאַ מין געזעץ האָט אָנגענומען אַ פרייע און רעוואָלוציאָנערע רעגירונג. די אימיגראַציע-באַאַמטע האָבן אויסער דעם אַלעמען אויך געהאַט דאָס רעכט צו צוריקשיקן אַן אימיגראַנט, אויב ער איז זיי נישט געפעלן געוואָרן, אפילו שוין נאָכדעם ווי ער איז גע-

ווען אין לאַנד. מען האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו רעווידירן די בירגער־פּאַפּירן פון די אידן וואָס זיינען שוין געווען בירגער זינט יאָרן. אַזוי האָט אויסגעזען די אידישע לאַגע אין מעקסיקע אין יאָר 1937.

דעם 20־טן אָקטאָבער 1937 האָב איך באַקומען אַ בריוו פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין מעקסיקע, אַז מיר זאָלן גרינדן אַן אָפּטיילונג פון דער אָרגאַניזאַציע אין מאָנטעריי. דער פאָרשלאָג איז געווען, אַז די מיטגלידער זאָלן צאָלן דער אָרגאַניזאַציע אין דער הויפּטשטאָט אָנפאַנגענדיק פון אַ פּעזע אַ חודש. איך האָב געענטפערט, אַז איך וועל פּראָבירן צו ווערבירן מיטגלידער, כדי צו לייגן דעם פונדאַמענט פאַר דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין מאָנטעריי.

אין יענער צייט האָב איך באַקומען אַ בריוו פון „אָרט", אַז ד"ר אייסוראָוויטש, דער שליח פון דער אָרגאַניזאַציע, וועט ווידער קומען צו דורכפירן אַ קאַמפּיין אין מאָנטעריי.

אַ ציוניסטישער קרייז איז שוין אַמאָל געווען אין מאָנטעריי ווען מיר זיינען געווען פאַרבונדן מיט סאַן אַנטאָניאָ. דאַן איז געקומען צו אונדז הער משולם יוראַן און מיר האָבן דעמאָלט געגרינדעט אַ קאָמיטעט אין באַשטאַנד פון מאיר ראַפּאַפּאָרט, חיים לאַשאַק און דוד ליפּסקי. אָבער דאַן האָבן מיר איינגעזען, אַז פריער איז נייטיק גוט צו אַנטוויקלען די אַרבעט פאַרן קרן קימת. אָבער איצט האָט דער מאָמענט אויסגעזען גינסטיקער פאַר דער גרינדונג פון אַן אָרגאַניזאַציע אין מאָנטעריי.

איך האָב באַקומען אַ צווייטן בריוו פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין מעקסיקע. אין דעם בריוו האָט מען מיר געשריבן, נאָכאַמאָל, אַז זיי מיינען נישט צו גרינדן אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין מאָנטעריי, נאָר די אידן זאָלן זיך אָנשליסן צו דער אָרגאַ־

גיזאַציע אין מעקסיקע און מיר האָבן באַשלאָסן צו רופן אַ פּאַרזאַמ־לונג וועגן דעם ענין.

ווען די שולע איז ווידער דערעפנט געוואָרן — אין 1937 — איז געבליבן פון פאַריקן יאָר אַ גרויסער דעפיציט און דער דעפיציט איז געוואָרן נאָך גרעסער, ווייל מען האָט באַדאַרפט אַריינעמען נאָך אַ שפּאַנישן לערער. אָבער אַלע זיינען געווען צופרידן און באַגייסטערט מיט דער עקזיסטענץ פון דער שולע. מען איז געווען גרייט צו אַרויס־העלפן מיט אַלץ וואָס עס איז נאָר געווען מעגלעך. לעבעדיק און פריילעך איז געווען ביי די קינדער פון דער שולע דעם 17־טן אָק־טאָבער. די לערערס פון דער שולע צוזאַמען מיט דער לערערין שושנה האָבן אָרגאַניזירט אַ קינדער־קלוב. פּרעזידענטקע איז געווען חוהלע בערקמאַן. די סעקרעטאַרין איז געווען מאַריאַנאַ טשאַוואַריאַס און די קאַסירשע — פריידעלע זאַסלאַוו.

חנוכה, אין דעצעמבער 1937, האָט באַצייכנט די צוועלף יאָרי־קע עקזיסטענץ פון קולטור־קלוב און פינף יאָר עקזיסטענץ פון דער אידישער שולע אין מאָנטעריי. ווי גרויס איז געווען אונדזער פרייד, ווען מיר האָבן צו דעם פינפטן חנוכה־ליכטל, מיט דער מיטהילף פון דער לערערין שושנה געעפנט אַ קינדער־קלוב ביי דער שולע. צו דעם קלוב האָבן געהערט די תלמידים וואָס האָבן פריער געלערנט אויף די אָוונט־קורסן ביי דער שולע. מען האָט מיר צוגעטיילט דעם כבוד צו דערעפענען אָפיציעל דעם קינדער־קלוב און איך האָב דעם יוגנט־קלוב געוואונטשן, אַז זיי זאָלן מיט שטאָלץ פאַרזעצן די שיי־נע טראַדיציע פון די חשמונאים און אַז זיי זאָלן דאָ אין מאָנטעריי אַנטוויקלען אין זיך דעם אידיש־נאַציאָנאַלן גייסט, לערנען אידיש־קייט און אידישע געשיכטע, וואָס איז אַן אייביקע קולטור־שיינקייט.

אויף דער פייערונג האָט אויך גערעדט אברהם מאַרקוס, וועל־כער האָט דערמאָנט די קינדער און די יוגנטלעכע, אַז זיי דאַרפן

זיין דאַנקבאַר די עלטערן זייערע פאַר דער גוטער אידישער דער־ציאונג וואָס זיי קריגן. נאָך די רעדעס איז דורכגעפירט געוואָרן אַ פיינער מוזיקאַלישער פּראָגראַם און אַ קליינע דראַמע, וואָס האָט געוויזן די פאַרצווייפלונג ביי די פּוילישע אידן און אַ בילד פון זייע־רע קינדער, וואָס גרייטן זיך צו אַ חלוצישן לעבן אין ארץ ישראל.

אַזוי האָבן מיר אַרויסבאַגלייט דאָס יאָר 1937. דורכן אויפלעבן ווידער די אידישע שולע און דורכן אויפלעבן אונדזער אידישע יוגנט.

# דאָס אידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן אין מאָנטעריי אין יאָר 1938

זייער גיך לויפט אַריבער אַ יאָר. דער לוח ווערט איבערגעמישט און מען הויבט שוין אָן צו ציילן אַ נייען יאָר.

אין דער מאַשין פון אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין מאָנטע־ריי האָט זיך אויך געדרייט דאָס רעדעלע פון דער אידישער שולע. אָבער עס האָט געסקריפּעט אביסעלע און עס נייטיקט זיך שטאַרק אין בוימל. אָבער די פלאַש פון בוימל איז נעבעך ליידיק און דאָס רעדעלע פון דער שולע מוז זיך דרייען ווייטער אַזוי אָן דעם. אַ ברירה האָט עס?... עס דרייט זיך ווידער און עס סקריפּעט ווידער, ביז עס באַקומט אַ פּאָרציע בוימל און עס גייט אַוועק אַ גאַנג, טאַ־קע ווי געשמירט, ווי מען זאָגט. אַזוי האָט עס פּאַסירט מיט דער מאָנטערייער אידישער שולע.

פון דער קליינער און מאָגערער שטיצע וואָס מען האָט טראָ־פּנסווייז צוגעטיילט דער אידישער שולע האָט זי נישט געקענט אַר־בעטן נאָרמאַל. אָבער אַ שולע האָט מען דאָך געהאַט נייטיק. האָט זיך דער עולם אַריינגעטראַכט אין דער זאַך און מען האָט דעם רע־דעלע פון דער שולע צוגעגאָסן אַביסעלע בוימל, ביז די שול־מאַשין האָט אָנגעהייבן צו אַרבעטן גלאַטיק און נאָרמאַל. די לערערס האָבן באַקומען זייער געהאַלט אין צייט, דער מוטער־קאָמיטעט האָט גע־

נומען אויף זיך צו באזאָרגן די זאכן אין וועלכע די שולע האָט זיך גענייטיקט און אלץ האָט געקלאפט ווי א גוט רעגולירטער זייגער.

אָבער טראָץ אלעמען האָט דאָך אין רעדעלע עפּעס געסקריפּעט און געקלאפּט. אזוי, צום ביישפּיל, איז געקומען די מעלדונג פון דער לערערין שושנה, אז נאָך דעם חודש יאנואר פאָרט זי אוועק קיין מעקסיקע. קיין אנדער אויסוועג איז נישט געווען און מיר האָבן געמוזט טראכטן וועגן אן אנדער לערער. מיר האָבן געפּרואווט בעטן א דערלויבעניש צו ברענגען א לערער פון פּוילן פאר אונדזער שולע, אָבער מען האָט אונדז קאטעגאָריש אָפּגעזאָגט.

מיר האָבן געמאכט א פארזאמלונג צו קלייבן א נייען קאָמיטעט פאר דער שולע און דעם עולם האָט מען קלאָר געמאכט, אז מען מוז געפינען א נייעם לערער פאר דער שולע. אויף דער פארזאמלונג האָבן מיר עפּעס געהערט א שטילן קלאנג, אז יוסף וויניעצקי, אונדזער פריערדיקער לערער, וועלכער האָט זיך דאן געפונען אין ארץ ישראל, וואָלט געווען גרייט צו קומען צוריק קיין מעקסיקע און ווידער לערנען אין אונדזער שולע. און אזוי ווי יענער איד וואָס האָט אמאָל געדארפט עפּעס בעטן ביי דעם פּאָליצמייסטער פון שטעטל, האָט פריער זיך שואל עצה געווען מיט דעם גאסן-קערער, ווייל דער קערער זעט דאָך יעדן טאָג דעם פּאָליצמייסטער, וועט ער דאָך קענען ביי אים בעטן די טובה... אזוי האָבן מיר פריער זיך שואל עצה געווען מיט וויניעצקיס נאָנטע קרובים און דער עיקר מיט זיין פרוי הוה, וואָס איז שוין דאן געווען צוריק אין מאָנטעריי. די פרוי וויניעצקי האָט אונדז געזאָגט: „אדרבא, שרייבט, שרייבט". און „וישא יעקב את עמו" — מיר האָבן אוועקגעשריבן א בריוו צו וויניעצקין און געקריגן פון אים א פּאָזיטיוון ענטפער און געשיקט אים רייזע הוצאות און דעם 11־טן יוני 1938 איז ער שוין געווען צוריק אין מאָנטעריי און ווידער איבערגענומען די אידישע שולע.

# מאַנטעריי איז פּאָרטראַטן אויף אַ לאַנד־צוזאַמענפאָר פון קק״ל

אַ קינד שטאָלצירט מיט זיין אויסוואַקסן גרעסער און גרעסער. גאָר דערהויבן ווערט ער ערשט ביי זיך, ווען ער ווערט בר מצוה, ווען ער איז שוין אַ פולבאַרעכטיקטער איד. אַזוי האָט אויך די ציוניסטישע באַוועגונג אין מעקסיקע, צו די דרייצן יאָר פון ציוניסטישער טעטיקייט, באַשלאָסן צו פייערן די דאַטע מיט אַ לאַנד־צוזאַמענפאָר פון שקלים־קויפער און ביישטייערער פאַר קרן קימת.

דער צוזאַמענפאָר איז באַשטימט געוואָרן אויפן 28־טן פעברואַר 1938. מאָנטעריי איז איינגעלאַדן געוואָרן צו שיקן צוויי דעלעגאַטן. דינסטיק, דעם 22־טן פעברואַר, האָב איך אָרגאַניזירט אַן איניציאַטיוו־גרופּע אין אידישע קלוב, כדי צו באַטראַכטן דעם ענין און איינשטימיק בין איך דערוויילט געוואָרן אַלס הויפּט־דעלעגאַט. אָבער אַזוי ווי צום באַדויערן בין איך געווען אַן אָנגעשטעלטער אין אַ קראָם, איז געווען די פראַגע, צי מען וועט מיר דערלויבן צו אַוועקפאָרן אויף עטלעכע טעג פון מאָנטעריי. דעריבער זיינען דערוויילט געוואָרן די הערן לייבל בערקמאַן און דוד באַרמאַק. מיר איז טאַקע זייער נישט גרינג אָנגעקומען צו קריגן די דערלויבעניש צו אַוועקפאָרן פון מאָנטעריי, פונדעסטוועגן בין איך זונטיק, דעם 27־טן פע־

ברואַר, אַרויסגעפּאָרן פון מאָנטעריי און מאָנטיק, דעם 28-טן, בין איך אָנגעקומען אין דער הויפּטשטאָט, אויף דאָנסעלעס 68, וואו עס איז פאָרגעקומען דער לאַנד-צוזאַמענפאָר.

ד"ר יהושע-דוד מינץ, דער דירעקטאָר פון קרן קימת אין מעקסיקע, האָט דערעפנט דעם צוזאַמענפאָר. איך בין דערוויילט געוואָרן אין פּרעזידיום פון דער קאָנפערענץ. אנגענעם איז געווען די פריינטשאַפט וואָס די חברים האָבן מיר אַרויסגעוויזן. איך האָב געזען, זיי שאַצן הויך די קליינע אַרבעט פון דער פּאָרווינציעלער שטאָט מאָנטעריי, מיט דער האָפענונג, אַז די אַרבעט פאַר ארץ ישראל וועט זיך נאָכמער פאַרשטאַרקן אין יענער שטאָט. און די דאָזיקע האָפנונגען זיינען טאַקע מקוים געוואָרן. פון די ערשטע זאַמלונגען צו 25 סענט, וואָס איך פלעג צענויפנעמען ביי 12 מענטשן, כדי צו האָבן דריי פעזעס אויף צו פלאַנצן אַ בוים אין ארץ ישראל, ביז דער הכנסה פון יאָר 1954, צום ביישפּיל, ווען די סומע האָט דערגרייכט איבער 23 טויזנט פעזעס — איז דאָך עפּעס אַ שטיקל מהלך... און מען דאַרף נעמען אין אַכט, אַז ביים ערשטן קרן היסוד-קאַמפּיין איז אין מאָנטעריי געזאַמלט געוואָרן מיט גרויסע אָנשטרענגונגען 500 פעזעס. אין יאָר 1954 האָט מען שוין פאַרן קרן היסוד געזאַמלט 70 טויזנט פעזעס און פאַר ישראל-באָנדס 47 טויזנט דאָלאַר.

אויף דער ערשטער לאַנד-קאָנפערענץ פון די ציוניסטישע עסקנים אין מעקסיקע האָב איך געמאַכט אַן הזכרה נאָך די ציוניסטישע מנהיגים, וואָס האָבן געאַרבעט געטריי פאַר ארץ ישראל און וואָס זיינען לעצטנס געשטאָרבן. אויך נאָך דעם געוועזענעם פאָרזיצער פון קרן היסוד פון ספרדישן סעקטאָר אין מעקסיקע, חבר איזאַק און נאָך דער פריילין טעמין, וואָס איז אומגעקומען אין ארץ ישראל.

## מ א י ר  ר אַ פּ אָ פּ אָ ר ט

נאָכדעם האָט דער פאָרזיצער פון דעם צוזאַמענפאָר, ד״ר מינץ, געגעבן צו פאַרשטיין די באַדייטונג פון דעם בר מצוה-צוזאַמענפאָר פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין מעקסיקע. ער האָט דערקלערט, אַז דאָס איז איינע פון די דערשיינונגען וואָס באַווייזן, אַז מיט אומ-אויפהערלעכער אַרבעט און עקשנות קען מען באַווייזן אַלץ צו דער-גרייכן, אפילו אין אַזאַ לאַנד ווי מעקסיקע מיט אַזאַ קליינער צאָל אידן. דער הויפט-גרינדער איז געווען אַ איד ראָזענבערג פון אָדעס, וואָס אַליין האָט ער קוים געקענט אַ פּאָר אידישע ווערטער אַרויס-רעדן. און די מיטגרינדער זיינען געווען האַלב-הונגעריקע מענטשן, וואָס האָבן נאָך נישט באַוויזן צו פאַרדינען אויף זייער אייגענער חיונה. מען האָט אָנגעהייבן פון קליינע זאַמלונגען און קולטור-אונ-טערנעמונגען און די ערשטע „גרויסע״ סומע איז געווען זיבן ענג-לישע פונט, וואָס מען האָט איבערגעשיקט קיין ארץ ישראל. נאָכ-דעם האָט מען שוין באַוויזן צו זאַמלען צען פונט און שפּעטער צוואַנ-ציק פונט. און אָט קומט גאָר צו אַ שפּאַלטונג אין דער יונגער אָר-גאַניזאַציע. צוליב מיינונג-פאַרשידנהייטן ברעכט אויס די קריגעריי און מען האַלט זיך אין אַרומרייסן פיר יאָר צייט, ביז עס טיילט זיך אויס אַ גרופּע פון ענערגישע חברים און זיי פאַרזאַמלען זיך אין אַ קליין צימערל און מען הויבט אָן ווידער אַלץ פון אויפסניי, אָבער שוין מיט מער אהדות און מער אחריות. מען הויבט אָן די אַרבעט פאַר קרן קימת, כאָטש קריגערייען פעלן איצט אויך נישט. און אַז די שטאָט מעקסיקע איז שוין פאַרפעסטיקט פאַר ציוניסטישער אַרבעט, הייבט מען אָן זיך צו פאַראינטערעסירן מיט דער פּראָווינץ און די ערשטע שטאָט וואָס רופט זיך אָפּ מיט סיסטעמאַטישער ציוי-ניסטישער אַרבעט איז מאָנטעריי, וואָס האָט אַליין שפּעטער אָרגאַ-ניזירט קאַמפּיינען פאַר קרן קימת און קרן היסוד. דערנאָך קומען צו די שטעט גוואַדאַלאַכאַראַ, טאַמפּיקאָ און נאָך אַנדערע. און איצט,

בײַ דעם בר מצווה־יאָר פֿון דער אָרגאַניזאַציע, איז זי פֿאַרייניקט ענג מיט דער פּראָווינץ און אויך פֿעסט אין דער הויפּטשטאָט און עס איז דאָ דער געדאַנק צו שאַפֿן אין קומענדיקן יאָר (1939) אַ סומע פֿון הונדערט טויזנט פּעזעס פֿאַר ארץ ישראל.

איך וועל דאָ מקצר זײַן וועגן דער קאָנפֿערענץ אין מעקסיקע, כאָטש עס איז דאָ זייער פֿיל וואָס צו שרײַבן. איך האָב נאָר דאָ באַמערקט דאָס וואָס האָט אַ שייכות צו מאָנטערײ. צווישן די אָנ־גענומענע רעזאָלוציעס אויף דעם צוזאַמענפֿאָר איז געווען אַ רעזאָ־לוציע צו פֿאַרשטאַרקן אויך אויף דער פּראָווינץ די אַרבעט פֿאַרן קרן קימת און אַז די הויפּטשטאָט זאָל האָבן אַן אָפֿטערן קאָנטאַקט מיט דער פּראָווינץ דורך אַן אָפֿטער קאָרעספּאָנדענץ. איך וועל דאָ אויך ברענגען אַ קורצע ציטאַט פֿון דער רעזאָלוציע וועגן באַצי־אונגען כלפּי חוץ. אין דער רעזאָלוציע ווערט געזאָגט צווישן אַנ־דערן:

„מיר סאָלידאַריזירן זיך מיט דער אַרבעט פֿון אַלוועלטלעכן ציו־ניסטישן קאָנגרעס און מיר וועלן זיך קיינמאָל נישט אָפּזאָגן פֿון אונדזער הויפּט־ציל, וואָס איז אַ אידישע מלוכה אין ארץ ישראל אויף ביידע זײַטן פֿון ירדן. דאָך, אונטער די אומגינסטיקע אומ־שטענדן פֿון מאָמענט, נעמען מיר אָן די באַשלוסן פֿון דער מערהייט דעלעגאַטן צום ציוניסטישן וועלט־קאָנגרעס, וואָס האָבן באַפֿולמעכ־טיקט דעם ד"ר חיים ווייצמאַן צו אונטערהאַנדלען מיט דער ענג־לישער רעגירונג וועגן שאַפֿן אין ארץ ישראל אַ אידישע מדינה אין די ראַמען פֿון צעטיילונג".

עס איז אויך אָנגענומען געוואָרן אַ פּראָטעסט־רעזאָלוציע קעגן דער ענגלישער מאַנדאַט־מאַכט אין ארץ ישראל פֿאַר איר נאַכלע־סיקער האַנדלונג קעגן די אַראַבישע טעראָריסטן, וואָס האָבן שוין

פיל אומשולדיק אידיש בלוט פאַרגאסן און זייער שווערע קרבנות פאַר אורזאַכט דעם אידישן ישוב.

וועגן אינערלעכע פּראָבלעמען פון אידישן ישוב אין מעקסיקע איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע צו קעמפן אין דער פּרעסע קעגן דעם ווילדן אַנטיסעמיטיזם וואָס איז דאָן פאַרשפּרייט געוואָרן אין לאַנד. די אַנדערע רעזאָלוציעס זיינען געווען: וועגן אָרגאַניזירן אַ קאַמפּיין פון הונדערט טויזנט פּעזעס פאַר ארץ ישראל, וועגן פאַר־קויפן קומענדיקן יאָר צוויי טויזנט שקלים, כדי צו קענען שיקן אַ דעלעגאַט פון מעקסיקע צו דעם ציוניסטישן קאָנגרעס, וועגן גרינדן אַן העברעאישע שולע אין מעקסיקע און אידישע שולעס אויף דער פּראָווינץ, וועגן מתחיב זיין אַלע חברים, אַז זיי זאָלן לערנען אי־דישע געשיכטע מיט זייערע עלטערע קינדער און רעדן אידיש מיט די קלענערע. צום סוף איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ ציוניסטישער חברים־געריכט.

איך בין אָפּגעפאָרן צוריק קיין מאָנטעריי פירנדיק מיט זיך אַ וואַרעמע אנערקענונג פון צוזאַמענפאָר פאַר אונדזער ישוב. עס איז אַנערקענט געוואָרן, אַז די נאַציאָנאַל־ציוניסטישע אַרבעט איז ביי אונדז אַוועקגעשטעלט אויף געזונטע יסודות. די אַרבעט פאַר קרן קימת ווערט דאָך ביי אונדז רעגולער געפירט און אַ אידישע שולע האָבן מיר דאָך שוין אויך, מיט אַלע אידישע הצטרכותן טאַקע כמעט ווי אין דער שטאָט מעקסיקע.

איך האָב איבערגעגעבן אַ גענויען באַריכט פון מיין שליחות אין מאָנטעריי און דערציילט גענוי וועגן דער קאָנפערענץ אין מעק־סיקע. די פאַרזאַמלונג פאַרן צוועק פון מיין באַריכט אין פאָרגעקו־מען דינסטיק, דעם 8־טן מערץ 1938.




מאיר ראַפּאָפּאָרט אַלס דעלעגאַט פון מאָנטעריי צום ערשטן ציוניסטישן לאַנדס צוזאַמענפאָר אין מעקסיקע 28 פעברואַר 1938 — מעקסיקע, ד. פ.

# די גרינדונג פון אַ ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין מאָנטעריי

מיר האָבן געהאַלטן, אַז מען דאַרף שמידן דעם אייזן כל זמן ער איז נאָך הייס און אַזוי ווי אַלע זיינען געווען צופרידן מיט די רעזולטאַטן פון דעם ציוניסטישן לאַנד־צוזאַמענפאַר אין דער הויפּט־שטאָט, האָבן מיר געהאַלטן, אַז איצט איז דער ריכטיקער מאָמענט צו גרינדן אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין מאָנטעריי.

מיר האָבן צוערשט אָרגאַניזירט אַן איניציאַטיוו־גרופּע פון די פאָלגענדע חברים: מאיר ראַפּאָפּאָרט, נחום ווענגראָווסקי, יהודה זאַסלאַוו, אהרן לעווינזאָן, זשעניע לאַשאַק און שרה ראדזי. אָבער סקעפּטיקער האָבן צו אונדז געזאָגט „כאַפּט נישט קיין הייסע לאָקשן" און דער ענטוזיאַזם האָט זיך געמוזט אַביסל אָפּקילן.

ערשט דאַנערשטיק, דעם 2־טן נאָוועמבער 1939, האָט די איני־ציאַטיוו־גרופּע צוזאַמען מיט נאָך פיל סימפּאַטיקער פון ציוניזם, גע־גרינדעט אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין מאָנטעריי אויף דער באַ־זע פון באַזעלער פּראָגראַם לויט יעדענס איבערצייגונגען. עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיטעט פון די פאָלגענדע חברים: פאָר־זיצער — מאיר ראַפּאָפּאָרט, סעקרעטאַר — נחום ווענגראָווסקי, קאַ־סירער — יהודה זאַסלאַוו. די וואַקאַנצן פון קאָמיטעט זיינען געווען

מ א י ר   ר אַ פּ אָ פּ אָ ר ט

אהרן לעווינסאָן, זשעניע לאַשאק, חוה וויניעצקי, שרה ראַדזי, דינאַ פרידשטאַט, פרוי קריגער און רייכל פּאָליאַנסקי. מיר האָבן באַשלאָסן צו דורכפירן די הרקה פאַרן קרן קימת און ענדע מאָנאַט צו אָרגאַניזירן אַ קעסטל־אָוונט. דערווייל איז אויסגעקומען, אַז איך אַליין האָב געמאַכט די הרקה און געזאַמלט 126 פּעזעס. איך האָב געהאַט די האָפנונג, אַז מיטן קעסטל־אָוונט וועט זיך די אָרגאַניזאַציע אונדזערע קענען פאַרשטאַרקן.

# די ימים נוראים פון ת״ש אין מאָנטערייי

אין זייער א נידערשלאָגענער שטימונג האָבן מיר זיך גענומען גרייטן צו די ימים נוראים פון ת״ש. מיר האָבן געוואוסט, אַז אין יענע טעג האָבן זיך געגאָסן ממש טייכן בלוט פון אונדזערע ברי־דער און שוועסטער אין אייראָפּע, וואָס ווערט פאַרגאָסן דורך די דייטשע רשעים. צעווייטאָגטע האָבן מיר זיך גענומען גרייטן צו דעם מנין אין קלוב.

ראש השנה זיינען געקומען צו אונדז אין מנין פון קלוב 13 דייטש־אידישע קאָלאָניסטן וואָס א רייכע דייטש־אידישע פרוי האָט איינגעאָרדנט אין דער קאָלאָניע סאַן גרעגאָריאָ, אויפן וועג קיין סאַלטיאָ. צוזאַמען זיינען זיי געווען אין דער קאָלאָניע 16 מענער און 2 פרויען. זיי האָבן געהאַט אַן אייגענעם שוחט. נאָכפרעגנדיק זיך וועגן זייער צושטאַנד האָט מען אייגגעזען, אַז מאָנטערייער אידן דאַרפן זיי אַרויסהעלפן ביז זיי וועלן האָבן דעם ערשטן שניט פון זייער תבואה וואָס זיי האָבן פאַרזייט. מיר האָבן פאַר זיי געקויפט פיר מויל־אייזלען. בנימין אָסטראָוויאַק האָט זיי געשענקט אַן אויטאָ און אַן אייזערנע פאַס וואָס זיי האָבן געהאַט נייטיק. מען האָט זיי איבערגעגעבן 565 פּעזעס און 25 דאָלער וואָס מען האָט פאַר זיי געזאַמלט און מען האָט באַפולמעכטיקט דעם הער דוד באַרמאַק, אַז ער זאָל צופאָרן אין דער קאָלאָניע און זען וואָס דאָרט איז נאָך נייטיק.

און אַזוי ווי אויף דער וועלט איז געווען אַ געדיכטע פינצטער־ניש אין יענע ימים נוראים, אַזוי איז אויך אין מאַנטעריי נישט דורך דער יום־טוב אָן אַ טרויעריקער פּאַסירונג. האָט פּאַסירט, אַז אונדזער שוחט, רב יעקב פּאָסטיק, איז געפאַלן און זיך איינגעשניטן שטאַרק די האַנט, ווען ער איז געגאַנגען אויסטריקענען דעם חלף נאָכן קוילענען אַ בהמה. ער האָט זיך אויסגעגליטשט, צעקלאַפּט שטאַרק דעם שטערן און איינגעשניטן טיף די האַנט. מען האָט אַרויסגערופן צוויי דאָקטוירים צו אים און מען האָט אים פאַרניייט די וואונד. ער איז געווען אָפּגעגאַנגען מיט פיל בלוט. פון דעם גראָבן פינגער האָט מען אים אינגאַנצן אָפּגעשניטן די הויט. ער האָט שוין נישט געקענט שעכטן קיין עופות אויף יום טוב. אונדזער איינציקע האָפענונג איז געווען דער שוחט רב שמשון מאַרקעוויטש, אָבער ער איז אַוועקגעפאָרן קיין לאַרעדאָ צו שטעלן אַ מצבה אויפן קבר פון זיין יונג־פאַרשטאָרבענער טאָכטער. זי איז אין ערשטן יאָר נאָך איר חתונה טראַגיש געשטאָרבן. אָבער ערב יום טוב איז ער געקומען צוריק און אַלעמען געשאָכטן די עופות. פיל מענטשן האָבן געוויינט קוקנדיק אויף דעם פאָטער וואָס האָט דורכגעמאַכט אַזאַ טראַגעדיע און מיט פאַרקלעמטע הערצער איז מען געגאַנגען אַהיים צוגרייטן אַלץ אויף יום טוב. אַ סך מענטשן האָבן דאַן געהאַט גענוג צרות פון זיך, פון אייגענע און פון קרובים, אָבער מען האָט געמוזט זיך טרייסטן און נעמען די זאַכן ווי זיי קומען. קיין דערקלערונג צו דער לאַגע וועט מען דאָך אַזוי לייכט נישט געפינען.

אַזוי ווי דער געזונט־צושטאַנד פון שוחט רב יעקב פּאָסטיק האָט זיך פאַרבעסערט, האָבן מיר גענומען גרייטן ביי אים די סוכה, אַזוי ווי אין די פאָריקע יאָרן. אַ שיינעם אתרוג האָבן מיר אויך געהאַט און מיר האָבן זיך פריילעך געמאַכט אין דעם יום טוב. אָבער יע דעם מאָל ווען מיר פלעגן אַ קוק טאָן אין דער צייטונג, פלעגט דאָס

האַרץ ווערן ווי אָפּגעשטאָרבן. מיר פלעגן לייענען, אַז די נאַציס פלעגן צעשיסן יעדן טאָג טויזנטער אידן, מיט זייערע פרויען און קינדער, ווי אַזוי די דייטשע אַעראָפּלאַנען לאָזן זיך אַראָפּ זייער ני־דעריק, כדי צו טויטן די אידישע פּליטים וואָס לופן איבער די פעל־דער. טייכן בלוט שווענבן פאַר אונדזערע אויגן און די לעצטע טויט־געשרייען פון די אומגליקלעכע אידישע קרבנות פאַרטויבן אונדז די אויערן. טאָ ווי קען שוין זיין באמת יום טובדיק און פריילעך? דער געדאַנק וועגן די שלאַכטפעלדער אויף דער פוילישער ערד שווי־דערן אויף אונדזער קערפּער.

# איך בייט איבער מיין וואוין אָרט

יעדע זאַך האָט זיך איר צייט. און יעדער מענטש איז אויף אַ געוויסן פּלאַץ אויך ביז אַ געוויסער צייט. עס קומט אַ מאָמענט און דעם מענטשן איז באַשערט צו איבערוואַנדערן אויף אַ צווייטן אָרט און דאָס פּאַסירט גאָר צופעליק. ביי מיר האָט דאָס פּאַסירט אין שייכות מיט אַ באַזוך וואָס חבר יוסף טכאָרניצקי האָט געמאַכט אין מאָנטעריי.

ער איז געקומען, אגב, כדי צו פאַרקויפן ביי אונדז אין שטאָט אַ ציוניסטישן בוך אין שפּאַניש וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזט. באַקומענדיק פון טכאָרניצקין אַ בריוו, אַז ער וויל קומען קיין מאָנטעריי, איז מיר אַביסל פריילעכער געוואָרן, ווייל דאָס אידיש-געזעלשאַפטלעכע לעבן אין מאָנטעריי איז אין יענער צייט געוואָרן שטאַרק מאָנאָטאָן און צוגעגעסן. איך האָב געהאָפט, אַז טכאָרניצקי מיט זיין לעבעדיק וואָרט וועגן ישראל, וועט אויך ביי אונדז שאַפן מער געזעלשאַפטלעכע אויפלעבונג. איך האָב זיך גלייך געווענדעט מיט אַ ביטע צו דער פאַרוואַלטונג פון קלוב, אַז מען זאָל דערלויבן צו נוצן דעם לאָקאַל און דער רעפעראַט איז באַשטימט געוואָרן אויף דעם 26-טן אָקטאָבער 1939.

מיין געוויינלעכע אַרבעט צו שרייבן די איינלאַדונגען און צו וויסן געבן די מענטשן וועגן דעם רעפעראַט איז דאָסמאָל צוגעגאַנ-

גען פריילעכער ווי געוויינלעך און נאָרמאַל. טאַקע דער גאַנצער ישוב איז געקומען צו דעם רעפעראַט און יוסף טכאָרניצקי האָט געשילדערט די קאָלאָסאַלע אַרבעט וואָס דאַרף און מוז געטאָן ווערן פאַר ארץ ישראל. דער עולם איז געווען זייער דאַנקבאַר און מען האָט טכאָרניצקין באַלוינט מיט פיל אַפּלאָדיסמענטן.

פרייטיק בין איך געגאַנגען מיט אים צו העלפן אים פאַרקויפן זיין שפּאַנישן בוך. פרייטיק צו נאַכטס האָט דער גאַסט ווידער געהאַלטן זייער אַ שיינעם רעפעראַט אין אונדזער יוגנט-קלוב און ער האָט דער מאָנטערייער אידישער יוגנט געגעבן ביישפּילן פון זיין אייגענעם יוגנטלעכן לעבן. ער האָט דערציילט ווי אין דער אַלטער היים איז אים אויסגעקומען צו קעמפן מיט רעליגיעזע עלטערן, וואָס זיינען געווען קעגן דעם ציוניזם און ער האָט אונטערגעשטראָכן דעריבער אַז דאָ, אין דער נייער היים, האָבנדיק די צושטימונג פון די עלטערן, דאַרף דער ענין זיין לייכט פאַר דער יוגנט. ער האָט פאַרזיכערט, אַז דאָ קען די יוגנט זייער פיל אויפטאָן פאַר ארץ ישראל און טאַקע אַליין אויך עולה זיין קיין ארץ ישראל. אויך די יוגנטלעכע זיינען געווען באַגייסטערט פון דעם רעפעראַט.

מאָנטיק, דעם 30-טן אָקטאָבער 1939, האָט יוסף טכאָרניצקי געהאַלטן אַ געזעגענונג-רעפעראַט אין מאָנטעריי. נאָכדעם האָבן מיר געמאַכט פאַר אים אַ באַנקעט און פריילעך פאַרבראַכט מיט דעם חשובן גאַסט. טכאָרניצקי האָט פיל מער געגעבן צו מאָנטעריי ווי פון דעם וואָס ער האָט דאָ געקריגן, ווייל ער האָט זיך באַגנוגנט בלויז מיט אַ דאַנק...

ביים געזעגענען זיך מיט מיר האָט מיר טכאָרניצקי פאַרגעלייגט, אַז איך זאָל קומען צו פאָרן קיין מעקסיקע און איבערנעמען די אַד-מיניסטראַטיווע אָנפירונג פון זשורנאַל „אידישע טריבונע”. נישט

איבערקלערנדיק קיין סך האָב איך באַלד איינגעשטימט און איך האָב זיך גענומען גרייטן צו מיין אַרויספאָר קיין מעקסיקע.

איך האָב געמאַכט אַ באַזוך אין דער אידישער שולע. די קינדער האָבן פּונקט געלייענט דעמאָלט דאָס מעשהלה פון שלום עליכם „שמואליק, דער יתום" און זיי האָבן געפרעגט ביי דעם לערער יוסף וויניעצקי וועגן אייניקע ספּעציפישע זאַכן פון אידישן לעבן אין דער אַלטער היים. איך האָב זיך האַרציק געזעגנט מיט די קינדערלעך פון דער שולע. און נאָכדעם פּשוט זיך אויך געזעגנט מיט דער שיינע נאַטור פון מאָנטעריי. אויף דעם קעסטל-אָוונט, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן דורך דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון מאָנטעריי, האָב איך זיך געזעגנט מיט דעם גאַנצן ישוב.

דעם 20-טן נאָוועמבער 1939 בין איך אָנגעקומען קיין מעקסיקע און בין אָנגענומען געוואָרן אַלס לערער אין דער תלמוד תורה „יבנה" ביי דער קהלה „נדחי ישראל".

# איך זענען זיך מיט דעם קלימאַט און שיינקייט פון מאָנטעריי

דער קלימאַט אין מאָנטעריי לאָזט זיך אָפּטער באַווירקן פון דעם קלימאַט אין די צפונדיקע פּאַרייניקטע שטאַטן. זומער אין די גרויסע היצן, ווען אין מאָנטעריי איז אין די לייכטסטע קליידער שווער צו גיין אין גאַס, דויערט נישט די היץ צו לאַנג. עס קומט נאָר אָן אַ גרויסער שטורעם פון צפון און עס הייבט גלייך אָן אין מאָנטעריי צו בלאָזן און רעגענען. אַזוי אויך זיינען די ווינטערן אין מאָנטעריי נאָר פאַרשידן. אין יאַנואַר 1925 האָט אין מאָנטעריי פּשוט געשנייט און דאָס וואַסער אין די גאַסן איז געווען פאַרצויג מיט אַ דעק פון אייז און אַן אַנדער יאָר, אויך אין חודש יאַנואַר, איז געווען אין שטאָט אַזוי היים, אַז קומענדיק פון גאַס איז געווען נייטיק צו נעמען אַ שפּריץ-באָד.

גראַד ווען איך האָב זיך געגרייט צו אָפּפאָרן פון מאָנטעריי זיינען געווען 2 וואָכן זייער שיינע טעג און איך בין אַריבער אויף יענעם זייט טייך, וואָס טיילט איבער די שטאָט אויף צוויי חלקים. זומער איז דער טייך אינגאַנצן אויסגעטריקנט, אָבער האַרבסט-צייט ווערט ער פול פון דעם רעגן-וואַסער וואָס קומט פון די בערג. דאָרט וואוינט אַמערסטן די אָרעמע באַפעלקערונג פון שטאָט. די גאַסן

האָבן דאָרט געמען פון באַקאַנטע רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַליס־טישע פירער, ווי אויך נעמען פון נאַציאָנאַלע פרייהייט־טעג פון מעקסיקע, ווי 5־טער פעברואַר, 2־טער אַפּריל, 16־טער סעפּטעמבער, ליבערטאַד (פרייהייט) א.א.וו. דאָרט זיינען אויך נאָנט די בערג. אין מיין פרייער צייט פלעג איך גיין אַהינצו און זיך דערפרישן מיט דער געשמאַקער באַרג־לופט און מיט די שמעקעדיקע באַרג־בלימע־לעך. דאָרט קען מען באַרואיקן די נערוון וואָס זיינען אָנגעצויגן. דאָרטן האָב איך אויך די געפילן אין ערשטן בלאַט פון מיין טאָג־בוך פאַרצייכנט. איך וועל דאָ, ביים געזעגענען זיך פון מאָנטעריי, זיי איבערגעבן אין קורצן. איך גיי דורך אַ שולע. די קינדערלעך זינ־גען צוזאַמען מיט דעם לערער דאָס פּאָפּולערע ליד „גאָלאָנדרינאַס". (שוועלבעלעך):

„יונגע קינדערשע שטימעלעך
קלינגען מעלאָדיש־דין,
ווי פון פידל סטרונעלעך,
מיט אַ קוויטשעקל אין טאָן.

און צו זיי צייט דיך
און איך קוק זיך אום,
די קינדערלעך איך זוך
און הער נאָר זייער שטים.

אַוועקגעפלויגן שוועלבעלעך,
חלומות אויך מיט זיי,
ווילן יונגע קינדערלעך
מיטפליען מיט זיי.

**יאָ, וואָס שנעלער פליען,**
**איר קענט זיך דערהויבן,**
**די גוטע צוקונפט בליען**
**פון אייך קען זיך אָנהייבן.**

מ א י ר ר אַ פּ אָ פּ אָ ר ט

איך דערמאָן זיך אָן מײַן אַלטער הײם. דאָרט איז איצט שנײ און פראָסט. דאָס רופט אַרױס בײַ מיר אַן אַנדער שטימונג:

איך מינוטן, שװערע, אײנזאַמע,
דאָס האַרץ געװען פאַרקלעמט,
זיסע קלאַנגען נאָנטע
מיר די אַלטע הײם דערמאָנט.

הערסט זיך צו צו זײ,
װי זײ רופן דאָרט פון װײטן,
פאַרדעקט זײנען זײ מיט שנײ,
דאָך מיט אַ פילנדן האַרצן!

קעלט קען אויך זײן שײן,
העלע װײסקײט עס לײכט
און באַגאָסן שטײט מיט חן
דאָס װײסע שטיבעלע אין לבנה נאַכט

און אַ פײערל עס שײנט
פונעם פענצטערל דעם קלײנעם,
פרײלעכער װעט שוין זײן דער הײנט,
נישט פאַרשקלאַפט שוין זײן בײ קײנעם.

זײ געגרוסט מײן אַלטע הײם,
איז דאָס לעבן שוין איצט פרײער?
דער איד זאָל דאָרט נישט אונטערגײן,
דײן אָנדענק איז מיר טײער.

מעקסיקאַנער אידן צווישן בערג

דער טאָג רוקט זיך פּאַמעלעך אַוועק און לעבן די בערג, צו מערב צו, מיט פּראַכט און גלאַנץ פאַרמירט זיך אַ זון-אונטערגאַנג:

זיך קושנדיק מיט הימל־ראַנדן,
זון אין גאָלד זיך צעגאָסן
און באַגילדעטע ווייסע וואָלקנס,
צום הימל סטעליע שאַפט געזימסן.

אויסגעשפּרייט ווי אַ ליילעך
איז אַ וואָלקן ווייסער,
ער ווערט אין גאָלד פּאַמעלעך
פאַרוואַנדלט גרעסער, גרעסער.

און אַ טייך פון גלאַנציקן גאָלד,
דאָס אויג פון שיינקייט קען נישט אָנזעטן,
שיינט, פאַרגרעסערט זיך ביים ראַנד,
אין הימל בלויקייט שפּיגלט דאָרטן.

און אַ וואָלקן שוואַרצער
וואָס פון ווינט געטריבן,
מיט טונקל כוואַליעס דעקט ער
די גאָלד גלאַנצנדיקע ברעגן.

מ א י ר  ר אַ פּ אָ פּ אָ ר ט

און באַלד שוואַרצע שמאָלע פּאַסן
צעטיילט דעם טייך אויף שטיקער
און גאָלדענע טייכלעך פליסן
צום גרויסן טייך, אין צענטער.

גאָלדענער טייך ווערט לאַנגזאַם גרוי,
די זון פון אים זיך אָפּגעקערט,
קוקט אויס הימל ריין און בלוי,
מיט קליינע שטערנדלעך באַדעקט.

לבנה ווייס אויסגעשטערבט,
אין הימל שטייט פאַרטראַכט,
אונטען, ריטשקעלע זשורזשעט
ווינטשנדיק אַ גוטע נאַכט.

און פון ווייטן דער באַרג וועג
קוקט אויס אַ ליימיקער, אַ גרויער,
אַ פאַרשפּעטיקטער דאָרט גייט,
באַדעקנדיק זיך מיט לופט, בלויער.

איך בין פון מאָנטעריי אַרויס
אויפן אידישן וועג דעם ברייטן,
מיט פעסטן ווילן גיין פאָרויס,
ליכט וואָס מערער צו פאַרשפּרייטן.

# דער צושטאַנד פון דער אידישער שולע נאָך מיין אָפּפאָר פון מאָנטעריי

נאָך מיין אָפּפאָר פון מאָנטעריי איז דער פּעדאַגאָגישער ראַט פון דער אידישער שולע געווען צוזאַמענגעשטעלט פון די פאָלגענדע פּערזאָנען: די לערערין שושנה קליף און לייבל בערקמאַן. יוסף וויניעצקי איז געווען ווידער דער לערער פון דער שולע. אָנהייב יאָר 1940 איז ער אָפּגעפאָרן קיין מעקסיקע און די אַרבעט אין דער שולע האָט ווידער איבערגענומען די לערערין שושנה קליף. עס האָט זיך אָרגאַניזירט אין מאָנטעריי אַ מוטער־קאָמיטעט, וואָס זיין ציל איז געווען צו אַרויסהעלפן פינאַנציעל דער שולע, קויפן ביכער און שפּילצייג פאַר די קינדער. דער מוטער־קאָמיטעט פלעגט פאַרקויפן בילעטן צו די שול־אונטערנעמונגען און פאַרוויילונגען, ער פלעגט איינאָרדענען די בופעטן, וואָס פלעגן אַריינברענגען אַ גרויסע הכנסה. אין פאַרשידענע צייטן האָבן געאַרבעט אין מוטער־קאָמיטעט די פאָלגענדע פרויען: דיאַנאַ פרידשטאַט, רבקה ראָמבערג, רבקה קליימאַן, איידל זאַסלאַוו, מרים בערדאָווסקי, חנה ראָזענפעלד, בערטאַ קאָרענשטיין, עטל בערדאָווסקי, סימאַ אָסטראָוויאַק און לייקע סאַנדלער, היינט צו טאָג אַרבעטן שוין אויך אין מוטער־קאָמיטעט די געוועזענע שילערינס פון דער אידישער שולע אין מאָנטעריי,

וואָס האָבן שוין איצט זייערע אייגענע קינדערלעך אין קינדער־גאָרטן און אין דער שולע. כמעט אַלע הונדערט פּראָצענט פון די אידישע קינדער אין מאָנטעריי גייען אין דער אידישער שולע. זעלטן ווען ווערט אַ קינד אַריינגעגעבן אין אַן אַנדער שולע.

פּסח 1940 איז די לערערין שושנה מיט די עלטערע קינדער אַוועקגעפאָרן קיין טאָררעאָן, כדי צו סטימולירן די דאָרטיקע אידי־שע קינדער, אַז זיי זאָלן זיך אויך לערנען אידיש. זיי האָבן דאָרט צוזאַמען מיט די דאָרטיקע קינדער געפּראַוועט אַ שיינעם סדר און געזונגען פיינע אידישע לידער און די ניגונים פון דער הגדה. אויך וויפל די ווירקונג פון דער אידישער שולע האָט געשטאַרקט דעם נאַציאָנאַלן געפיל ביי דער אידישער יוגנט אין מאָנטעריי איז צו זען פון דעם פאַקט; אַלע זונטיק האָט די לערערין געזונגען מיט די קינ־דער אידישע לידער און געלערנט אידישע געשיכטע. אין מלחמה־צייט האָבן די קינדער איינמאָל אין חודש, אין אַ זונטיק, געבראַכט געלט, וואָס זיי פלעגן אַליין אָפּשפּאָרן פון קינאָ און דאָס שענקען פאַר די מלחמה־געליטענע קינדער. מיט אַ באַזונדערן חשק און ברען צו אידישער געשיכטע האָט זיך אויסגעצייכנט דער 12־יאָריקער שילער בנימין טעמקין. זיין פאָטער ע"ה, טוביה טעמקין, איז געווען מיינער אַ גוטער באַקאַנטער. איך בין געווען פיל מאָל ביי אים אין שטוב און איך האָב געהערט ווי ער פלעגט פיל מאָל פאָדערן פון זיינע קינדער „רעדט אידיש, רעדט אידיש!" ער איז געקומען מיט זיינע קינדער פון אַ קליין שטעטל ראָסיטאַ, וואָס דאָרט איז בכלל נישט געווען קיין שום אידיש לעבן. דער קליינער בנימין האָט גע־לערנט אַנדערהאַלבן יאָר צייט אין דער מאָנטערייער שולע און איז דערנאָך אַריין לערנען אין אַ רעגירונג מיטלשולע, אָבער פאַר אים איז געווען ווייניק די לערע פון געשיכטע אין דער שולע און ער פלעגט גיין צו דער לערערין אַחיים און וואו נאָר ער פלעגט זי

טרעפן, פלעגט ער מיט איר שמועסן וועגן אידישער געשיכטע. איינ־מאָל, ווען ער איז געווען אין דער מיטלשולע און דער מעקסיקאַנער לערער האָט אויף אַ לעקציע פון געשיכטע געזאָגט, אַז די אידן זייַנען פון אייביק אָן פּראָצענטניקעס... האָט דאָס זייער שטאַרק אַ ברען געטאָן דעם אידישן שילער און מיט כעס האָט ער אויסגעשריען צו דעם לערער:

— דאָס איז אַ ליגן, — און צו די קינדער האָט ער דערקלערט
— עס איז געווען אַ צייט, ווען מען האָט די אידן נישט צוגעלאָזט צו קיין מלאכות און די קריסטן האָבן געהאַלטן דעם מסחר פון געבן געלט אויף פּראָצענט פאַר דער נידעריקסטער באַשעפטיקונג, האָבן זיי עס ספּעציעל אָנגעוואָרפן דעם אידן.

— פונוואַנען ווייסטו דאָס אַזוי גוט — האָט בנימינען געפרעגט דער מעקסיקאַנער לערער.

— ווייל איך בין אַ איד, האָט ער געענטפערט מוטיק־און איך האָב דאָס געלערנט פון דער אידישער געשיכטע.

— אויב אַזוי — האָט דער לערער געזאָגט — וועסטו שוין פאַר־לאָזן די שולע און מען וועט דיר אויסשליסן.

אין קיין אַנדער שולע האָט בנימין טעמקין נישט געקענט גיין, דעריבער האָט די לערערין שושנה קליפּ אויפגעקלערט די זאַך פאַר דעם שול־אינספּעקטאָר און ער האָט געזאָגט צו איר, אַז אויב די אידן ווילן, אַז די מעקסיקאַנער לערער זאָלן לערנען ריכטיק די אי־דישע געשיכטע מיט די אידישע קינדער, איז נייטיק, אַז מען זאָל זיי באַזאָרגן מיט ריכטיקע היסטאָרישע ביכער, וואו עס ווערן גע־בראַכט אמתע פאַקטן פון אידישן לעבן. אַזוי אַרום וועלן די מעק־סיקאַנער לערער נישט דאַרפן שעפּן זייערע ידיעות וועגן אידן פון אַנטיסעמיטישע קוועלן.

פון דעם פאַקט קען מען טאַקע זען וואָס פאַרא גוצלעכע אַר־בעט עס האָט געטאָן דער יונג־פאַרשטאָרבענער רעדאַקטאָר פון „וועג", משה ראָזענבערג ע"ה, וואָס האָט אַרויסגעגעבן גרעצס אי־דישע געשיכטע אין שפּאַניש, אונטער דער רעדאַקציע און איבער־זעצונג פון סאַלאָמאָן קאהאן.

דער אינספּעקטאָר האָט געווירקט אויפן לערער און ער האָט דערקלערט אין קלאַס, אַז דאָס איז געווען אַ טעות און האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר דעם שילער בנימין טעמקין. אויף אַזוי ווייט איז געווען די ווירקונג פון דער אידישער שולע אין מאָנטעריי.

ענדיקנדיק די שולע האָבן די תלמידים זיך אַליין אָרגאַניזירט אין יוגנטלעכע פאַראיינען, נאַציאָנאַל־אידישע, לטובת ארץ ישראל, אָבער אומפּאַרטייאישע. זיי האָבן זייער פאַריין אַ נאָמען געגעבן „אחים". עס זיינען געקומען פאַרשידענע פּאַרטיי־שליחים צו אָרגאַ־ניזירן אין מאָנטעריי ציוניסטיש־פּאַרטייאישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. אַזוי איז געקומען אַ שליח פון „השומר הצעיר", אַ שליח פון „נוער המזרחי", אָבער פון די איניציאַטיוון איז גאָרנישט געוואָרן און דער פאַריין „אחים" עקזיסטירט נאָך ביז צום היינטיקן טאָג.

די לערערין שושנה האָט געלערנט אין דער מאָנטערייער אי־דישער שולע ביזן יאָר 1942. אין חודש דעצעמבער 1942 איז געקו־מען פון קובאַ די לערערין אידאַ כהן און געלערנט אין דער שולע ביז 1947. נאָכדעם האָט דער לערער מרדכי כ"ץ געלערנט צוויי יאָר צייט אין דער שולע. נאָכדעם האָט געלערנט אין דער שולע הע־קרוסקאַל צוויי יאָר צייט. שפּעטער איז געקומען אַ לערער פון די פאַראייניקטע שטאַטן, יעקב לעוויטש, מיט וועמען איך האָב זיך דאָרט באַגעגנט בעת דעם חנוכה הבית פון די דריי נייע בנינים וואָס די אידן פון מאָנטעריי האָבן אויסגעבויט. אויך לעוויטש האָט געלערנט צוויי יאָר צייט אין דער אידישער שולע פון מאָנטעריי. נאָך זיין

אוועקפאָרן איז די שולע געבליבן אָן אַ לערער, אָבער די פרוי שרה ראדזשי, וואָס פלעגט אַרויסהעלפן לעווימשן אין דער שולע, האָט צוזאַמען מיטן שוחט, רב משה קיימאַן, אָנגעפירט מיט די לימודים אין דער שולע. צום נייעז לערן־יאָר 1956 האָט די מאָנטערייער אי־דישע שולע אָן אייגענע לערערין, וועלכע איז אַליין געווען אַ שי־לערין פון דער זעלבער שולע. דאָס איז די פריילין חנה ראדזשי, וואָס האָט געענדיקט דעם אידישן לערער־סעמינאַר אין מעקסיקע און דער־נאָך זיך פאַרפולקאָממט אין פעדאַגאָגיק אין מדינת ישראל. איצט פירט זי שוין אָן אַליין אַלס פּראַקטיצירנדע לערערין מיט דער אי־דישער שולע אין מאָנטעריי. אַזוי איז די נייע לערערין חנה ראדזי „תוצרת מאָנטעריי״, אַ פּראָדוקט פון דער אידישער שולע אין מאָנ־טעריי.

# איך בין שריפטלעך ווייטער פאַרבונדן מיט מאָנטערײ

זייענדיק שוין אין מעקסיקע פלעג איך אָפּט באַקומען בריוו פון מאָנטערײ. מען האָט מיר געשריבן וועגן דעם צושטאַנד פון דער שולע, וועגן דער אַרבעט פאַרן קרן קימת. איך פלעג אויך אָפּטער אָפּ נעמען גרוסן פון אידן וואָס פלעגן קומען קויפן סחורה אין מעקסיקע. עס האָט מיר אָבער געצויגן קיין מאָנטערײ וואו איך האָב פאַרבראַכט 14 יאָר פון מיינע קרעפטיקע און יוגנטלעכע יאָרן און געגנוג זיך אָנגעמאַטערט.

אין יאַנואַר 1942 בין איך געפאָרן קיין מאָנטערײ אויף אַ וויזיט. די לערערין שושנה איז גראַד דאַן געווען אויף אַ באַזוך אין מעקסיקע. אָבער זונטיק 10 אַזייגער האָבן זיך אַלע תלמידים פאַרזאַמלט אין „קלוב”. איך האָב מיט זיי גערעדט אין אידיש און זיי דערציילט מעשהלעך פון חומש. זיי האָבן מיר אויף אַלע מיינע פראַגן געענטפערט אין אַ גוטן אידיש. עס איז געווען קענטיק די גוטע אידישע דערציאונג וואָס זיי האָבן געקריגן. וועגן דער אידישער ווירקונג אויף די קינדער האָב איך דאָ געשריבן אין אַ באַזונדערן אַרטיקל, לויט די ידיעות וואָס איך האָב באַקומען פון דער לערערין שושנה. עס האָבן אָבער געפעלט אין דער שולע די לימודי קודש, חומש און תפילות.

דעם 8־טן יאנואר 1942 איז לויט מיין איניציאטיוו פארופן גע־ווארן אין קלוב א פארזאמלונג פון די עלטערן. איך האב זיי דער־קלערט, אז דער חינוך אין דער שולע מוז דערגענצט ווערן מיט לימודי קודש, חומש און תפילות. וועגן דעם האבן אויך גערעדט נחום ווענגראווסקי, טישמאן און חיים מאן. עס איז באשלאסן גע־ווארן צו רופן א גרעסערע פארזאמלונג וועגן דעם ענין, כדי צו זען ווי די זאך וואס בעסער צו דורכפירן דער שולע.

# איך גרינד אַ מזרחי־אָרגאַניזאַציע אין מאָנטעריי, בעת מיין צווייטן באַזוך

שוין זייענדיק אין דער הויפּטשטאָט מעקסיקע, האָב איך גע־טאָן אַרבעט פאַרן קרן קימת און איך בין געווען אַ מיטגליד פון דירעקטאָריום פון קק״ל אין יאָר 1941 איז מיר אויסגעקומען צו טאָן אַ זייער אנגענעמע פאַר מיר ציוניסטישע אַרבעט: כ״ג חשון תש״ב איז געקומען קיין מעקסיקע הרב זאב גאָלד, צו אָרגאַניזירן אַ מזרחי־באַוועגונג. אזא באַוועגונג איז געווען נענטער צו מיינע איבערצייגונגען און איך בין געוואָרן פון די ערשטע מיטגלידער פון דער מזרחי־אָרגאַניזאַציע.

מיט דער צייט בין איך געוואָרן סעקרעטאַר און קאַסירער פון דער אָרגאַניזאַציע. שפּעטער האָב איך געשריבן און געטאָן אַרבעט אין רעדאַקציע־קאָלעגיום פון דעם מעקסיקאַנער מזרחי־זשורנאַל „מזרחי־לעבן״. איך האָב אויך אַליין רעדאַקטירט אייניקע נומערן פון דער אויסגאַבע.

צו באַזוכן דעם צווייטן מאָל מאָנטעריי, נאָך מיין אָפּפאָר פון דאָרט, איז מיר אויסגעקומען אין סעפּטעמבער 1947. איך בין צוזאַ־מען מיט הרב אליעזר אייכענשטיין און אַלס סעקרעטאַר פון „מזרחי״ געקומען קיין מאָנטעריי כדי דאָרט צו דורכפירן אַ מזרחי־קאַמפּיין.

די אידישע שולע איז דעמאָלט געווען צוגעמאַכט. די קינדער זיינען זיך צעפאָרן אויף וואַקאַציעס. מיר איז דאַן אויסגעקומען צו בלייבן אין מאָנטערריי אייניקע טעג און צו באַזוכן נאָך אייניקע פריינט וואָס איך האָב באַדאַרפט ביי זיי נעמען אַ באַשטייערונג פאַר „מזרחי".

גיי איך אַריין צו אַ אידן וואָס איז געשטאַנען אויף מיין צעטל, אין אַ זונטיק, און איך טרעף אים, ביי וואָס מיינט איר? אפשר ביי שפּילן אין קאָרטן, אָדער אַנדערע נאַרישקייטן? חס וחלילה דער איד איז געזעסן און געלערנט מיט זיין קליינעם אינגעלע תפילות אין סידור. און דער איד זאָגט צו מיר.

— פון דעם אידיש וואָס מען לערנט דאָ אין דער אידישער שו־לע בין איך טאַקע צופרידן, אָבער די קינדער קענען נישט דאַוונען. דערפאַר פיל איך זיך פאַרפליכטעט מיט מיין זון צו לערנען דאַוו־נען אין מיין פרייער צייט.

— טאָ וואָס איז געוואָרן פון יענער פאַרזאַמלונג וואָס מען האָט באַשלאָסן צו דורכפירן אין יאָר 1942, ווען איך בין דאָ געווען צום ערשטן מאָל, נאָך מיין באַזעצן זיך אין מעקסיקע, ספּעציעל וועגן ענין פון לערנען מיט די קינדער לימודי קודש.

דערציילט מיר דער איד, אַז פון דעם ענין איז גאָרנישט גע־וואָרן. דאָס איז געבליבן נישט מער ווי אַ גוטער וואונטש.

איך האָב אין יענע טעג מער נישט געקענט פאַרבלייבן אין מאָנטערריי, ווייל איך האָב שוין פאַרשפּעטיקט אייניקע טעג אין דער שולע „יבנה" וואו איך בין געווען אַ לערער. דעריבער האָב איך שוין אין דעם ענין מער נישט געקענט אויפטאָן. דאָך האָט מען מיר נאָכדעם איבערגעגעבן, אַז דער שוחט קיימאַן פלעגט לערנען מיט די קינדער לימודי קודש ביי זיך אין שטוב.

פאַר מיין אַוועקפאָרן פון מאָנטערריי האָב איך דאָרט געגרינדעט אַ „מזרחי"-אָרגאַניזאַציע. דער פּרעזידענט איז געוואָרן הער אריה־

לייב וואָלדענבערג, הער וועלוול לעווינזאָן איז געווען אַ זייער ענער־גישער סעקרעטאַר און דער קאַסירער — הער יחיאל האָלאַנד. די חברים האָבן יאָרן־לאַנג ענערגיש געאַרבעט און געשאַפן געלט פאַרן „מזרחי" ביי די עליות אין שול און אויף שמחות. אַלס פּראָווינציעלע מזרחי־אָרגאַניזאַציע איז איר אַרבעט געווען אַ גאַנץ גרויסער דער־פאָלג.

נאָך פיל נחת האָב איך געהאַט פון מאָנטעריי. איך האָב דאָרטן זיך געהאַט אָנגעזען פאַר מיין צייט מיט אַזוי פיל אידישע ליידן, אַז איך בין געווען זייער צופרידן צו זען ווי דאָס אידישע לעבן האָט פּראָגרעסירט אין דער שטאָט.

# חלומות ווערן פאַרווירקלעכט — דער חנוכת הבית פון אידישן צענטער אין מאָנטעריי

פאַר מיין אַוועקפאָרן פון מאָנטעריי האָב איך געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו זען, אַז אַלץ וואָס איך האָב מיט אַזוי פיל מי אויסגעבויט געפינט זיך אין זיכערע הענט. אין אונדזער טעגלעכער שולע איז שוין אויך געלערנט, געוואָרן שפּאַניש. די שולע האָט געהאַט די זעלבע רעכט פון אַ רעגירונג-שולע. דער לערער יוסף ווינִיעצקי האָט ווידער געלערנט אין דער שולע. די אַרבעט פאַר קרן קימת און די ציוניסטישע טעטיקייט אין מאָנטעריי האָט אָנגעפירט נחום ווענגראָווסקי. כשרות און רעליגיעזע אידישקייט איז געווען גאַראַנטירט פון דער שטוב פון שוחט, ר׳ יעקב פּאָסטיק. דער פּלאַץ וואו מען האָט געטראַכט צו בויען אַ שול צום דאַווענען און אַ געביידע פאַר דער שולע איז פאַרקויפט געוואָרן און עס איז געקויפט געוואָרן אַ פיל גרעסערער און שענערער פּלאַץ אין דער קאָלאָניע „וויסטאַ הערמאָסאַ”, וואו עס האָבן געוואוינט אַ סך אידן. עס איז באַלד אָרגאַניזירט געוואָרן אַ בוי-קאָמיטעט, מיטן הער אברהם מאַרקוסהאַמער אַלס פּרעזידענט. איך האָב שוין דערנאָך געוואוסט, אַז עס וועלן זיך בויען דריי באַזונדערע בנינים: אַ שול צום דאַווענען, אַ געביידע פאַר דער שולע און אַ קלוב-געביידע. איך האָב גוט געוואוסט ווי שווער

עס וועט זיין צו צוגעוואוינען די אידן פון מאָנטעריי צו געבן גרע־סערע געלטער פאַר געזעלשאַפטלעכע צוועקן. דאָך האָט די פריער־דיקע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט צוגעגעבן מוט די עסקנים און דער ענערגישער און אידישקייט־ליבנדער פּרעזידענט פון בוי־קאָמיטעט, הער אברהם מאַרקוסהאַמער, האָט מיר איבערגעגעבן זייער טשע־קאַווע און אינטערעסאַנטע פאַקטן און פּאַסירונגען, וואָס זיינען גע־ווען זייער מערקווירדיק.

ער האָט מיר דערציילט, אַז די אַרבעט פון בוי־קאָמיטעט האָט זיך אַנטוויקלט שטופנווייז. דעם פריער געקויפטן פּלאַץ האָט מען פאַרקויפט, ווייל ער איז געווען צו קליין און מען האָט געקויפט אַ פּלאַץ פון פיר טויזנט 600 מעטער אין דער קאָלאָניע „ווייסטאַ הער־מאָסאַ” וואו די מערהייט פון די מאָנטערייער אידן האָט זיך באַ־זעצט. פאַרן פּלאַץ האָט מען באַצאָלט 125 טויזנט פּעזעס. אַזוי ווי עס איז נישט געווען די גאַנצע סומע צו באַצאָלן האָט מען גערופן אַ פאַרזאַמלונג פון די יונגע בעלי ביתלעך און זיי האָבן זיך באַשטייערט מיט צען פּעזעס יעדער איינער. דאָס איז געווען דער אָנהייב פון דעם קליינעם ביימעלע, וואָס איז נאָכדעם אויסגעוואַקסן אין אַזאַ גרויסן צענטער וואָס האָט די ווערט מער פון אַנדערהאַלבן מיליאָן פּעזעס. ביים לייגן דעם גרונטשטיין איז געזאַמלט געוואָרן 63 טויזנט פּעזעס און נאָכן לייגן דעם גרונטשטיין, האָט דער אידישער אינזשי־ניער געזאָגט צו די אַרבעטער": „איצט איז נישטאָ קיין שטיינדל מאַטעריאַל און נישט קיין געלט מיט וואָס צו קויפן און מען וועט דערווייל מוזן אָפּשטעלן די אַרבעט”.

אָבער הער אברהם מאַרקוסהאַמער האָט דערפון נישט געוואָלט הערן און געדענקען. „ניין — האָט ער קאַטעגאָריש געזאָגט — די אַרבעט זאָל מען נישט אָפּשטעלן אפילו אויף קיין איין מינוט”.

ער איז גלייך אַוועקגעפאָרן קיין טאָררעאָן און געבראַכט פון דאָרט צוואַנציק טויזנט פּעזעס. ביים הער פּאָסטער און זיין זון האָט מען באַקומען אַ נדבה הונדערט טויזנט פּעזעס. אין אַלגעמיינעם קאַמפּיין אין מעקסיקע האָט מען אויסגעליען 50 טויזנט פּעזעס און די קהלה „נדחי ישראל" פון מעקסיקע האָט געשענקט צען טויזנט פּעזעס. די אלמנה פון מאיר באַראָווסקי האָט זיך באַשטייערט מיט דרייסיק טויזנט פּעזעס צו פאַראייביקן דעם נאָמען פון איר מאַן. די פרוי רחל ניומאַן האָט זיך באַשטייערט מיט אַכט טויזנט פּעזעס צו פאַראייביקן דעם נאָמען פון איר מאַן יעקב ניומאַן. מען האָט אַרויסגעלאָזט באָנדס אויף הונדערט טויזנט פּעזעס און די עלטערע תושבים פון מאָנטעריי האָבן זיך ברייטהאַרציק באַשטייערט צו קענען פאַרענדיקן דעם בנין. עס איז אויסגעבויט געוואָרן זייער אַ שיינע שול צום דאַווענען, אַ געביידע פאַר דער אידישער שולע, וואו עס לערנען איצט עטלעכע און זיבעציק קינדער און אַ פּראַכטפולער צענטער מיט אַ טעאַטער-זאַל וואו עס קענען אַריינגיין אַכט הונדערט פּערזאָן, מיט אַ שיינער מאָדערנער בינע, מיט אַ פיינער כשרער קיך, וואו מען קען מאַכן חתונות און שמחות, מיט ספּאָרט-צימערן, ביבליאָטעק-צימערן, מיט אַ גרויסן מאָדערנעם רעסטאָראַן, ביוראָס פאַרן קרן קימת און פאַר אַלע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. און אברהם מאַרקוסהאַמער זאָגט מיר, אַז ביי דער גאַנצער שווערער אַרבעט האָט ער געהאַט מיין הצלחה, ביים אָרגאַניזירן דעם בויקאָמיטעט. ביים אָנפאַנג פון דער אַרבעט זיינען אין קאָמיטעט געווען עטלעכע און צוואַנציק מענטשן, וואָס האָבן אַלע געאַרבעט לטובת דעם בנין און ביים פאַרענדיקן זיינען געבליבן נישט מער ווי זעקס וואָס האָבן געאַרבעט. ער האָט אויך אָרגאַניזירט אַ פרויען-קאָמיטעט און פון זייערע אונטערנעמונגען איז געזאַמלט געוואָרן אַ שיינע סומע געלט לטובת דעם בנין. אין דריי יאָר צייט איז דער

בנין פאַרטיק געוואָרן און אין איין שיינעם טאָג באַקום איך אַן איינלאַדונג צו קומען צו דעם יום טוב פון חנוכת הבית פון די געביידעס, וואָס איז פאָרגעקומען זונטיק, דעם 13־טן דעצעמבער 1953.

מיין פרייד איז געווען ווי פון אַ פאָטער וואָס גרייט זיך צו דער חתונה פון זיין ליבן זון וואָס ווערט שוין אַ זעלבסטשטענדיקער מענטש. נישט קוקנדיק אויף פאַרשידענע שטערונגען בין איך געפאָרן קיין מאָנטעריי אָנצוקוקן ווי דאָס יונגע און קליינע ביימעלע, וואָס איך האָב פאַרפלאַנצט מיט יאָרן צוריק, מיט נאָך עטלעכע אידן, איז אויסגעוואַקסן צו אַ שיינעם געזעלשאַפטלעכן בוים, מיט געזונטע וואָרצלען אין דער אידישער געזעלשאַפט. פיל געלט איז אויסגעגעבן געוואָרן אויף צו אויסבויען די שיינע בנינים.

קומענדיק קיין מאָנטעריי האָב איך זיך איינגעאָרדנט אין אַ צימער ביי מיין געוועזענעם פאַרוואַלטונגס-מיטגליד, הער יוסף ראָזענפעלד. אויף שבת בין איך געווען געלאַדן צוזאַמען מיט דעם חשובן רב, ד"ר יעקב אביגדור, ביי דעם שוחט משה קיימאַן. דאָנערשטיק אין אָוונט בין איך געווען באַטייליקט אויף דער זיצונג פון די פאַראייניקטע פאַרוואַלטונגען צו אויסאַרבעטן די פּראָגראַמען פון דער דערעפענונג פון די בנינים און פון די פאַרוויילונגען. עס האָט זיך געמערקט ביי די נייע פירער פונם אידישן ישוב אין מאָנטעריי דאָס פעלן פון די פריערדיקע שיינע געזעלשאַפטלעכע טראַדיציעס פון די אַלטע געזעלשאַפטלעכע טוערס. עס איז שוין נישטאָ דאָס שיינע הכנסת אורחים-געפיל, אין זין פון פרייען און אומבאַגרענעצטן וואָרט וואָס יעדער גאַסט פלעגט אַמאָל באַקומען, כדי זיין מיינונג צו אַרויסזאָגן, וועגן דעם וואָס עס פעלט אָדער וואָס מען האָט געדאַרפט דערגענצן. מען האָט באַגרענעצט די צייט פון רעדן פאַר די וואָס האָבן געהאַט עפּעס וואָס צו זאָגן, ווייל עס קען נאָך פאַרקלענערן די חשיבות פון די נייע צוגעקומענע טוערס, וואָס זיינען אינגאַנצן

מבטל דאָס אַלץ וואָס מען האָט פריער געטאָן אין ישוב און נעמען דעם גאַנצן קרעדיט אינגאַנצן פאַר זיך. אַזאַ מין מענטשלעכע שוואַכ־קייט האָב איך באַמערקט ביי זיי, אָבער ווי אַ ניי געקומענער מענטש האָב איך דאָס פאַרשוויגן למען השלום פרייטיק צו נאַכט איז דער גאַנצער ישוב געקומען צו אַן עונג שבת וואו דער רב ד"ר יעקב אביגדור שליט"אָ האָט גערעדט פון דער סדרה פון דער וואָך.

זונטיק אינדערפרי האָט זיך שוין אָנגעהייבן די צוגרייטונג צו דעם יום טוב. אין הויז פון הער יוסף בענדעצקי איז געווען אַ מסיבה פון די פאַראייניקטע פאַרוואַלטונגען, צוזאַמען מיט די געסט פון מעק־סיקע, מיטן פרעזידענט פון דער קהלה „נדחי ישראל„, הער שמשון פעלדמאַן, מיטן דיכטער יעקב גלאַנץ, עס זיינען בייגעווען אויך: דער פרעזידענט פון קרן היסוד אין מעקסיקע ירחמיאל ווישניע־וויטש, מיין וויניקייט, דער פאַרשטייער פון אידישן צענטראַל־קאָ־מיטעט, הער א, ז, בערעביטשעז. דער פאָרזיצער פון בוי־קאָמיטעט, אברהם מאַרקוסהאַמער, האָט אַפּעלירט צו אַלעמען, אַז עס זאָל גע־שאַפן ווערן די 175 טויזנט פעזעס וואָס עס פעלט נאָך צו באַצאָלן פאַר דער פאַרענדיקונג פון דער געביידע און מען זאָל נישט דאַרפן אָנקומען צו קיין היפּאָטעק אין באַנק. עס איז געפונען געוואָרן אַן אויסוועג, אַז דאָס געלט זאָל געשאַפן ווערן אָן אַן היפּאָטעק אין באַנק. מען האָט אָנגעהייבן צו פאַרקויפן כיבודים, צו עפענען די טירן פון די פאַרשידענע צימערן און צו אָפדעקן „פלאַקאַס" אויף די ווענט.

אַרום פיר אַזייגער איז דער גאַנצער ישוב געקומען צו דער גע־ביידע פון נייען קלוב. מען האָט דערוויל געמאַכט אַ „לחיים" און מען איז געוואָרן פריילעך. דער עולם האָט זיך שוין קוים דערוואַרט צו דער פייערונג פון דער דערעפענונג. פאַרנאַכט, נאָך מנחה, האָט דער חשובער רב אביגדור שליט"אָ, פאַר דעם גאַנצן פאַרזאַמלטן

עולם, געלייענט ביי די טירן פון צענטער דאָס קאַפּטל כ"ד פון תהי־לים מיט "שאו שערים ראשיכם" און דער שוחט, משה קיימאַן, האָט געהאַלטן אַ קורצע רעדע. די טירן זיינען געעפנט געוואָרן און עס זיינען אַנטהילט געוואָרן די „פּלאַקאַס" אויף די ווענט און מויערן פון די בנינים. דער גאַנצער עולם האָט פאַרנומען פּלעצער אין דעם גרויסן „פּאַסטער־זאַל". אויף דער בינע האָבן פאַרנומען פּלעצער די געסט פון מעקסיקע און פון די פאַראייניקטע שטאַטן. אונטערן גע־זאַנג פון מעקסיקאַנער הימן און פון „התקוה" האָט אריינגעמאַר־שירט די יוגנט מיט די פענער פון מעקסיקע און ישראל און פאַר־נומען איר באַשטימטן אָרט.

עס ווערן געהאַלטן קורצע באַגריסונגען פון אָרגאַניזאַציעס און עלטערע תושבים פון מאָנטעריי, ווי יעקב לעדערבוים־מילער, רבקה קליימאַן, הערמאַן פרידשטאַט, חיה ג. מאַרקוס, רחל טשעכאַנאָווס־קי, משה פּאַסקאָוויטש. דער טאָסט־מייסטער איז געווען נחום וועג־גראָווסקי. אין נאָמען פון אַלע שילער פון דער שולע „„התקוה" האָט באַגריסט אַ מיידעלע פון 6־טן קלאַס, אסתר אָסטראָוויאַק. דער פּרע־זידענט פון אידישן צענטער, משה טעמקין, האָט דערקלערט די וויכ־טיקייט פון אויפבוי פון צענטער און אָפּשאַצנדיק די גרויסע אומ־דערמידלעכע ארבעט וואָס דער פּרעזידענט פון בוי־קאָמיטעט, הער אברהם מאַרקוסהאַמער, האָט אויפגעטאָן, דער קלערט ער אים אַלס לעבנסלענגלעכן ערן־פּרעזידענט פון אידישן צענטער. די מעלדונג ווערט אויפגענומען מיט רוישנדיקע אַפּלאָדיסמענטן פון אַלע פאַר־זאַמלטע.

דאָס וואָרט באַקומט דער פאָרזיצער פון בוי־קאָמיטעט, הער מאַרקוסהאַמער. ער דאַנקט אַלעמען פאַר דעם כבוד וואָס איז אים אָנגעטאָן געוואָרן, ער דאַנקט אַלע מיטגלידער פון קאָמיטעט, אַלע מענער און פרויען, וואָס אדאַנק זייער מיטהילף איז געוואָרן מעג־




י זר חנוכת הבית פון די אויפגעבויטע בנינים א גרויסע יידישע שול צום
דאווגען — א בנין פאר דער יידישער שולע און קולטור צענטער
אין מאנטעריי, נ. ל.
מיטגלידער פון אלע פארוואלטונגען, פונם בוי קאמיטעט און געסט
פון מעקסיקע.

לעך צו אויסבויען די שיינע בנינים, וואָס זיינען אַ שטאָלץ פאַר די אידן פון מאָנטעריי. ער דערציילט ווי שווער עס איז געווען די זאַך צו דורכפירן, ווי מען האָט אָנגעהייבן מיט גאָר קליינע זאַמלונגען און ביסלעכווייז עס פאַרגרעסערט. אָבער אַזוי ווי מען האָט אָנגע־הייבן צו בויען, האָט מען עס שוין געמוזט פאַרענדיקן. ער גיט אי־בער די שליסלען פון צענטער צו דעם פרעזידענט פון קלוב, משה טעמקין, אַלס באַווייז, אַז אַלץ איז שוין פאַרענדיקט, אונטער די רוישנדיקע אַפּלאָדיסמענטן פון אַלע פאַרזאַמלטע.

אַ גייסטרייכע רעדע האָט שפּעטער געהאַלטן דער חשובער רב הגאון המובהק, ד״ר יעקב אביגדור שליט״אַ, דערנאָך שמשון פעלד־מאַן און ירחמיאל ווישניעוויטש. ווען איך האָב באַקומען דאָס וואָרט האָט דער עולם געבעטן, אַז איך זאָל דערציילן וואָס מער פון אָנ־פאַנג פון דער אַנטוויקלונג פון אידישן ישוב אין מאָנטעריי. איך האָב זיי דערמאָנט, אַז דעם 12־טן דעצעמבער 1924, ווען מיר האָבן געשפּאַצירט אין מאָנטעריי, אין טאָג פון דער הייליקער יונגפרוי פון גוואַדאַלופּע, האָבן אונדז די מעקסיקאַנער מיידלעך פאַרוואָרפן מיט קאָנפעטי און געצווינגען צו זיך מיט פאַפּירענע סטענגעס. און איצט זיינען די אַמאָליקע בחורים זייער פיין צופרידן מיט זייערע אידישע פרויען און קינדערלעך.

און דער עולם שטורעמט ווידער און בעט, אַז איך זאָל מער דערציילן פון „אָנהייב״.

זאָג איך דעם עולם דעמזעלבן ענטפער וואָס אַ מוטער האָט געגעבן צו איר חתן־בחור, ווען ער האָט געבעטן, אַז זי זאָל אים דערציילן פון זיינע קינדער־יאָרן. האָט זי אים דערציילט אָנפאַנגענדיק פון זיין בר מצווה, ווייל פון דער גאָר פריער קינדהייט, ווען ער איז אַרומגעקראָכן אויף דער ערד און נאָס געמאַכט דאָס העמדעלע, איז נישטאָ פיל וואָס צו דערציילן און עס זיינען אויך דאָ זאַכן, וואָס

מען דאַרף גאָר פאַרגעסן. דאָס דערציִען אַ קינד ביז בר מצווה איז דער שווערסטער פּעריאָד ביי די עלטערן און צופרידן זיינען זיי צו זען זייער קינד מיט פול־באַרעכטיקונג אַלס איד.

איך בין אַוועקגעפאָרן פון מאָנטעריי שוין נאָך דער געזעל־שאַפטלעכער בר מצווה פון ישוב — האָב איך ווייטער גערעדט צום עולם — וואָס איז אויפגעקומען אין מאָנטעריי. פון דעם יאָר 1924 ביז 1939 האָבן מיר אונדזער קליינע אידישע געזעלשאַפט זייער פיין דערצויגן און מיר האָבן געפייערט די בר מצווה פון ישוב מיט די פאָלגענדע עכט־אידישע דערפאָלגן: מיט אַן אייגענער ספר תורה, מיט כשרות אין בעסטן צושטאַנד און אויך מיט אַ אידישער שולע „התקוה", וואָס איז אַ קינד פון קולטור־קלוב „התקוה". מיר האָבן אונדזער קלוב אַוועקגעשטעלט גלייך פון ערשטן טאָג אַן אויפן באָדן פון אידישקייט, מיט דעם אידישן וואָרט, מיט אַ אידישן טעאַטער און מיט טראַדיציאָנעלער, רעליגיעזער אידישקייט. און זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן, אַז ביידע אינסטיטוציעס האָבן אָנגעהייבן צו פונק־ציאָנירן חנוכה. זאָל דאָס זיין אַ ליכטיקער און שיינענדיקער סימ־באָל פאַר דער צוקונפטיקער געזעלשאַפטלעכער עקזיסטענץ. אין מדרש ווערט געבראַכט וועגן אַ שיינעם מנהג, וואָס האָט אַמאָל עק־זיסטירט אין ארץ ישראל. אַז עס איז געבוירן געוואָרן אַן אינגעלע, האָט מען געפלאַנצט אַ בוים און אויך פאַר אַ מיידעלע האָט מען געפלאַנצט אַ בוים. און אַז די קינדער האָבן חתונה געהאַט האָט מען זיי פון די ביימער אויסגעבויט אַ חופה. און אַזוי ווי איר האָט איצט פאַר אייער געזעלשאַפטלעכן קינד, וואָס איז געוואָרן בר מצווה, אויסגעבויט אַזאַ שיינע חופה פון אַזעלכע פּרעכטיקע בנינים, טאָ לאָ־מיר טאָקע שטאַרקער זיך פרייען אויף דער שמחה, ווייל גענוג האָבן מיר זיך אַלע אָנגעליטן פריער. געזונט געדענקט איר, ליבע פריינט, ווי פריילעך מיר האָבן זיך פאַרוויילט ביים עפענען דעם ערשטן קול־

טור־קלוב אויף דער גאס ארעמבערי און ווי איר האט צענויפגע־
שטעלט בענקלעך, געלייגט אויף זיי ברעטער און געמאכט א „בינע״
פאר מיינע קינדער, די ארטיסטן פון דער שולע און ווי ביי דער
ערשטער טעאטער־פארשטעלונג זיינט איר אריינגעטריבן געווארן
אין שטוב, צוליב דעם רעגן וואס האט געגאסן אויף דעם פרייען
הויף וואו איר זיינט געזעסן. איצט איז געווים שוין פיל בעסער צו
זיצן אויף ווייכע שטולן אין אזא שיינעם סאלאן און זיצן אויף אזא
גרויסער און שיין־באלויכטענער בינע. זייער פיין זיינט איר מאטע־
ריעל אויסגעוואקסן. איצט מוזט איר אויך גייסטיק אויסוואקסן און
די דאזיקע שיינע בנינים דארפט איר אויספילן מיט שיינער אידי־
שער גייסטיקייט, ווייל פיל גייסטיקע אידשע אוצרות זיינען אין
אייראפע צעשטערט און פארברענט געווארן. מיר מוזן דא פארגרע־
סערן פיל אונדזער אידישע שעפערישקייט און באשיינען אונדזערע
בנינים מיט דער עכטער רעליגיעזער אידישקייט, וואס האט אונדז
אויפגעהאלטן פאר טויזנטער יארן און נישט געלאזט אונטערגיין אלס
פאלק. ווארום מיט פיל מי און קרבנות האבן מיר דא אין מאנטעריי
געבויט אונדזער לעבן און זייער שווער איז אונדז אנגעקומען צו־
קומען צום היינטיקן צושטאנד. ווי לעבעדיק שטייט פאר מיינע
אויגן דער זינגעדיקער משה פינקלער ע״ה, מיט זיינע פארטרערטע
אויגן, ווען ער זינגט „אנא אישים חנוני!״ און דער דאקטער אלי־
ווענסקי ע״ה וואס טענהט אייך מיט מיר און מיט אנדערע אידן,
מיט גלויביקער איבערצייגונג: „לערנט מיט די קינדערלעך העברע־
איש, אזוי ארום מאכט איר זיי פאר אידן. זיי וועלן קענען עפענען
א סידור און קענען דאווענען, זיי עפענען א חומש און זיי פארשטייען
וואס זיי לייענען״. אט דערשיינט אין געדאנק די שיינע בלאנדע
פרוי שרה בארמאק ע״ה און די נאך אינגערע פון איר רבקה אס־
טראוויאק. ביידע זיינען זיי אזוי יונג פארשניטן געווארן און אי־

בערגעלאָזט צו איין קליין מיידעלע יעדע איינע. און דער אבי הי־תומים האָט אויף זיי אַכטונג געגעבן און זיי זיינען געווען פון די ערשטע תלמידות אין דער אידישער שולע פון מאַנטעריי. און נאָך יונגע בחורים, קליינע קינדער און קינדער אין שול־עלטער און די יונגעלייט יעקב ניומאַן און מאיר באַראַווסקי, זיינען שוין מער נישטאָ צווישן אונדז...

נישטאָ שוין מער צווישן אונדז דער פריילעכער ווערטל־זאָגער דוד שאַפּיר, און משה טישמאַן מיט זיין טייערער אינטעליגענץ און גראַדן שכל, וואָס פלעגט געפינען שנעלע לייזונגען צו איינשטילן די געמיטער, נישטאָ שוין מער דער לעצטנס פאַרשטאָרבענער דוד באַרמאַק ע״ה. זיי האָבן ליידער נישט דערלעבט צו זען דעם פּרעכ־טיקן אויפבוי פון צענטער, וואָס איז אפילו אין פאַנטאַזיע ביי קיי־נעם נישט געווען, ווייל דער אָנהייב איז געווען אַזוי נישטיק און קליין, אָרעם און נאָך מיט מורא זיך אַרויסצווייזן פאַר דער פרעמ־דער וועלט. און איצט האָבן מיר אַזעלכע פּרעכטיקע בנינים וואָס באַשיינען דאָס אַלץ: דאַרף מען מיט רעליגיעזער אידישקייט, וואָס האָט אונדז טויזנטער יאָרן ליכטיק געמאַכט אונדזער וועג. די בני־נים אָנפילן זאָל דאָס צוקונפטיקע לעבן פון די אידן אין מאָנטעריי זיין פריילעך און באַשיינט מיט אַ געזונטן אידישן גייסט!

דערנאָך האָט גערעדט דער דיכטער יעקב גלאַנץ, וועלכער האָט אונטערגעשטראָכן די וויכטיקייט פון אידישער קולטור אין אידישן לעבן עס האָט אויך באַגריסט דער לערער פון דער אידישער שולע אין מאָנטעריי הער יעקב לעוויטש.

דער שליח פון קרן קימת מ. קרין, און דער לערער יוסף ווי־ניעצקי. עס אַרבייטן די פאָטאָגראַפן אויף אַלע זייטן, די מוזיק שפּילט, עס ווערט סערווירט אַ גרויסאַרטיקע סעודה, און מיט די

געשמאַקע מאכלים האָט זיך דער עולם דערפרישט נאָך די לאַנגע רעדעס...

און עס טראַכט זיך: איז דאָס טאַקע שוין ווירקלעכקייט, אָדער גאָר אַ חלום, זענען טאַקע בערג מסוגל אויפהויבן דעם מענטשן צו העכערער גייסטיקייט?

אפשר איז עס נאָר ביי אידן, ווי מיר זעען עס ביי אליהו הנביא:

אַז ער איז אַרויפגעגאַנגען אויפן באַרג חורב, האָט ער דאָרטן געהערט דעם קול דממה דקה פון גאָט אַליין.

משה רבינו האָט פונם באַרג סיני באַקומען דאָס שענסטע בוך פון מאָראַל פאַר דער גאַנצער וועלט.

מ א י ר   ר אַ פּ אָ פּ אָ ר ט

# איז:

טראָגט מיך פאַנטאַזיעס צו יענעם מדבר באַרג
וואו דער הימל צו דער ערד זיך געבויגן
די אומשולדיקע כלה איר ליבע דאָרט געוועבט
און מיט הייליקער רוחניות זיך דערהויבן

די נאַכט פון ערוואַרטונג דער טאָג האָט באַהעלט
אַ פרימאָרגן פאַרוואָלקענט אין נעפּל פאַרדעקט,
נעשה ונשמע מיט איינמאָל אויסגערעדט
דעם באַרג מיט פייער פאַר אַ חופּה געשטעלט

וואָס ציטערסטו באַרג? שפּרונגסט אין דער לופטן,
ווי ציגעלעך יונגע אויף דער גרינער ערד
אַ פאָלק שטייט אַ יונגער באַפרייט ערשט פון קייטן
טראָגט פרייהייט און רעכט, פאַר אָרעמע און קנעכט.

און עס הערט זיך גאָטס שטים און די צען געבאָט
עס שיילט דער שופר, פאָלק שטייט פון ווייטן
מיט דונערן פייער ליכטיק מאַכן די וועלט
משה אין נעפּל קעמפט מיט די שאָטנס

ציטערסט מיין פאָלק ווילסט פון ווייטן שטיין
האָסטו די קאָלך אויוועגס, שוין דעמאָלט געזען?
און סיני, און שנאה פאַר נעשה ונשמע
ביי דיר אין קאָפּ געמישט זיך מיט געוויין!

מעקסיקאנער אידן צווישן בערג

איך פיל הייסע קוילן ברענען מיינע ליפּן
לייטערן אויס מיין צווייפעלדיקן ליד
ניין! פייער פון תורה וואַרעמט אין האַרצן
ליידן און בלייבן דער אייביקער איד!



קוק איך דאָ אויף אידן
ביי בערג פון מאָנטעריי
געלייטערטע פון ליידן
און געדענקען דעם סיני!

בלייבט איבער צו וואונטשן די אידן ביי די מעקסיקאנער בערג

# אז ילכו מחיל אל חיל!!!

